מאיר קאַראַנאַ

# אייגענע פּאָרטרעטן

זאמלונג פון הומארעסקעס און עסייען

פארלאג  מעקסיקע

1965

# אינהאַלט

זייט


פילאָזאָפישער שמועס צווישן פיר בטלנים — — — — — 11
די בריק פון באַשיידנקייט צו חוצפה — — — — — — — 17
„אַז דער שכן זאָגט" — — — — — — — — — — — — 22
דריי מוראס — — — — — — — — — — — — — — 27
אַ גרוס אַזאַ פון מדינת ישראל — — — — — — — — 31
אויף כפרות — — — — — — — — — — — — — — 38
הייזאַ, אַהיים אויף יום טוב! — — — — — — — — — 43
סודות — — — — — — — — — — — — — — — — 48
אוי, עס איז שלעכט! — — — — — — — — — — — 54
„אָבער עס איז אַ ליגן" — — — — — — — — — — — 56
אַ וויכטיקע נייעס מיט אַ „פיקטשע" אַ צולאָג — — — — — 58
אַ פרק יידישקייט — — — — — — — — — — — — 69
ש י כ ו ר י ם — — — — — — — — — — — — — — 76
„איך בין אַ קולטור־מענטש" — — — — — — — — — 79
גאָרנישט קיין קרומער פּלאַן — — — — — — — — — 83
דער זעקסטער חוש — — — — — — — — — — — — 89
אַ ראש השנה אין ירושלים — — — — — — — — — — 96
אַלץ קריגט מען פאַרטיק — — — — — — — — — — — 100
פילאָזאָפיע פון אַ פערד — — — — — — — — — — — 104
פסיכאָלאָגיע — — — — — — — — — — — — — — 108
ראש השנה אין שול — — — — — — — — — — — — 112
רעדן און זאָגן — — — — — — — — — — — — — 118
יידן אויף אם ירצה השם — — — — — — — — — — — 124
„אינטראָדופיטענטע" — — — — — — — — — — — — 129
יאָ, מען שפילט טעאַטער — — — — — — — — — — — 132

זייט


כשרון אַ חזיר — 137
קריטיק בלעי״ז — 140
פורימדיק — 143
איי, אַביסעלע כבוד — 149
פיר קלאַסן יורשים — 154
אַנטלויפן פון לעבן און די נקמה פון לעבן — 160
יידישקייט — 167
ביי דער שוועל פון גאולה — 172
דער פרעמדער עלעמענט — 176
ספר און בוך — 180
דער יחיד און דער כלל — 186
אמונה — גלויבן — 189
קאַרעקטורן — 195
משיחס טריט — 200
אַ כשרה מזוזה אויף אַ גוישער טיר — 205
„מאַקסיטאַרם" — 210
מיין תשובה אויף אַן האַרבער שאלה — 213
אַרבעט און קאַפּיטאַל אין ארץ ישראל — 220
יותרוס נעמען — 225
יידישקייט — וואָס מיינט עס? — 229
מיט דער מאָס פון נעכטן — 233
דורך וואָס איינער רעדט (אַ לעקציע אין פּיסקאָלאָגיע) — 236
ווי מען וויל, אַזוי זעט מען — 241
אַ גרוס פון אַ טייערן, ליבן, אינטימען חבר — 245
די ראָל פון „נעכטן" אין דעם „מאָרגן" — 251
אַ פיינער ריח — 257
פּראָבלעם „יוגנט" — 261
ווי ווערטער פאַרן זיך נישט — 267
יידן אַן געלט (כודיאָס סין דינעראָ) — 274
אַקטיוויסטן — 279
אַן גלויבן — 284
קאַראַימער און יידן! — 290
כבוד דורך קרומע וועגן — 294
קאַליע געמאַכט אַ געשעפט — 298
ריידיאָלאָגיע — 302

מיין טייערער און געטרייער לעבנס באַגלייטערין

ר י ש ק ע ן

דאָס דאָזיקע בוך געווידמעט

ליבער חבר **חיים לאזדייסקי**:

מיט טיפער ליבשאַפט דריק איך אויס מיין יישר־**כוח** איך פאַר אייער עכט־חברישער אָנשטרעגונג **ביים** קאָרעגירן און צוגרייטן צום דרוק, אַט דאָס בוך, ווען מיר איז עס פיזיש געווען זייער שווער.

**מיט דאַנקבאַרקייט**

**מאיר קאָראָנאַ**

# פילאָסאָפישער שמועס צווישן פיר בטלנים

אין איינעם אַ פאַרנאַכט פון אַ הייסן זומער-טאָג זענען, צווישן מנחה און מעריב, געזעסן פיר בטלנים אויפן גאניקל, וואָס פאַר דעם קליינעם בית המדרש אין קאָלאָניע עקים, און האָבן געשמועסט.

אַלע פיר בטלנים זענען שוין, קיין עין הרע, טיפע זקנים, דער אינגסטער פון זיי האָט זיך שוין געגרייט איבערצושפּרינגען דעם זיבעציק.

ר׳ יונה איז אַ נידעריק, געפּאַקט יידל, מיט אַ פאַרנאַכלעסיקט קליין בערדל און מיט קראַנקע רויטע אויגן. אַמאָל אין דער אַלטער היים, זאָגן זיינע לאַנדסלייט, איז ער געווען אַן אָנגעזעענער שניט-סוחר און מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ בן-תורה.

שוין גאָר אַ לאַנגע צייט, ווי זיינע קראַנקע אויגן דערלויבן אים נישט אַריינצוקוקן אין אַ ספר. איז שפּייזט זיך ר׳ יונה, גייסטיק, בלויז מיטן זכרון, אָבער אַזוי ווי זיין זכרון ווערט וואָס אַמאָל שוואַכער, איז דעריבער פאַראַן אַ גרונט צו האָפן, אַז איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, ווען ר׳ יונה וועט אָנקומען אויפן עולם האמת, וועט ער דאַרפן מון אָנהייבן פון „אלף-בית" אָן.

ר׳ נתן איז אַ ייד אַ גבר; אַ הויכער, אַ ברייטפּלייציקער, מיט אַ שיינצעקעמטער, לאַנגער, ווייסער באָרד. אין זיין געלאַסענעם מיושבדיקן גאַנג זעט ר׳ נתן אויס ווי אַן אַלטער צאַרישער גענעראַל. אין דער אַלטער היים איז ר׳ נתן געווען אַ שמיד און ער איז אַלע זיינע יאָרן געווען פון די שטענדיקע תלמידים וואָס האָבן געלערנט, צווישן מנחה און מעריב, עין יעקב ביים באַוואוסטן למדן פון שטעטל, ר׳ לייבעלע קריניקער.

ר׳ נתן איז קלאָר אין גאַנץ עין יעקב אויף אויסנווייניק; ער קען נאָכדערציילן אַלע אגדתות פון תלמוד און ער ווייסט אַפילו וואו יעדע אגדתא געפינט זיך.

ר׳ שמואל עליע, ווי גרוי זיין באָרד איז שוין געוואָרן האָט זי נאָך אַליין נישט געוואָלט אָרויסקריכן פון איר אַמאָליקער רויטקייט. אין דער היים איז ר׳ שמואל עליע געווען אַן איינבינדער; איז זיין טבע געווען, אַז אַלע ביכער וואָס מען האָט צו אים געבראַכט איינצו־בינדן האָט ער זיי געמוזט פריער איבערלייענען.

אַמאָל האָט ר׳ שמואל עליע געדינט אין צאַרישן מיליטער אין רוסלאַנד. דאָרטן האָט ער זיך אויסגעלערנט רוסיש. אַזוי האָט ער זיך אָנגעלייענט אַ וועלט מיט רוסישע און יידישע ביכער, וואָס זיינע קליענטן האָבן אים געגעבן איינצובינדן. און ר׳ שמואל עליע האָט אַן אייזערנעם זיכרון; ער קען אייך איבערזאָגן גאַנצע צענדליקער זייטלעך אויף אויסנווייניק, פון די ביכער וואָס ער האָט אַמאָל געלייענט.

ר׳ משה ברוך, מיט זיינע גרויסע וואָנצעס און צוגעשוירן קאָמעץ בערדל, גיט צו פילן, אַז ער איז אַ געוועזענער העברעישער משכיל און רוסישער אינטעליגענט, וועלכע האָט אַמאָל געדינט אַלס בוכהאַלטער אין אַ באַנק, איז געווען אַן אַבאָנענט פון נחום סאָקאָ־לאָווס „הצפירה" און זיך געריפן גאספּאָדין באָרים יאַקאָוולעוויטש ז.; היינט איז ער גבאי ראשון אין בית המדרש און ער הייסט שוין ר׳ משה ברוך, איז אַביסל טויבלעך, אַז מען דאַרף צו אים גוט שרייען אַז ער זאָל דערהערן, און אַ נאַטור האָט ער, אַז אינמיטן רעדן פאַרגעסט ער וואָס ער האָט געזאָגט און ווייסט ניט וואָס ער וויל ווייטער זאָגן.

די אַלע פיר זקנים, וואָס אַ שטורעם ווינט האָט זיי אָנגעטריבן פון ארבע פינות העולם קיין מעקסיקע, לעבן שוין היינט על חשבון פון זייערע רייכע קינדער, וועלכע האָבן אין מעקסיקע זיך גאָר הויך אַרויפגעאַרבעט.

די זקנים דאַרפן שוין היינט גאָרניט זאָרגן, אַלצדינג ווערט שוין פאַר זיי צוגעגרייט מיט אַ ברייטער און רייכער האַנט.

גייט ביי די זקנים אַוועק די גאַנצע איבעריקע צייט (וואָס בלייבט ביי זיי נאָכן דאַווענען, עסן און שלאָפן) אויף צו זיצן אין זייער בית המדרשל, אָדער אויפן גאַניק וואָס פאַרן בית־המדרשל און שמועסן

וועגן נעכטיקע טעג, אַמאָליקע יאָרן, וועגן שלעכטן סדר פון דער היינטיקער וועלט, וועגן יידישער פּאָליטיק, וועגן אַלגעמיינער וועלט־לעכער פּאָליטיק, וועגן דעם שכל פון בריאת העולם און וועגן דעם תכלית פון דער וועלט.

נו, זענען זיי געזעסן, אָט די פיר זקנים־בטלנים, אין יענעם בין מנחה למעריב און האָבן געשמועסט וועגן דעם גאַנג פון דער וועלט; וועגן דער היינטיקער פּאָליטיק פון רוסלאַנד און פון אַמעריקע; באשר בכן, אַזוי און אַזוי, דאָס און יענץ און נאָך אַזוי ווייטער.

אַזוי ווי די בטלנים זיצן אַזוי און שמועסן גיט איינער אַזוי זיך אַ פרעג.

דער ערשטער בטלן: אייגנטלעך, וואָלט איך וועלן וויסן, אפשר קענט איר מיר, יידן, דערקלערן, אויף וואָס האַלט זיך די וועלט?

צווייטער בטלן: וואָס הייסט אויף וואָס! ס'איז דאָך אַ בפירושער פּסוק „תולה ארץ על בלימה", עס הייסט אַז די וועלט הענגט אויף גאָרנישט.

דריטער בטלן: איך פאַרשטיי ניט, אויב די וועלט הענגט אויף גאָרנישט מוז דער גאָרניט אויך זיין אַן עפּעס, וואָס די וועלט זאָל זיך אויף דעם קענען האַלטן. איז ווי זשע קען עס זיין, אַז די זעלביקע זאַך זאָל אין דער זעלביקער צייט זיין אי גאָרנישט אי עפּעס.

פערטער בטלן שווייגט.

ערשטער בטלן: איי, איי, איי, זייער גוט געפרעגט, ווי קען עס טאַקע זיין, אי גאָרנישט אי עפּעס, אויף וואָס די וועלט זאָל זיך קענען האַלטן?

צווייטער בטלן: ש־ש־ש, איך האָב עס געפּאַקט, איך וועל אייך באַלד אויפווייזן און דערקלערן אַז עס קען גאַנץ גוט מעגלעך זיין, אי אַ גאָרנישט און אי אַן עפּעס. אַ וואונדערבאַרער געדאַנק איז מיר איינגעפאַלן. יאָ, יאָ, ס'איז מעגלעך! אַנו למשל נעמט מיין זון, איז ער פון דער היים אַ גאָרנישט שבגאָרנישט, אַ שאַרלאַטאַן, אַ ווילדער יונג, אַ טויבן־כאַפּער: ער איז געווען אַ גאָרנישט, איז געבליבן אַ גאָרנישט און וועט זיין אַ גאָרנישט; איז ער אין מעקסיקע געוואָרן אַ גאַנצער עפּעס. וואו אַ פאַרזאַמלונג, וואו אַן אסיפה, וואו אַ מיטינג, וואו אַ צוזאַמענקום, איז ער דאָרטן אַ רעדנער, און וואו איר ווילט

אַ חברה, אַ אינסטיטוציע, אַ פאַראיין, איז ער דאָרטן אין דער פאַר־וואַלטונג. זעט איר שוין, יידן, אַז עס קען זיין אין דער זעלביקער צייט אי אַ גאָרנישט אי אַן עפּעס.

דריטער בטלן: הייסט עס, איר מיינט צו זאָגן, אַז אויף אייער זון האַלט זיך די וועלט, און ווי וועט זיין איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, אַז אייער זון וועט שוין מער נישט זיין, אויף וואָס וועט זיך דעמאָלסט האַלטן די וועלט?

פערטער בטלן שווייגט.

ערשטער בטלן: איי, זאָלט איר געזונט זיין. פאַרוואָס פאַרשטייט איר נישט. ערשטנס איז דעם יידס זון נישט דער איינציקער גאָרנישט אויף דער וועלט, עס זענען פאַראַן גענוג אַזעלכע גאָרנישטן, וואָס זענען אי גאָרנישט אי עפּעס, אויף וועמען עס האַלט זיך די וועלט. און אַפילו ווען די צייט וועט קומען און די אַלע אַלטע גאָרנישטן וועלן זיך אַוועקשאַרן, וועלן אונטערוואַקסן געגוג נייע גאָרנישטן, אויף וועמען די וועלט וועט זיך ווייטער האַלטן, אַזוי אַז די וועלט וועט קיינמאָל נישט אונטערגיין.

צווייטער בטלן: איי, איי, איי, זייער גוט געזאָגט, און מיט חכמה געזאָגט!

דריטער בטלן: כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת, יידן, מיר איז די גאַנצע זאַך אַביסל קשה. איך הייב עס לגמרי נישט אָן צו פאַרשטיין. נאָך אייך נאָך קומט אויס, אַז דער טייטש פון „תולה ארץ על בלימה" מיינט צו זאָגן אַזוי: גאָט האָט אויפגעהאַנגען די וועלט אויף דעם גאָרנישט, אָדער אויף אַ סך גאָרנישטן, אַז זיי זאָלן פירן די וועלט. אויב אַזוי איז דאָך די קשיא, צו וואָס זאָל עס דער רבונו של עולם האָבן געטאָן אַזאַ קרומע זאַך; וואָלט דען נישט, על פי שכל, גלייכער געוועזן ווען כביכול זאָל געוועזן אָנהענגען די וועלט אויף צדיקים, לומדים, יראי שמים, שיינע יידן, אַז זיי זאָלן פירן די וועלט?

פערטער בטלן שווייגט.

ערשטער בטלן: איי זאָלן איר געזונט זיין. פאַרוואָס פאַרשטייט איר נישט, די זאַך איז זייער פשוט: שטעלט אייך פאָר ווען דער רבונו של עולם זאָל געוועזן זאָגן, אַז ער הענגט אָן די וועלט אויף

צדיקים און לומדים, וואָלט באַלד געווען זיך אָנגעהויבן אַ קריגעריי, אַ מחלוקת, אַ געשלעגעריי און אַ רייסעריי, ווער ס'איז אַ גרעסערער צדיק, צי אַ גרעסערער למדן, און אויף וועמען דער עיקרשט ס'האָלט זיך טאַקע באמת די וועלט. און אַזוי, זיך קריגנדיק און זיך רייסנדיק, וואָלט דערווייל די וועלט איינגעפאַלן. אָבער ווען דער אויבערשטער האָט געזאָגט, אַז ער האָט אָנגעהאָנגען די וועלט אויפן גאָרנישט, האָט ער זיך קודם פאַרזיכערט אַז מען וועט זיך שוין נישט קריגן; וואָרן ווי פאַרשטייט איר, יידן, וועט דען עמיצער קומען און שרייען אַז ער איז דער גרעסטער גאָרנישט? אַ, ניין, דאָס וועט קיינער נישט וואָגן צו טאָן. אַזוי אָרום האָט זיך כביכול פאַרזיכערט מיטן קיום פון דער וועלט.

צווייטער בטלן: אָ־אָ־אָ, מ־מ־מ, זייער גערעכט, דאָס אַלצדינג האָט גאָט געטאָן מיט גרויס חכמה. אָ, איצט פאַרשטיי איך וואָס דוד המלך האָט געמיינט אין תהילים: מה רבו מעשיך ה׳, כולם בחכמה עשית" — ווי גרויס זיינען דיינע ווערק, גאָט, אַלץ האָסטו געמאַכט מיט חכמה. איי, איי. אָט דאָס הייסט חכמה!

דריטער בטלן: איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, יידן, ביי מיר איז עס גאָר נישט אויפן שכל אַזוי פשוט ווי איר ווילט. כ'מוז וועגן דעם גוט נאָכטראַכטן.

פערטער בטלן (וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן): און איך וועל אייך זאָגן, יידן, אַז איר זענט אַ בינטל בטלנים; איר זאָלט מיר מוחל זיין, איר הייבט נישט אָן צו וויסן וואָס איר רעדט. הערט בעסער וואָס איך וועל אייך זאָגן: ווען איך בין געווען אַ קליין אינגל האָט מיך מיין טאַטע ע"ה מיטגענומען צום רבין. דער רבי איז געווען אַ גרויסער צדיק, געדענק איך נאָך ווי איצט ווי דער רבי האָט געזאָגט, אַז די גאַנצע וועלט האַלט זיך אויפן ווייִדל פון לויתן.

ערשטער בטלן: אָט נאַדיר גאָר אַ נייעס, אויפן לויתן גאָר! וואו האָט איר ערגעץ אַזאַ פסוק? מילא „תולה ארץ על בלימה" אַז די וועלט הענגט אויף גאָרנישט, איז פאַראַן אַ פסוק, אָבער זוכט אדרבה און געפינט ערגעץ אַ פסוק, וואָס זאָל זאָגן אַז די וועלט האַלט זיך אויפן ווייִדל פון לויתן?

צווייטער בטלן: און ווי וועט זיין, אַז משיח וועט קומען און דער רבונו של עולם וועט צורעכט מאַכן דעם לויתן פאַר די צדיקים וועגן אין גן עדן, וואָס וועט דאַמאָלסט זיין מיט דער וועלט?

מ׳דאַרף וועגן דעם גוט נאָכטראַכטן.

פערטער בטלן: שאַט, שאַט, קאַכט זיך נישט אַזוי און שרייט נישט! לאָזט אויסרעדן. איר האָט מיר איבערגעהאַקט אין מיטן. ערשטנס, וויל איך אייך זאָגן, אַז דעם רבינס ווערטער זענען הייליקער ווי אייער פסוק, ווארן וויסן זאָלט איר, אַז דער רבי איז געווען אַ גרויסער צדיק, ער איז אַליין געווען אַ פסוק. צווייטנס, וואָס איר פרעגט: וואָס וועט זיין אַז משיח וועט קומען? האָט דער הייליקער צדיק, מיין טאַטנס רבי, דאָס אויך באַוואָרנט, ער האָט געזאָגט, אַז עס זענען פאַראַן צוויי לוויתנס, אַ זכר מיט אַ נקבה. אַז משיח וועט קומען וועט דער רבונו של עולם אָוועקהרגענען דעם לוויתן־נקבה פאַר די צדיקים וועגן, און דער זכר וועט אויף אייביק בלייבן לעבן, כדי אויף אים זאָל זיך ווייטער האַלטן די וועלט.

ערשטער בטלן: אפשר וואָלט געווען פאַרקערט?...

צווייטער בטלן (דראָענדיק מיטן פינגער צום ערשטן בטלן): איי, איי, איי, איר וואַקסט דאָך אַ שייגעץ!

דערווייל האָבן זיך אויפן הימל באַוויזן דריי שטערנס און דער שמש האָט אַריינגערופן דאַווענען מעריב.

און דער פילאָסאָפישער שמועס צווישן די פיר בטלנים איז געבליבן ניט פאַרענדיקט.

# די בריק פון באַשיידנקייט צו חוצפּה

די דאָזיקע בריק איז אַ לאַנגע און אַ שמאָלע, זי האָט אין זיך אַ סך געפאַרן, דאָך רייסן זיך גענוג מענטשן צו דער דאָזיקער בריק. זיי ריזיקירן. עס לאָקט זיי די צווייטע זייט. זיי האָבן די זיכערקייט, אַז דאָרטן וועלן זיי זיך דערהייבן און האָבן די מעגלעכקייט צו דער־קלעטערן צום שפּיץ פון געזעלשאַפטלעכן כבוד־לייטער.

קריכן אַדורך אָט דער בריק, וואָס פירט צו חוצפּה, אַזעלכע וואָס פאַרמאָגן אין זיך גענוג איינשטעלערישע געוואַגטקייט, און איבער־הויפּט — ווען זיי האָבן נישט קיין אַנדערע ברירה.

אַממערסטנס לאָזן זיך אַוועק, אויף דער דאָזיקער בריק, מענטשן פאַרשיכורטע, אַזעלכע וואָס ווען זיי וואָלטן געווען ביים קלאָרן, ניכטערנעם פאַרשטאַנד וואָלטן זיי אויף אַזאַ געפערלעכן וועג נישט געוואַגט זיך אַוועקצולאָזן. אָבער — איינער וואָס געפינט זיך אין אַ פאַרשיכורטן צושטאַנד זעט שוין אַלצדינג אינגאַנצן אַנדערש. ער זעט שוין דאַמאָלסט נישט קיין געפאַרן פאַר זיך. ער זעט בלויז נאָר זיין אייגענעם שטאַרקן חשק און געגאַרטן פאַרלאַנג.

און פאַרשיכורט זענען זיי, די בריק־דורכגייערס, נישט פון וויין און נישט פון אַנדערע שאַרפע געטראַנקען, חלילה! זיי זענען טאַקע פאַרשיכורט, אָבער פון גאָר אַנדערע זאַכן.

איינער, למשל אַ קבצן, וואָס האָט זיך שטענדיק געמאַטערט אויף פּרנסה, אין אַ געוועלבל ערגעץ, דער קאָפּ איז אים געווען פאַר־נומען מיט ניכטערע רעאַלע אינטערעסן, איז אים דאַמאָלסט גאָר־נישט געלעגן אין זינען אַזעלכע נאַרישקייטן, ווי יאָגן זיך נאָך כבוד,

צו קריכן אַהין וואו מ׳דאַרף נישט און צו שטרעבן נאָך זאַכן וואָס זענען איבער זיינע ווערט־לאָזע כוחות צו דערגרייכן. האָט ער אָבער מיטאַמאָל אריינגעקריגן (ווי אַזוי איז נישט וויכטיק) אַ היבשן קאַפּיטאַל און ער איז פון דעם פאַרשיכורט געוואָרן. דער קאָפּ האָט זיך אים גענומען פאַרדרייען, די נאָז האָט זיך אים פאַרריסן, און אַזוי — אין פאַרשיכורטן צושטאַנד — האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט אויף דער בריק וואָס פירט צו חוצפה.

פריער, אין קלאָרן, ניכטערנעם, קבצנישן צושטאַנד, וואָלט אַזאַ איינער קיינמאָל נישט געוואגט צו קריכן אויף אַזאַ בריק. ער וואָלט נישט געוואָלט זיך אויסשטעלן צו חוזק — געפאַרן. אָבער איצט, אין פאַרשיכורטן צושטאַנד, האָט ער זיך איינגאַנצן פאַרגעסן, און מיט שיכורן מוט האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט איבער דער בריק, גלייך אַהין צום צווייטן ברעג, צום ברעג פון חוצפה, מיט דער פולער זיכערקייט, אַז ער וועט בשלום אַריבער דער בריק, און דאַמאָלסט, אָה דאַמאָלסט... וועט שוין דער וועג זיין פאַר אים פריי צו דערדראַפּען זיך, אויף די הויכע שטאַפּלען פונם געזעלשאַפטלעכן כבוד־לייטער...

איינעם ווידער האָט גאָר געטראָפן אַזאַ אומגליק:

פון תמיד אָן איז ער געווען אַ באַשיידענער יונגערמאַן. כאָטש ער פלעגט אָפּט בייזיין ביי געזעלשאַפטלעכע פאַרזאַמלונגען, האָט ער אָבער קיינמאָל נישט געוואגט צו עפענען דאָס מויל. זיך צו אָנרופן ערגעץ מיט אַ וואָרט. ער האָט זיך גוט געקענט (דאָס איז אויך אַ מדרגה) און ער האָט געוואוסט אַז וואָס ער וועט זאָגן וועט זיין אַ נאַרישקייט.

איינמאָל — ער ווייסט אַליין נישט וואָס מיט אים איז דאַמאָלסט געשען — ווען ער איז געווען אויף אַ פאַרזאַמלונג פון מענטשן, האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט. דאָס וואָרט איז גראַד געווען אויפן פּלאַץ, עס איז געווען זייער גוט געזאָגט. אַלע פאַרזאַמלטע האָבן אים אַפּלאָדירט און די וואָס זענען געזעסן נאָענט נעבן אים האָבן אים שטאַרק געדריקט די האַנט, פאַר זיין ריכטיקן און לאָגישן געדאַנק וואָס ער האָט צופליק אַרויסגעזאָגט.

אין יענער נאַכט האָט זיך אונדזער העלד געחלומט, אַז ער שטייט אויף אַ טריבונע פון אַ גרויסן זאַל, וואו עס זענען פאַרזאַמלט טויזנטער מענטשן. ער שטייט און דרשנט, און דער גאַנצער עולם הערט

זיך צו מיט באַגייסטערונג צו זיינע קלוגע ווערטער, און ווען ער האָט געענדיקט האָט געהילכט און זאַל פון די רווישנדיקע אַפּלאַדיסמענטן, וועלכע האָבן אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט.

כאָטש ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט ער געזען, אַז עס איז נישט מער ווי חלום, נאָר ער איז אַזוי פאַרשיכורט געוואָרן פונם זיסן חלום, אַז דער קאָפּ האָט זיך אים פאַרדרייט און ער האָט שוין אָנגעהויבן צו חלומען וואַכעדיקערהייט דעם זעלביקן חלום, וואָס ער האָט געזען אין שלאָף.

און אַזוי, אין זיין פאַרשיכורטקייט, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט אויף דער בריק, וואָס פירט פון באַשיידנקייט צו חוצפּה. און ער איז געוואָרן זיכער ביי זיך, אַז אויף יענער זייט בריק וואַרט אויף אים די פאַרווירקלעכונג פון זיין חלום.

אָדער לאָמיר נעמען אַט דעם פאַל:

די געזעלשאַפט „מעגלי צדק" האָט אַמאָל געציילט אַ סך הונדער־טער מיטגלידער און זי איז געווען פאַררעכנט צווישן די ערשטע פאַרנעמפולע געזעלשאַפטן, מיט אַ באַרימטן נאָמען אפילו אין אויס־לאַנד. די פאַרוואַלטונג איז דאַן באַשטאַנען פון 20 מיטגלידער, אַלע אַקטיווע און ענערגישע עסקנים. צו זיין אַ פאַרוואַלטונגס מיטגליד אין „מעגלי צדק" האָט זיך גערעכנט פאַר אַ גרויסן כבוד. ווער שמועסט נאָך אויפן כבוד צו זיין אַ פּרעזידענט פון „מעגלי צדק" האָבן נאָר געציילטע מיטגלידער געקענט האָפן.

אַז ס'פלעגט קומען די צייט פון אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, האָט וואַכן פריער זיך גערודערט און געטומלט, ווי אויף אַן אמתן וואַל־יאַריד. פאַרשידענע גרופּעס, מיט אויסגעשטעלטע קאַנדידאַטן ליסטעס, האָבן געפירט צווישן זיך אַ פאַרביטערטן קאַמף. יעדע גרופּע מיט איר ליסטע האָט געזוכט צו פאַרזיכערן זיך מיט אַ גענו־גנדער צאָל אָנהענגערס. ווער שמועסט נאָך — אינם אָוונט פון דער אלג. פאַרזאַמלונג, האָבן הונדערטער צעהיצטע געמיטער געזידט און געקאָכט, ווי להבדיל צו פאַרלאַמענטוואַלן. און — עס איז געווען לעבעדיק.

איז דאָך אָבער אַזוי איינגעשטעלט די וועלט: מענטשן עלטערן זיך און אויך געזעלשאַפטן עלטערן זיך. האָט די געזעלשאַפט „מעגלי צדק" זיך גענומען ביסלעכווייז עלטערן און עלטערן ביז זי איז

פאַרעלטערט געוואָרן. דורך די יאָרן איז דער אינטערעס צו „מעגלי צדק״ אָפּגעקילט געוואָרן.

מיטגלידער זענען אָפּגעפאַלן מאַסנווייז און קיין בעלנים, וואָס זאָלן האָבן חשק צו פאַרנעמען אַ בענקל אין דער פאַרוואַלטונג האָט זיך שוין אַזוי לייכט נישט געפונען. ביז עס איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז צו אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אין „מעגלי צדק״ זענען קוים געקומען אַ צענטליק מענטשן און אַמאָל דאָס אויך נישט. איז פון וועמען זשע זאָל מען וויילן אַ פאַרוואַלטונג? איז בלית ברירה געבליבן, אַז די זעלביקע מיטגלידער, וואָס זענען געקומען צו דער „אַלג. פאַרזאַמלונג״, זאָלן זיך דערקלערן אַלס פאַרוואַלטונג פון „מעגלי צדק״. אָבער אַ פּרעזידענט האָט קיינער, אויף קיין פאַל, נישט געוואָלט ווערן. יעדער איינער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון דאָזיקן אמט, אונטער פאַרשידענע תירוצים.

איינמאָל, אין אַזאַ פאַרצווייפלטן מאָמענט, ווען קיינער האָט נישט געוואָלט אָנעמען דעם פּרעזידענטן־אמט, איז פונקט דאָרטן געווען חיים יואל, אויף וועמען מ׳פלעגט זיך גאָר קיינמאָל נישט אומקוקן. (חיים יואל איז אַ שטיל באַשיידן יידל געווען, אַ פּשוטער חיי וקיים, אָן חכמות און אָן...) איז דאַמאָלסט איינעם איינגעפאַלן אַ געדאַנק: „זאָל חיים יואל ווערן פּרעזידענט״ און אַלע האָבן באַלד מסכים געווען.

חיים יואל אָבער האָט זיך פאַרשעמט פאַרן דאָזיקן פאָרשלאָג. ער האָט געמיינט אַז דאָס מאַכט מען פון אים חוזק. האָט מען געמוזט חיים יואלן אַריינהאַקן אין קאָפּ אַריין און געבן צו פאַרשטיין אַז מען מיינט דאָס גאַנץ ערנסט, און אַז ער חיים יואל איז אַבסאָלוט ראוי צו זיין פּרעזידענט פון „מעגלי צדק״. ערשט איצט האָט חיים יואל פאַרשעמטערהייט דערקלערט אַז ער קען נישט שרייבן און לייענען, נישט מער וואָס אונטערשרייבן זיך קען ער. האָט מען ווידער געמוזט געבן צו פאַרשטיין חיים יואלן אַז אַ פּרעזידענט דאַרף נישט קענען לייענען און שרייבן, אַז עס איז פאַראַן אַ סעקרעטאַר וואָס שרייבט און לייענט פאַר אים. דער פּרעזידענט דאַרף זיך נאָר אונטערשרייבן דעם נאָמען זיינעם און דאָס קען ער דאָך יאָ.

איר הערט יידן, ווען איר קוקט היינט אַן חיים יואלן וואָלט איר אים נישט דערקענט. איר דאַרפט זען מיט וואָס פאַראַ תקיפות חיים יואל פירט אַ זיצונג. און טאָמער מאַכט ער אַ פאָרשלאָג, טאָר נישט

קיינער וואגן צו זיין קעגן, וואָרן באַלד קלאַפּט חיים יואל אין טיש און שרייט אוים מיט גדלות: „מיר דעם פּרעזידענט וועט קיינער נישט איבערשפּאָרן". און אַז דער סעקרעטאַר שרייבט אָן אַ בריוו און חיים יואל דאַרף אים אונטערשרייבן, איז קודם נעמט ער דעם בריוו אַ היים, אַז דאָס ווייב זיינס זאָל אים איבערלייענען, דערנאָך ערשט ברענגט ער צוריק דעם בריוו צום סעקרעטאַר, מיט דער חוצפּהדיקער באַמערקונג: „דער פּרעזידענט פון „מעגלי צדק" וועט אַזאַ נאַרישן בריוו נישט אונטערשרייבן, שרייבט אָן ביטע אַ צווייטן בריוו — אַ קלוגערן". און אַז די פאַרוואַלטונג נעמט אָן אַ געוויסן באַשלוס איז נאָך דאָס פאַר חיים יואלן ווינציק, פריער מוז ער זיך באַראַטן מיטן ווייב, הערן וואָס זי זאָגט צו דעם. און טאָמער זאָגט דאָס ווייב — „נישט", מעג מען שוין דעם באַשלוס פון דער פאַר־וואַלטונג אַריינוואַרפן אין מיסט אַריין, עס וועט איין גאָרנישט העלפן.

און וויזיט קאַרטלעך האָט חיים יואל זיך געמאַכט וואו עס שטייט אָפּגעדרוקט שוואַרץ אויף וויים, מיט גרויסע אותיות: חיים יואל, פּרעזידענט פון „מעגלי צדק"; און אַז מ'פרעגט אים, דורכן טעלעפאָן, ווער עס רעדט, ענטפערט ער: דאָ רעדט דער פּרעזידענט פון „מעגלי צדק".

מאַכט אַמאָל איינער אַ שמועס מיט חיים יואלן וועגן דער געזעלשאַפט „מעגלי צדק" און וועגן דער פאַרוואַלטונג, צעכעסט זיך חיים יואל און שרייט אוים.

— וואָס געזעלשאַפט ווען געזעלשאַפט? וואָס פאַרוואַלטונג וועז פאַרוואַלטונג! „מעגלי צדק" דאָס בין איך, איך און נאָר איך.

און איך וואָלט געוואָלט :ען זוער עס וועט וואַגן מיט מיר זיך צו פאַרמעסטן.

אַזוי פאַמעלעך, לאַנגזאַם, נאָר אומבאַמערקט, איז זיך חיים יואל דורכגעקראָכן דורך דער בריק, וואָס פירט פון באַשיידנקייט צו חוצפּה, און ער איז שוין דאָרטן פאַרבליבן.

שטייען מענטשן און שטוינען:

— פון וואַנען האָט זיך גענומען צו חיים יואלן, אַזאַ שטיל באַ־שיידן מענטשל ווי ער איז געווען, פון וואַנען האָט זיך מיטאַמאָל צו אים גענומען אַזוי פיל חוצפּה.

איז דער תירוץ אַ פּשוטער:

— ער איז פאַרשיכורט געוואָרן!

# „אַז דער שכן זאָגט“

ער האַלט זייער שטאַרק פון זיין שכן. נאָך זיין מיינונג איז דער שכן דער קליגסטער מענטש און מיט זיין וואָרט און מיט זיין עצה מוז מען זיך רעכענען.

דריי מעלות האָט ער דער שכן זיינער: איינס — וואָס ער איז אַ גוי (טאַקע אַן אמתער גוי, נישט קיין געוואָרענער) און אַ גוי אַז ער זאָגט, ווייסט ער וואָס ער זאָגט. צוויי — וואָס ער איז אַ בעקער און אַז אַ בעקער איז אַ קלוגער מענטש דאָס ווייסט ער נאָך פון דער אַלטער היים. אין זיין שטעטל איז געווען אַ בעקער האָבן אַלע מענטשן געפרעגט ביי אים עצות. דריי — דער שכן האָט ליב אַ כוסה און אַ פעסטע, אַזוי אויף אַ רעכט צין אמת, דאָס דערמאָנט אים אין דעם טאַטן זיינעם, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן.

איז וואָס דער שכן זאָגט איז ביי אים היייליק, נאָך וועלכן מיר דאַרפן אפילו ניט נאָכטראַכטן. האָט איינמאָל דער שכן אים געזאָגט אַז זיין נאָמען, חיים שמעון, געפעלט אים נישט. פיל בעסער וואָלט געווען ווען ער רופט זיך לואיס און אויך האָט דער שכן געזאָגט אַז דעם ווייבס נאָמען, ביילע, געפעלט אים נישט, נאָר בעסער וואָלט געווען ווען זי רופט זיך סעציליאַ, איז עס שוין ביי אים אַזוי געבליבן: הייסט ער פון דאַמאָלסט אָן לואיס און זיין ווייב — סעציליאַ, וואָרן אַז דער שכן זאָגט, ווייסט ער וואָס ער זאָגט.

און דער שכן האָט צוויי אויסדריקן אויף יאָ געפעלן און נישט געפעלן. זאָגט ער „פיאַטשאַ“ איז אַ סימן אַז עס געפעלט אים. זאָגט ער אָבער „פוטשאַלאַ“ איז אַ סימן אַז עס געפעלט אים נישט.

אַזוי טוען זיי נישט קיין שום זאַך, פון דאַנען ביז אַהין, נישט לואיס און נישט סעציליאַ, ווי זיי זאָלן פריער נישט באַראַטן זיך מיט זייער קלוגן שכן.

זייער זיבעצן־יאָריקע טאָכטער, לוקרעסיאַ, גייט אַרום, שוין אַ לענגערע צייט, מיט אַ בחור. האָבן זיי דאָך געוואָלט וויסן, צי איז דער בחור פּאַסיק צו זיין דער חתן פון זייער טאָכטער, האָט מען דעם בחור גענומען צום שכן אויף אַ פאַרהער. נו, צו לוקרעסיאַס צו־פרידנקייט האָט דער שכן, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרהערט דעם בחור, געזאָגט „פּיאַטשאַ". איז אין אַ מזלדיקער־שעה געשלאָסן געוואָרן דער שידוך. אָבער, שטעלט אייך פאָר, ווען חלילה דער שכן וואָלט געזאָגט „פּוטשאַלאַ" וואָלט געווען גרויסע צרות.

איינמאָל איז צו זיי געקומען אַ גאַסט פון די פאָר. שטאַטן, סעצי־ליאַס אַ מומע, איר מאַמעס אַ שוועסטער; ווי געוויינטלעך האָט מען דאָס ערשטע פאַרגעשטעלט דעם גאַסט פאַרן שכן. האָט עפּעס דער גאַסט נישט נושא חן געווען ביים שכן. האָט ער נישט מער און נישט ווייניקער געזאָגט פּוטשאַלאַ; נו, האָט מען שוין מער נישט באַדאַרפט. באַלד האָט מען שוין געזוכט מיט אַלע מעגלעכקייטן אַז דער גאַסט זאָל וואָס פריער זיך אָפּטראָגן צוריק אַהיים. אַז דער שכן זאָגט, מסתם ווייסט ער וואָס ער זאָגט.

חיים שמעון און זיין ווייבביילע זענען מענטשן וואָס האָבן ליב פון שטענדיק אַן גוט אַריינצועסן. אגב — לאָזט זיך דאָס גוט אָנזען אין זייערע פעטס־געבויטע געשטעלן. געפילטע פיש, געהאַקטע לע־בערלעך, ציבעלעס מיט שמאַלץ, לאָקשן מיט יויך, צי קניידלעך אָדער קרעפּלעך, אַ היפשן טעלער פלייש, אַ צימעס, און דערנאָך טיי מיט קיכלעך אויף פאַרבייסעכץ — דאָס איז געווען ביי זיי פון די געוויינטלעכע וואָכעדיקע מיטאָגן. און פאַרוואָס דען נישט, אַז די קעשענע קען דערלויבן און די מאָגנס קענען פאַרדייען, זאָל מען האָבן הנאה פון לעבן. האָבן זיי אָבער איינמאָל פאַרבעטן דעם שכן אויף מיטאָג, האָט ער אויף אַלע מאכלים פאַרדרייט מיט דער נאָז און צוגעגעבן: „יידישע עסנס — „פּוטשאַלאַ". נו, מער האָט מען שוין נישט באַדאַרפט, אַז דער שכן זאָגט, מסתם ווייסט ער וואָס ער זאָגט.

פון יענעם טאָג אָן איז ביי לואיסן מיט סעציליאַן פאַרשוואונדן געוואָרן פון קיך און פון טיש די אַלע באַליבטע יידישע מאכלים,

וואָס דאָס האַרץ גייט אוים נאָך זיי. פאַרפאַלן, נישטאָ קיין ברירה, מען קען זיך גאַרנישט העלפן. אַז דער שכן האָט געזאָגט „פוטשאַלאַ" מסתם ווייסט ער וואָס ער זאָגט.

האָט זיי דער שכן אויסגעלערנט ווי אַזוי צו עסן ווי מענטשן, פונקט ווי ער האָט זיי אויסגעלערנט אַז מ'דאַרף זיך רופן מיט נעמען ווי מענטשן. און דער נאַטירלעכער מענו, ווי אַזוי מענטשן דאַרפן עסן — האָט דער שכן געגעבן צו פאַרשטיין — איז פאָלגנדער: **טאַקאָס, ענטשילאַדאָס, קעסאַדיאָס, טשילאַקילעס, טשאַלופאָס, מאָלע, טאָסטאַדאָס, קאַמאַראָנעס, אַלמעכאַס, אָסטיאָנעס, לאַנגאָסטאָס, לאַנגאָסטינאָס, כאַיוואָס,** און נאָך אַזוי ווייטער.

און אַז דער שכן זאָגט, מסתם ווייסט ער וואָס ער זאָגט.

פון דאַמאָלסט אָן זענען זיי לואיס און סעציליאַ, געוואוינט צו די אַלע נייע מאכלים... פאַרפאַלן, נישטאָ קיין ברירה, מען מוז דאָך פאָרט זיך אויסלערנען צו עסן ווי מענטשן, וואָרן אַז דער שכן זאָגט מסתם ווייסט ער וואָס ער זאָגט. דערפאַר אַז דער שכן קומט צו זיי עסן און גאַנץ אָפט איז ער זיך מחיה, אַ סימן — ער זאָגט „פיאָטשאָ" און דאָס איז שוין גענוג.

לואיס ש. — ווי איר ווייסט — איז דאָך היינט אַ גאַנצער, ווי רופט מען עס. אָבער נישט שטענדיק איז ער געווען אַ... אַמאָל איז חיים שמעון געווען אַ פשוטער בחור, אַ קאַמאַשן-שטעפּער. חברים האָבן אים גערופן „שמעקדע". אָבער וואָס איז דען דאָס וויכטיק. דער עיקר איז וואָס חיים שמעון איז פון שטענדיק אָן געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון יידישע ביכער. לייענען איז ביי אים געווען דאָס חיות. און ער האָט זיך געהאַט זיין אייגענע מיינונג, וועלכע ביכער זענען גוטע און וועלכע נישט.

אָבער לואיס ש. האָט שוין גענומען פרעגן ביים שכן אַ מיינונג וועגן זיינע יידיש-געלייענטע ביכער. ער פלעגט פאַרן שכן איבער-דערציילן דעם גאַנצן סיפור המעשה פון ביכל מיט אַלע איינצלהייטן. האָט דער שכן געזאָגט „פיאָטשאָ" האָט לואיס געוואוסט אַז ס'איז ניש וואָס ער לייענט אויף יידיש. האָט איינמאָל דער שכן געגעבן געוואוסט אַז דאָס ביכל טויג אין דער ערד. האָבן שוין געמעגט קומען הונדערטער מענטשן מיט אַן אַנדערער מיינונג האָט מען שוין לואיסן נישט געקענט איבערשפּאַרן. פאַר אים איז געווען איין געזעץ: אַז דער שכן זאָגט, מסתם ווייסט ער וואָס ער זאָגט.

איז אָבער דעם שכן נמאס געוואָרן די גאַנצע פּראָצעדור, וואָס לואיס פאַרנודעט אים ווען ער דערציילט פאַר אים איבער אין שפּאַניש וואָס ער לייענט אויף יידיש. האָט איינמאָל דער שכן געגעבן לואיסן צו פאַרשטיין, אַז עס איז בכלל נישט נויטיק, נישט פּאַסיק, נישט שיין און נישט אָנשטענדיק צו לייענען ביכער אין יידיש, אַז מען לעבט אין מעקסיקע דאַרף מען לייענען אויף דער שפּראַך פון לאַנד, אויף שפּאַניש. אויך האָט דער שכן געגעבן לואיסן צו דערקלערן, אַז מענטשן קומען אַריין אין הויז דאַרפן זיי אין דער ביכער שאַנק זען שפּאַנישע ביכער, נישט קיין פרעמדשפּראַכיקע ביכער.

נו, אַז דער שכן זאָגט, מסתם ווייסט ער וואָס ער זאָגט.

וועט מען שוין דערפאַר מער נישט געפינען קיין איין יידיש בוך אין זיין ביכער־שאַנק ביי לואיסן, נאָר דורכויס ביכער אין שפּאַניש. די יידישע ביכער זענען פאַרפּאַקט געוואָרן און ער בעט זיך ביי פאַרשידענע יידישע ביבליאָטעקן, אַז מ'זאָל קומען און צונעמען ביי אים די יידישע ביכער, וואָס ער האָט אין גאַר אַ גרויסער צאָל.

האָט פּאַסירט: לואיס ש. האָט איינגעהאַנדלט אַ סעט ביכער פון אַ באַרימטן יידיש־שרייבער, איבערזעצט אין שפּאַניש, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אַרגענטינע. דאָ האָט לואיס ש. געוואָלט שיסן צוויי האזן מיט איין מאָל: אי ער וועט זיך קוויקן מיט זיין באַליבטן שרייבער, וועלכן ער לייענט שוין יאָרן לאַנג (זאָל זיין אין שפּאַניש), אי ער וועט צופרידנשטעלן דערמיט זיין שכן, ווייל די ביכער זענען דאָך שוין, ווי ער וויל, אויף זיין לאַנדס־שפּראַך. מיט גרויס פרייד טראָגט לואיס ש. אַוועק אַ בוך אויף מבינות, צום שכן כדי אים צו דערפרייען און ווייזן ווי ער טוט אים צוליב.

ווי דערשטוינט אָבער איז לואיס ש. געוואָרן (ווייזט אויס, אַז דער שכן איז געווען גראַד אונטערן גלעזל אָדער סתם אַזוי אין אַ שלעכטער שטימונג), ווי דער שכן האָט נאָר איבערגעלייענט די ערשטע עטלעכע בלעטלעך האָט ער אַוועקגערוקט דעם בוך און אויסגעשריגן: „פּוטשאַלע". כאָטש לואיסן האָט ס'גוט ווי געטאָן, אָבער פאַרפאַלן, ער האָט עס געמוזט אַראָפּשלינגען באהבה. ווארן אַז דער שכן זאָגט, מסתם ווייסט ער וואָס ער זאָגט.

און אַזוי איז עס שוין ביי לואיסן געבליבן, אַז די ווערק פון יענעם באַרימטן יידיש־שרייבער, מיט וועלכע חיים שמעון האָט זיך

אַלע יאָרן געקוויקט און שטאַרק הנאה געהאַט, זענען שוין מער גאָרנישט ווערט; עס זאָלן שוין אפילו קומען די גרעסטע ליטעראַטור־קריטיקער און אויפווייזן אַז די דאָזיקע ווערק פון יענעם שרייבער זענען אַן אומשאַצבאַרער אוצר אין דער ליטעראַטור, וועלן זיי שוין גאָרנישט ווירקן אויף לואיסן. ער האָט שוין ביי זיך זיין אורטייל אַ פאַרטיקן אַז די ביכער טויגן אין דער ערד. אַז „פּוטשאַלע", אַזוי האָט געזאָגט דער שכן.

און אַז דער שכן זאָגט, ווייסט ער וואָס ער זאָגט..

# דריי מוראס

דריי זאַכן זענען פאַראַן, זאָגט די גמרא (גיטין דף ע׳), וואָס צערן אָפּ דעם מענטשנס כוח און צעפרעסן אים פיזיש און גייסטיק, איינע פון זיי איז מורא-שרעק. די מערסטע סיבות, ווידער וואָס פירן צו שרעקעוודיקייט וואָס ברענגען צו דעם אַז דער מענטש זאָל מורא האָבן און לעבן אין פחד — קומען פון צוויי קוואַלן — פון פילן זיך זינדיק, נישט אינגאַנצן שלום מיטן אייגענעם געווויסן און פון אומזיכערקייט אין זיך.

מיר, היינטיקע, מאָדערנע, וועלטלעכע יידן, צעפּאַטערן אונדזער לעבן אין ציטערניש, צוליב די דריי מוראס, וואָס נעמען אונדז אַרום אין אונדזער יעדער באַוועגונג און אין יעדער אַקטיוויטעט אונדזער־רער. מיר ציטערן און פלאַטערן פון שרעק ביי יעדן שאָרך פון אַ בוים-בלאַט, ביי יעדן קוק אויף אונדז פון אַ וועלכן אומבאַקאַנט אויג און פון יעדן מינדסטן ווינטעלע וואָס בלאָזט פון ערגעץ.

מורא נומער איינס — „ווי וועט אויף דעם קוקן דער גוי!", „ווי וועט דאָס אים געפעלן ווערן!", „ווי וועט דער גוי, מיט זיין גויישקער אויפפאַסונג, דאָס אויפנעמען אַז עס זאָל אים נישט זיין חלילה דערווידער!", „ווי אָרדנט מען איין אַן אונטערנעמונג (אַ פּריוואַטע, אַ געזעלשאַפטלעכע, אַ נאַציאָנאַלע, אַ רעליגיעזע), וואָס זאָל אַרויס־קומען אַקוראַט ווי ביי זיי, ביי די גויים, אַז קיין האָרעלע זאָל נישט פעלן!"

פאַרשטענדלעך, אַז ביי אַזאַ ציטערניש, ביי אַזאַ שווידערלעכן פחד, ביי אַזאַ אָנגעיאָגטער מורא, ביי אַזאַ דורכגענומענער שרעק און ביי אַזאַ ציטערנדיקער אימה, טוט מען אַלץ וואָס מען קען, און

נאָך מער ווי מען קען, אַרויסצוטרייבן פון זיך און פון די היימען יעדן ריח, יעדן חשש, יעדן שמץ, וואָס קען חלילה אָנדייטן אויף דעם מינדסטן שאָטן פון ייד־זיין, און דערמיט פאַרבלענדן די אויגן פון די גויים (אַזוי רעדן זיך מיר יידן איין), אַז זיי זאָלן אונדז פולשטענדיק איינשליסן אין רייסטער פון זייערע לייבלעכע ברידער, נפש אחת!

דאַרף מען דאָך, וווּיניקסטנס, זיין קאָנסעקווענט, אויסגעהאַלטן, זאָגט מען איינס דאַרף מען זיין גרייט אויך צו זאָגן צוויי, איין ליניע אויפן גאַנצן פראָנט — ביז צו דער לעצטער אויסגעהאַלטנקייט. הערט זשע אַ מעשה: גראַד די, וואָס באַמיען זיך איבער די כוחות צו אימיטירן און נאָכמאַכן גוייִשקייט אויף צווייהונדערט פראָצענט, גראַד די ציטערן פאַר אַ נייער מורא, וועלכע לאָזט זיי נישט רוען בייטאָג און ביינאַכט; און די דאָזיקע נייע מורא איז פונקט דער היפוך פון דער פריערדיקער.ביידע מוראס, שטייען בפירוש אין אַ פולשטענ־דיקער סתירה, אין אַ לעכערלעכן קאָנטראַסט און אין אַ קאָפּי־דרעכן חוזק.

מורא נומער צוויי — פאַרגויישקטע טאַטע־מאַמע מיט פאַר־גויישקטע היימען, ציטערן און פלאַטערן, עס פיניקט זיי די מורא און שרעק טאָמער חלילה וועלן זייערע קינדער זיין קאָנסעקווענטער פון זיי און וועלן אינגאַנצן אַריבער די גרענעץ, זיי וועלן זיך אָפּזוכן שוין אמתע גויים, טאַקע מבטן ומלידה, און זיך מתחתן זיין מיט זיי. און אייגנטלעך — פאַרוואָס דען נישט? וואָס ווייסן דען די קינדער פאַר אַן אונטערשייד פון אַ געבוירענעם גוי ביז אַ געמאַכטן גוי? און וואָס איז דען טאַקע אין דער אמתן פאַראַן פאַר אַן אונטערשייד?

ערשט איצט, ווען די קינדער האָבן שוין דערגרייכט צו שידוך־יאָרן קומט אין הינטערבאַוואוסטזיין דער אינערלעכער קאַמף צווישן גויישקער הפקרדיקער באַקוועמלעכקייט און נאַציאָנאַלער פליכט און פאָלקס טראַדיציע. נישט שטענדיק אָבער געלינגט אַרויסצוקריכן בשלום פון אָט דעם סתירהדיקן פלאָנטער. און די עלטערן, וואָס האָבן בידים פאַרגויישקט זייערע היימען, זענען אַבסאָלוט באַרעכטיקט צו דער מורא פאַר זייערע דערוואַקסענע קינדער, אַ מורא פאַר אַן אומגליק וועלכן זיי האָבן אַליין אויסגעהאָדעוועט און געצערטלט. אָבער דער יידישער ירושה־פונק, וואָס איז דאָך געבליבן ביי די עלטערע, כאָטש זיי זוכן זיך צו פאַרגויישקן, אָט דער ירושה־פונק לאָזט פאָרט נישט, אין געוויסע מאָמענטן, אַריבערצוגיין אינגאַנצן

די גרענעץ. נו, זיי וועלן שוין ווי עס איז, לאָמיר זאָגן, זיך באַמיען צו דערהאַלטן דעם שטאַם, טאַקע פאַרגווישקטע יידן מיט זייערם גלייכן אויך פאַרגווישקטע יידן, אָבער פאָרט יידן. אָבער ווייטער וואָס וועט זיין? זייערע קינדער האָבן דאָך שוין קיין שום יידישן ירושה־פונק נישט געהאַט פון וועמען איבער צו נעמען, זיי וועלן דאָך שוין נישט זיין באַהערשט פון דער מורא פאַר געמישטע חתונות?

צוריק גערעדט ווידער, ווער האָט עס דען געמאַכט אַ קאָנטראַקט מיטן ריבונו של עולם, אַז מ׳מוז אים אויף אייביק צושטעלן יידן, ווי ער פאַרלאַנגט, מיט אַן אייגנאַרטיק, טראַדיציאָנעל־דורותדיק, עכט יידיש לעבן? ער האָט געגעבן מיטלען צו צווינגען יידישע קינדער, אַז זיי זאָלן בלייבן יידן אַפּילו קעגן זייער ווילן. דאָס איז זיינע ביזנעס, זאָל ער זיך זאָרגן פאַר דעם. אויב ער האָט געקענט אין יענע בראשית־יאָרן אַרויפצווינגען אויף כוח, בקולות וברקים, אַ תורה מיט אַן אייגנ־אַרטיק יידיש לעבן אויף די אַמאָליקע פאַרשקלאַפטע (פיזיש) בני ישראל, פאַרוואָס זאָל ער עס נישט קענען אויך טאָן צו די היינטיקע פאַרשקלאַפטע (גייסטיק) בני ישראל!

איצט מורא נומער דריי — דאָס איז שוין אַ מורא פון גאָר אַן אַנדער מין. אין פלוג קען זיך אַפּילו אויסדאַכטן, אַז עס האָט מיט די צוויי פריערדיקע מוראס גאָר קיין שייכות נישט. אָבער ווען מען זאָל די דאָזיקע מורא גוט אַנאַליזירן קען מען אויסגעפינען די שייכות פאַרוואַנדשאַפט צווישן זיי.

די מורא באַשטייט אין דעם, וואָס מ׳ציטערט, מ׳פלאַטערט און מ׳שרעקט זיך, אַז מ׳זאָל זיך חלילה נישט דערוויסן אין גאַס, אַז זייער גאַנצע עשירות, מיט וועלכער מ׳רודערט אַ וועלט און דורך וועלכער מ׳קריכט צום שפּיץ פון געזעלשאַפטלעכן לעבן (דורך וואָס דען?) אַז אָט די דאָזיקע אויפגעבלאָזענע עשירות איז נישט מער ווי אַ זייפן־בלאָז, וואָס אָט אָט פּלאַצט עס.

די דאָזיקע מורא איז אַזוי גרויס, אַזוי גרויזאַם, אַזוי שווידערלעך, אַז זי צעפרעסט דעם באַזיצער, פיזיש און גייסטיק; זי טרייבט אים אַריין אין מעלאַנכאָליע און פאַרצווייפלונג; זי פאַרסמט די עטיק און די מאָראַל פון דעם באַזיצער (אויב ער האָט זיי ווען אַמאָל געהאַט); זי צעשרויפט די נערוון און האַלט דעם „דאָזיקן גביר" אין שטענדיקער אָנגעצויגענער געשפּאַנטקייט און אין פאַרלוירענער צעטראָגנקייט.

דאַמאָלסט איז שוין „דער גביר" נישט ביי זיך אין רשות און ער האָט שוין נישט קיין מאַכט איבער זיך אַליין; ער איז שוין נישט ער, נייערט — איין שטיק מורא.

אין אַזאַ מצב, איז אַ פראַגע, צי קען מען אַזאַ איינעם באַשולדיקן יורידיש פאַר באַגיין געמיינע, עקלדיקע פאַרברעכנס קעגן זיינע מיט-מענטשן?

מען זאָל נישט געפרואווט ווערן. אויך אונדזערע חכמים האָבן אונדז געלערנט „אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו". זאָלסט נישט פאַראורטיילן דיין חבר ביז דו געפינסט זיך נישט אין זיין לאַגע.

וואָס זאָל פאַרט טאָן אַזאַ איינער וואָס וויל קריכן הויך און קען נעבעך נישט? ער וויל זיך אָבער פאַרט ווייזן ווי אַ הויך-קריכער, נוצט ער אוים אַלע מיטלען, אַפילו די שאַנטאַזשיסטישע. דאַן פאַלט ער ערשט רעכט אַריין אין אַ מורא: טאָמער דערגייט מען!... און אָט די מורא צעפרעסט אים שוין אינגאַנצן און מאַכט פון אים שוין דעם אמתן אוואַנטוריסטישן באַרג-קריכער. איצט שוין אַפילו אָן דער מינדסטער אחריות, נאָר פשוט, מיט אָפענער הפקרדיקייט, און עס געלינגט זיי, אָט דידאָזיקע שפּיץ-קריכער צו פאַרכאַפּן און פאַרנעמען אומעטום דעם אויבנאָן אין דעם אַלגעמיינעם פאַרצווייגטן געזעל-שאַפטלעכן לעבן.

— יאָ, יאָ, מיר זענען געוואָרן וועלטלעכע יידן!...

# אַ גרוס אַזאַ פון מדינת ישראל

די טעג איז אַ היגער ייד געקומען פון אַ רייזע אין ישראל. איך האָב אַ שוואַכקייט אַזאַ צו ווערן רעדן מיט יידן וואָס קומען צוריק פון ישראל, צו ווערן אויספרעגן און נאָכפרעגן ביי זיי אויף גרויסע און קליינע זאַכן, וואָס זיי האָבן אַליין דאָרטן געזען און אַרויסקריגן פון זיי זייערע איינדרוקן וועגן אַלץ וואָס דאָרטן קומט פאָר. פאַרט — דענק איך, קען מען ביי אַזעלכן זיך דערוויסן מער וואָס עס טוט זיך אין ישראל און ווי איז די שטימונג ביי די דאָרטיקע איינוואוינער — איידער פון די צייטונגען, אפילו פון די ישראלדיקע.

נו, בין איך, אין איינעם אַן אָוונט אַוועק צום דאָזיקן יידן. האָב איך אים געטראָפן פונקט עפּעס אין אַ שלעכטער שטימונג, אָדער אפשר האָט זיך מיר אויסגעדאַכט אַזוי, כ׳האָב אפילו געטראַכט אַז בעסער וואָלט געווען ניט צו פאַרפירן מיט אים אַ שמועס אין אַזאַ מאָמענט, ביי אַזאַ שטימונג. אָבער פאַרפאַלן, כ׳בין דאָך שוין צו אים געקומען, דאַרף מען שוין, ווי עס איז, ביי אים עפּעס דערגיין. און דער שמועס האָט זיך אָנגעהויבן:

— ווי לאַנג האָט איר פאַרבראַכט אין ישראל?

— וואו זאָגט איר?

— אין ישראל, אין מדינת ישראל.

— אין ארץ ישראל, מיינט איר?

— יאָ, אין ארץ ישראל מיין איך, היינט הייסט דאָך עס מדינת ישראל.

— מאלע וואָס זיי רופן עס דאָרטן היינט. ביי מיר איז עס ארץ ישראל, אַזוי ווי מיין טאַטע און מיין זיידע האָבן עס גערופן.

— פון מיינעט וועגן רופן עס ווי איר ווילט. ווי לאַנג זענט איר דאָרטן געווען?

— צוויי וואָכן בין איך דאָרטן געווען, גאַנצע צוויי וואָכן.

— צוויי וואָכן, נישט מער?! וואָס עפּעס אַזוי ווינציק?!

— ווען איך וואָלט דאָרטן געווען זיין לענגער, דאַכט מיר, וואָלט איך באַדאַרפט אַהיימקומען אָן הויזן. אויך אין די דאָזיקע צוויי וואָכן זענען די דאָלאַרן געפלויגן ווי שפּענער.

— און וואָס האָט איר דאָרטן עפּעס געזען אין די דאָזיקע צוויי וואָכן?

— מאָדנע, אַלע פרעגן די זעלביקע פראַגע, וואָס איך האָב דאָרטן געזען. איך ווייס נישט וואָס עס איז פאַראַן דאָרטן צו זען.

— וואָס הייסט! די יידישע שטעט, די יידישע דערפער, די יידישע מלוכה, די כנסת, דאָס יידישע מיליטער, יידישע פּאָליציי; ווינציק איז פאַראַן דאָרטן היינט וואָס צו זען?!

— איך ווייס נישט. איך בין געווען נאָר אין תל־אביב.

— פאַרוואָס עפּעס נאָר אין תל־אביב?

— איך האָב נישט געהאַט קיין צייט צו זיין אומעטום און זען אַלצדינג. און בכלל ווייס איך נישט, וואָס איז פאַראַן דאָרטן וואָס צו זען.

— איז עס אמת, אַז אַלע רעדן דאָרטן העברעיש?

— אַזוי ווי אומעטום, ווער עס קען דער רעדט. ווער עס קען נישט קיין העברעיש, רעדט אויף וועלכער שפּראַך ער וויל.

— און נאָך וואָס אייגנטלעך זענט איר אהין געפאָרן? אויב איך מעג עס וויסן.

— גלייבט מיר אַז איך ווייס אַליין נישט. מיין ווייב האָט זיך אָנגעזעצט, אַז איך זאָל פאָרן, בין איך געפאָרן.

— תל־אביב איז עפּעס אַ שיינע שטאָט?

— אַ שטאָט, כ׳ווייס, ווי אַלע שטעט, איך ווייס נישט פון וואָס עס איז פאַראַן נתפּעל צו ווערן.

— איז תל־אביב טאַקע אַזאַ גרויסע שטאָט?

— מיך ראַשט שוין נישט איבער קיין גרויסע שטאָט. איך בין נישט קיין דאָרפישער און נישט פון אַ קליין שטעטל. איך אַליין, דאַרפט איר וויסן, קום פון אַ גרויסער שטאָט און בין שוין אין גענוג גרויסע שטעט געווען. מיך קען שוין אַ גרויסע שטאָט נישט באַצויבערן.

— זענט איר געווען אין כנסת?

— וואָס איז עס? אויך אַ גרויסע שטאָט?

— כנסת איז ניט קיין שטאָט. כנסת איז דער יידישער פּאַרלאַמענט.

— אה, דאָרטן אין יידישן פּאַרלאַמענט, דאָרטן בין איך נישט געווען, אָבער איך ווייס נישט וואָס דאָרטן איז פאַראַן אַזעלכעס צו זען.

— האָט איר עפּעס געהערט וועגן דער טעטיקייט פון דער הסתדרות?

—אה, יאָ, די סטאַדרוט, די קאָמפּאַניע וואָס מאַכט צעמענט, יאָ, איך האָב עפּעס יאָ געהערט. אָבער וואָס עס מיר געקענט אינ־טערעסירן, איך דאַרף נישט קיין צעמענט.

— האָט איר ניט געזען, צי מ׳קען דאָרטן מאַכן עפּעס געשעפטן?

— דאָרטן, אין ארץ ישראל מיינט איר, דאָרטן צו מאַכן גע־שעפטן, האָב איך זיך נישט אינטערעסירט. צו וואָס דאַרף איך זען צו מאַכן דאָרטן געשעפטן, אַז איך האָב אַ גאַנץ גוט געשעפט אין מעקסיקע. אָן מיין שאָדן, אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן. און בכלל, האַלט איך, אַז ס׳איז שטענדיק בעסער צו האַנדלען מיט גוים איידער מיט יידן.

— און דאָרטן, אין ישראל, זענען דען גאָרנישטאָ קיין גוים?

— אפשר זענען זיי יאָ פאַראַן, נאָר איך האָב זיי נישט געזען.

— און די יידישע סאָלדאַטן האָט איר געזען?

— סאָלדאַטן ווי אַלע סאָלדאַטן, איך ווייס נישט פון וואָס עס איז פאַראַן צו מאַכן אַזאַ ווען. וואו איך האָב געדינט, אין טולע, רוס־לאַנד, זענען אין מיין פּאָלק אויך געווען אַ סך יידישע סאָלדאַטן און קיינער איז נישט געלאָפן אָנקוקן זיי ווי אויף בייז ווונדער.

— און דעם כותל המערבי האָט איר געזען?

— ניין, איך האָב נישט געזען. ערשטנס — געפינט זיך דער כותל המערבי אין ירושלים, און אין ירושלים בין איך נישט געווען. צווייטנס — ווייס איך נישט וואָס דאָרטן איז פאַראַן צו זען. איך שטעל זיך פאָר, עס מוז אַוודאי זיין אַזאַ כותל המערבי ווי אַלע כותל המערבים.

— ביי הערצלס קבר זענט איר געווען?

— וואָס האָב איך צו גיין אויף קברים?! וואָס איז היינט חודש אלול?! באַזונדערס — האָב איך נישט קיינעם פון מיינע קרובים אויפן דאָרטיקן בית עולם. און אויף פרעמדע קברים וואָס פאַר אַן אינטערעס האָב איך צו גיין?!

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, אין תל־אביב מאַכן יידן גוטע געשעפטן?

— אין דעם, זעט איר, האָב איך זיך יאָ אינטערעסירט, אין דעם אָבער האָב איך זיך מיין אייגענע פּראַקטיק. עס איז אַזוי: ווער עס מאַכט גוטע געשעפטן וועט ער אייך נישט דערציילן, וואָרן ער האָט מורא, טאָמער וועט איר באַלד ווערן זיינער אַ קאָנקורענט. און דער ווידער וואָס מאַכט שלעכטע האָב איך דאָך נישט וואָס צו פרעגן, איך שטעל זיך פאָר, אַז מסתמא איז דאָס אַ שלימזל פון גאָטס גענאָד, וואָס טויג זיך נישט אוים צו קיין ביזנעס. און ביי אונדז אין מעקסיקע איז דען נישט דאָס זעלביקע?

— און ווי מיינט איר, דאָרטן צו מאַכן עפּעס אַ פאַבריקל וואָלט זיך געלוינט?

— דעם אמת אייך זאָגן, האָב איך דאָרטן אַ סך געטראַכט וועגן דעם, אָבער ס׳אַצרה דאָרטן מיט די אַרבעטער. וויפיל מ׳זאָל זיי נישט געבן איז זיי אַלץ ווינציק, און באַלד סטראַשעט מען מיט אַ

שטרייק. נו, גיי הייב זיך אָן מיט יידישע אַרבעטער! איר מאַכט אַ פאַבריק, זייער גוט, זייער וויל, גייט אַוועק אַ שטיקל צייט ווילן די אַרבעטער שוין ווערן די בעליבתּים אין דער פאַבריק. הערט וואָס איך זאָג אייך, מיט יידן איז נאָר גוט קוגל צו עסן, אָבער אַרבעטן זאָל מען מיט גויים.

— איר זענט געווען אין ישראל בלויז צוויי וואָכן, איז פון וואַנען האָט איר שוין געקענט דאָס אַלצדינג וויסן וועגן די אַרבעטער דאָרטן?

— וואָס אַרט אייך, מען ווייסט שוין, מען האָט מיר געניג אָנדערציילט וועגן דעם.

— ווי אַזוי זשע, זאָגט מיר, עקזיסטירן פאָרט דאָרטן אַזויפיל פאַבריקן?

— אה, דאָס מיינט איר, דאָס איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. וועל איך אייך דערציילן ווי אַזוי די פאַבריקנטן טוען דאָרטן. זיי מאַכן שותּפות מיט די אַרבעטער אויף געוויסע פּראָצענטן, אַזוי אַרום זענען זיי שוין באַוואָרנט אַז די אַרבעטער וועלן אין זייערע פאַבריקן נישט שטרייקן.

— וואָלט איר דאָך אויך געקענט אַזוי מאַכן?

— איך האָב פיינט שותּפות. שותּפות מאַך איך נאָר מיט מיין ווייב.

— און צו עסן איז כאָטש פאַראַן גענוג אין תּל-אביב?

— אַ פראַגע אַביסל! צי עס איז פאַראַן צו עסן! אויב מ׳האָט דאָלאַרן קענט איר עסן אויף צוזעצט צו ווערן. אָבער מ׳דאַרף דאָרטן האָבן דעם מלך׳ס אוצרות. גלייבט מיר, וואָס דאָרטן דאַרף אייך קאָסטן אַליין אין איין טאָג האָב איך אין מעקסיקע גענוג מיט מיין גאַנצער פאַמיליע אויף אַלע אויסגאַבן פון טאָג.

— ווי מיינט איר, אַזוי ווי איר זענט שוין געווען דאָרטן, וויל איך וויסן אייער מיינונג, איך האָב חשק צו פאָרן אַהין זיך באַזעצן, ווי מיינט איר, זאָל איך עס טאָן?

— וועל איך אייך אויך פרעגן: זאָגט מיר, וואָס שטופּט עס אייך אַזוי אין קאָרק אַריין צו פאָרן דווקא קיין ארץ ישראל? וואָס פעלט אייך דען דאָ אין מעקסיקע?

— אָבער דאָרטן איז דאָך אַלץ יידיש, מ׳היט אָפּ שבת און מ׳פייערט אַלע יידישע יום-טובים, טאַקע ווי יידן.

— גייט שוין גייט מיט אייערע נאַרישקייטן. פון ווען אָן, זאָגט מיר, זענט איר עס געוואָרן אַזאַ — חסיד? וואָס דערלייגט איר אַז איר רוט זונטיק? צי קענט איר דען אין די זונטיקס שלעכט פאַרברענגען אין מעקסיקע?

— פאַרוואָס זשע זענט איר געפאָרן אַהין און איר האָט גע-טראַכט צו מאַכן דאָרטן אַ פאַבריק?

— איך האָב טאַקע נישט געוואָלט פאָרן, נאָר מיין ווייב האָט זיך אַריינגענומען אַ שמאַקוויליינו אין קאָפּ אַריין, אַז נאָר מיר דאַרפן פאָרן זיך באַזעצן אין ארץ ישראל. שריי איך צו איר: חיה דבורה לעבן, וואָס פעלט דען דיר דאָ אין מעקסיקע? וואָס איז, עס שטעכט דיר דער האָבער? און זי, ניין און ניין, נאָר קיין ארץ ישראל. זי פאַרשטייט איר מיך איז ביי זיי דאָרטן, ווי הייסן זיי דאָרט, די פרויען, געוואָרן אַ גאַנצע מאַכערין, האָבן זיי דאָרטן איר אַריינגע-האַקט אין קאָפּ אַריין „ארץ ישראל" איז זי דאָך נישט מער ווי אַ יידענע, האָט זי עס גענומען אויף אַ רעכט צו אַן אמת. האָט זי אַריינ-גענומען אַ מאַנאַקאַליע אין קאָפּ אַריין אַז נאָר קיין ארץ ישראל וויל זי פאָרן, באשר בכן, זאָגט זי, צוליב די קינדער. איך ווייס נישט וואָס מיינע קינדער זאָל חלילה עפּעס פעלן דאָ, אין מעקסיקע.

— און וואָס זאָגט אייער ווייב איצט. ווען איר זענט צוריקגע-קומען פון ישראל?

— וואָס זי זאָגט? פרעגט שוין גאָרנישט. עס איז אַ גיהנום ביי מיר אין שטוב. האָב איך באַשלאָסן, איינמאָל פאַר אַלע מאָל, דו חיה דבורה ווילסט פאָרן קיין ארץ ישראל, פאָר דיר געזונטערהייט און, פעכניע דאָרט אויפן פּיסק, נאָר טאָמער מיינט זי אַז זי וועט דאָרט זיצן און איך וועל איר שיקן געלט פון דאַנען אַהין. נישט ביי מאָטיען. נעמט אומישנע די ליסטעס פון די פאַרשידענע אַקציעס דאָהי, וועט איר זען, מענטשן גיבן הונדערטערס און טויזנטערס, אָבער מיין נאָמען וועט איר דאָרטן נישט געפינען. איך וואַרף זיך נישט מיט קיין געלט. ווי האָט מען עס געזאָגט ביי אונדז אין פּוילן: „דער נאַר גיט און דער קלוגער נעמט". איך בין נאָכנישט אויף אַזוי-פיל נאַריש.

— איך האָב אייך נאָך געוואָלט עפּעס פרעגן:

— אָבער מאַכט עס שנעלער, וואָרן איך יאָג זיך אַוועקצוגיין, מענטשן וואַרטן אויף מיר. עס וועט דאָרטן אויספעלן אַ האַנט, נאָך אינדערפרי האָט מען ביי מיר באַשטעלט.

— בלויז נאָר איין קורצע פראַגע: פאַרוואָס זשע, זאָגט מיר, רייסן זיך יידן פון דער גאַנצער וועלט היינט, צו פאָרן זיך באַזעצן אין ישראל?

— ערשטנס, ווער האָט עס אייך געזאָגט, אַז מ׳רייסט זיך צו פאָרן קיין ארץ ישראל? פרעגט אדרבה ביי אַמעריקאַנער יידן, אויך ביי מעקסיקאַנער יידן, צי וואָלטן זיי געוואָלט וואוינען אין ארץ ישראל. און צווייטנס — אויב איר מיינט אַז מענטשן רייסן זיך יאָ זיך צו באַזעצן טאַקע דאָרטן, טאָ וואָס פרעגט איר ביי מיר, פרעגט ביי זיי.

כ׳האָב נאָך עפּעס געוואָלט פרעגן ביים דאָזיקן ייִדן, וואָס איז די טעג געקומען פון ישראל, אָבער אַז כ׳האָב געזען ווי אַ מענטש איילט זיך אַזוי שטאַרק, האָב איך אים נישט געוואָלט אויפהאַלטן. אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער שמועס מיט אַ יידן, וואָס האָט געמאַכט אַ רייזע קיין ישראל.

עפּעס נייעס, וואָס עס טוט זיך אין ישראל, האָב איך ביי אים נישט געקענט אַרויסקריגן, אָבער וואָס עס טוט זיך ביי געוויסע יידן אין מעקסיקע האָב איך שוין גאָר אַ סך אַרויסגעקריגן.

# אויף כפּרות...

איז דער טאַטע געקומען אַהיים פּרייטיקצונאַכטס פון דאַווענען, אויף זיין פּנים איז געווען אויסגעגאָסן אַ שבתדיקע, מנוחהדיקע רחבות; די אויגן האָבן געגלאַנצט מיט פריידיקייט און גוטמוטיקייט. דאָס אַלץ האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם ברייטן „גוט שבת", באַלד ביים עפענען די טיר פון שטוב. דער קלאָר־ווייסער טישטוך אויפן טיש, די שבת־ליכט, די קאַרפינקע מיט ווייַן, די שבתדיקע חלות, די מאַמע מיט די קינדער אין שבתדיקע מלבושים אַרום טיש און דעם טאַטנס שפּרייזן איבער דער שטוב זינגענדיק „שלום עליכם מלאכי השרת" און „אשת חיל מי ימצא". דאָס אַלצדינג האָט אָנגעפילט די שטוב מיט קדושה־שיינקייט און מען האָט געזען בחוש ווי די שכינה רוט איבער אַלץ און אַלעמען; דערנאָך — דעם טאַטנס קידושמאַכן און זינגען זמירות ביים עסן צוזאַמען מיט די קינדער — האָט אַ מלכותדיקן נחת געשפּרייט איבער אַלע ווינקעלעך פון שטוב.

מיטן אָנקומען פון „שבת־מלכתא" איז מיטאַמאָל פאַרווישט געוואָרן אַלע וואָכעדיקע חשבונות, אַלע וואָכעדיקע דאגות, אַלע וואָכעדיקע קאָפּ־דרייעניש, און אַ מאָמענטאַלע אַנדערשקייט האָט באַלד אַלץ פאַרביטן, אַן אַנדערשקייט וואָס איז באַשטאַנען פון גייסטיקער דערהויבנקייט פון קדושהדיקער מנוחה, פון אייגנאַרטיקער יידישער הנאה פון שיינקייט און פריידיקייט, פון נשמה־יתירהדיקער רחבות און פון סובלימירטן פאַרגעניגן. אַזוי אויך אין יעדן יום־טוב.

— און היינט איז וואָס?

— היינט דאַרף מען דאָס אַלץ אויף כפּרות...

דורות אויף דורות, זיידעס און עלטער־זיידעס, באָבעס און עלטער־באָבעס, האָבן אין דער יידישער שפּראַך איבערגעגעבן צו זייערע קינדער און קינדס קינדער, זייער נחת און צער, זייערע פריידן און ליידן, זייער פאַרגעניגן און עגמת־נפש. דאָס איז אַלץ איבערגעגעבן געוואָרן אין מעשיות און אין פאָלקס לידער, אין דער יידישער שפּראַך; דאָס האָט געשאַפן נאָענטקייט און ענגע פאַרבינדונג צווישן עלטערן און קינדער, צווישן איין דור מיטן צווייטן.

די אַלע ספרים פון וואַנען יידן האָבן געשעפּט זייער יידישע דערציאונג, זייער מאָראַל און עטיק, זייערע אייגנאַרטיקע געזעצן און פירונגען, דאָס אַלץ איז געלערנט געוואָרן אין יידישער פאַרטייטשונג. אַזוי אַרום איז צוזאַמען מיטן העברעישן אָריגינאַל איינגעוועבט געוואָרן די יידישע שפּראַך אינם יידישן דענקען, אינם יידישן באַגריף און אין דער יידישער לעבנס אויפפאַסונג.

אין אַלע ווינקלען פון דער וועלט וואו די יידישע צעשפּרייטונג האָט דערגרייכט, האָט די לעבעדיקע יידישע שפּראַך, פון יידן אומעטום, געשאַפן אַ ברידערלעכע פאַרבינדונג צווישן יידן, אַ פאָלקישע געאייניקט און אַ לייבלעכע נאָענטקייט. וואוהין אַ ייד האָט פאַרבלאָנדזשעט און איז זיך צונויפגעקומען מיט יידיש רעדנדיקע יידן האָט ער זיך דערפילט אין דער היים, צווישן אייגענע משפּחה, און ער איז קיין פרעמדער נישט געווען.

— און היינט איז וואָס?

— היינט דאַרף מען דאָס אַלץ אויף כפרות . . .

האָבן זיך יידן משדך געווען און די קינדער חתונה געמאַכט איז עס געווען די שמחה פון אַלע יידן. נאָענטע און ווייטע האָבן זיך מיטגעפרייט און געלאָזט זיך וואוילגיין. איין קליינוקייט — עס איז צוגעקומען אַ נייער צווייג צום יידישן בוים, מען האָט אויפגעשטעלט אַ בית בישראל! אַ חתונה פון צוויי יונגע מענטשן איז געווען אַ הייליקייט און די שמחה איז געפייערט געוואָרן מיט קדושה און יידישער צניעות. דער גאַנצער צערעמאָניאַל איז דורכגעוועבט געווען מיט דורותדיקער יידישער טראַדיציע און מיט יידישער אייגנאַרטיקער שיינקייט. פון אָנהייב ביזן סוף האָט יעדע קלייניקייט געטראָגן אויף זיך דעם חותם פון ספּעציפיש־יידישן חן. זיידעס און באָבעס האָבן זיך געקוויקט, זעענדיק אין דעם נייעם לעבנס וועג

פון די אייניקלעך אַ וווּיטערדיקן המשך פון זייער אייגן לעבן און האָבן געפילט, מיט פרייד און צופרידנקייט, אַז מיט זייער אַוועק פון דער וועלט ווערט יידיש לעבן נישט אָפּגעשטעלט, נייערט — עס ווערט ווייטער פאַרגעזעצט דורך די קומענדיקע דורות. אַזוי האָבן אויך געפילט אַלע יידן וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער חתונה־שמחה. אָט פון דעם איז באַשטאַנען זייער מיטפרייען זיך, זייער תענוג און פאַרגעניגן, זייער פאַרוויילן זיך און הוליען אויף אַ חתונה פון אַ יונג פאָרפאָלק.

— און היינט איז וואָס?

—היינט דאַרף מען דאָס אַלץ אויף כפרות . . .

אין אַ פּראָסטן וואָכעדיקן אָוונט זענען אַלע טישן פון בית המדרש געווען באַזעצט מיט לערנערס. ביי איין טיש האָבן די יידן פון חברה ש"ס געלערנט אַ בלאַט גמרא מיט מפרשים; ביי אַ צווייטן טיש האָבן די יידן פון חברה משניות געלערנט אַ פּרק משניות; ביי אַ דריטן טיש האָבן די יידן פון חברה עין יעקב געלערנט די אגדות פון תלמוד; ביי אַן אַנדערן טיש האָבן יידן געלערנט חיי־אדם.

יידן פון אַלע שטאַנדן האָבן געפילט אַ נויטבאַדערפטיקייט צו לערנען. אינטואיטיוו האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז תורה איז דער פונדאַמענט פון יידישן קיום, אָן די מאָדערנע פילאָזאָפיש־סאָפיס־טישע דריידלעך; זיי האָבן געוואוסט אַז נאָר דורך תורה קענען זיי דערגרייכן צו פאַרשטיין און מקיים זיין די יידישע אייגנאַרטיקע פירונגען; אין זייער באַוואוסטזיין האָט זיך געקלאַמערט דער גע־דאַנק אַז „אין לנו שיור רק התורה הזאת". האָט מען אַליין געלערנט, וויפל איינער האָט געקענט, און מען האָט זיך באַמיט מיט אַלע כוחות אַז די קינדער זאָלן קענען לערנען און זיין באַקאַנט מיט אַלע מקורות פון דער פונדאַמענטאַלער יידישקייט, כדי ערשטנס — צו וויסן ווי אַזוי אַ ייד צו זיין און אָפּצוהיטן אַלע פאָרמען פון יידישער מאָראַל און עטיק; צווייטנס — כדי צו קענען זיין פולשטענדיק באַהעפט מיט דער אַלטער יידישער טראַדיציע פון דורות און דורות, צו וויסן וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט, וואָס איז אָנשטענדיק און וואָס איז אומאָנשטענדיק אין דער יידישער אויפפירונג.

—און היינט איז וואָס?

— היינט דאַרף מען דאָס אַלץ אויף כפרות . . .

רבנות איז שטענדיק געווען זייער אַ הויכווירדיקער אַמט. די גאַנצע עדה יידן — מאַן און פרוי, גרויס און קליין — האָבן אַרויפ־געקוקט צום רב ווי צו דער העכסטער פּערזענלעכקייט פון זייער וועלטל. אָבער די אַרבעט פונם רב איז שוין געווען גאָרנישט קיין לייכטע. שטענדיק איז דער רב געווען באַשעפטיקט און פאַרנומען מיט אַרבעט איבערן קאָפּ גאָרנישט מקנא צו זיין.

איז אַ יידענע עפּעס נישט געפעלן געווען דער פופיק אָדער דאָס לעבערל פון עוף, וואָס זי גרייט צו צום קאָכן, איז מען גלייך אַוועק צום רב מיט אַ שאלה. איז אונטערגעלאָפן אַביסל מילך אונטער אַ פליישיק טעפּל איז ווידער אַ שאלה צום רב. מיט אַ שאלת נשים, ווי עס טרעפט זיך, ווידער צום רב. האָבן צוויי יידן געהאַט צווישן זיך אַ סיכסוך איז באַלד צום רב אויף אַ דין תורה. האָט מען וועמען גע־רעדט אַ שידוך און מ'דאַרף פאַרהערן דעם לומדישן חתן, איז ביי וועמען? —ביים רב. האָט זיך אַ פאַרפאַלק נישט געקענט איינלעבן איז מען, נאַטירלעך אַוועק צום רב. אויף אָדער־אָדער, אָדער אַ שלום אָדער אַ גט. חופה — קידושין — דער רב. ביי אַ ברית, סנדיקאות — דעם רב. שוחטים און קצבים מיט שאלות — צום רב. פסחדיקע שאלות — ביים רב. חדרים, תלמוד־תורות, ישיבות — אונטער דער אויפזיכט פון רב. כשרן אַ מיל, אַ פאַבריק, אַ מקווה — ווידער דער רב. סתם אַן עצה אין מסחר אָדער אין פאַמיליע־אַנגעלעגנהייטן — אַלץ צום רב.

— און היינט איז וואָס?

—היינט דאַרף דאָס אַלץ אויף כפרות . . .

אַ שאַנק מיט ספרים איז געווען אַ הויפּט־צירונג אין יעדן יידיש הויז. אַפילו ביי נישט גאָר גרויסע לומדים איז די ספרים־שאַנק פול געווען מיט חומשים, נביאים, כתובים — מיט אַלע פירושים; מיט ש"ס; רמבמ"ס; טורים; די פיר שולחן ערוך'ס. — אורח חיים, יורה דעה, אבן העזר, חושן משפט; מפרשים, פאַרשידענע פלפול־ספרים; מדרשים; דרוש־ספרים און נאָך אַזעלכע.

אויף אַ הויז אָן ספרים האָט מען געקוקט מיט אַ רחמנות־מיט־געפיל, ווי אויף אַ נעבעך נחות־דרגא'דיק הויז.

צו געבן אַ חתן אַ מתנה איז דאָס ערשטע און דאָס וויכטיקסטע געווען גערעכנט — אַ ש״ס.

האָט אַ יונג פּאָרפאָלק איינגעאָרדנט פאַרזיך אַ וווינונג איז פון די ערשטע נויטיקסטע שטוב־זאַכן געווען פאַררעכנט — אַ שאַנק מיט ספרים.

זענען אַריינגעקומען געסט אין אַ הויז האָבן זיי דאָס ערשטע באַטראַכט די ספרים וואָס זענען דאָרט פאַראַן.

האָט איינער איינגעהאַנדלט נייע ספרים האָט ער זיך דערמיט געגרויסט ווי מיטן טייערסטן אוצר, ווער שמועסט נאָך ווען איינעם איז געלונגען אַריינצוקריגן אַ יקר המציאות, אַ ספר וואָס איז שוין שווער צו באַקומען, איז ער געווען גליקלעך און אַלע זיינע פריינד האָבן אים מקנא געווען.

האָבן זיך יידן בני תורה באַגעגנט איז באַלד געוואָרן אַ שמועס וועגן דעם נייעם ספר וואָס דער באַקאַנטער גאון האָט אַרויסגעגעבן און וועגן די וואונדערבאַרע חידושים וואָס דאָרטן זענען פאַראַן.

— און היינט איז וואָס?

— היינט דאַרף מען דאָס אַלץ אויף כפּרות . . .

# היידאַ אַהיים אויף יום־טוב!

— 1 —

זיינע עלטערן זענען געקומען פון ליטע און געוואוינט אין לאָדזש. דער פאָטער יוסף בער לפּידות איז געווען למדן, אַ משכיל, אַ שפּראַכן־קענער און זייער אַ קלוגער ייד. די אַלע דריי אייגנשאַפטן זענען קענטיק געווען אויף זיין פּנים, אין זיינע אויגן און אין זיין גאַנצן אויסזען. אַ הויכער, אַ ברייטפּלייציקער, מיט אַ שיין־צעקעמטער באָרד, מיט אַ ליכטיק־גוטמוטיק פּנים און מיט מילדע, גוטמוטיקע, קלוגע אויגן. מענטשן פון אַלע קלאַסן און שטאַנדן האָבן ליב געהאַט מיט אים צו פאַרברענגען און צו געפינען זיך אין זיין סביבה. יעדער איינער האָט גערן געהאַט פון אים עפּעס צו הערן און פון אים עפּעס וואָס צו לערנען. ער איז געווען זייער צוגעלאָזט צו מענטשן און מענטשן האָבן אים ליב געהאַט.

די מוטער שרה מלכה איז געווען אַ רבס אַ טאָכטער אַ מלומדת. זי האָט געקענט גאַנץ תנ״ך אויף אויסנווייניק, האָט געשריבן העברעישע שירים, און געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין „הצפירה" אונטער נאָמען: שולמית.

דער פאָטער איז געווען אַ רייזנדער־אַגענט פון אַ באַרימטער טעקסטיל־פירמע אין לאָדזש. ער פלעגט חדשים לאַנג אַרומפאָרן איבער גאַנץ רוסלאַנד, אין די ווייטסטע עקן, אין די אינטערעסן פון זיינע מסחרים. אָבער אַז עס איז געקומען פאַר אַ יום טוב האָט ער אַלץ איבערגעלאָזט און געיאָגט זיך אַהיים אויף יום טוב. עס האָט אים געמעגט פאַרשטיין די גרעסטע פאַרדינסטן האָט ער זיך מיט דעם

נישט גערעכנט. אויף יום טוב האָט ער געמוזט זיין אין דער היים צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע. אַזוי פון דעם גרעסטן יום טוב ביזן קלענסטן, אַזוי אויף חנוכה אַזוי גוט ווי אויף פסח און ראש השנה. זיין לעמאַ איז געווען שטענדיק: — „היידא — אַהיים אויף יום טוב". דאָס האָבן שוין געוואוסט סיי זיינע באַלעבאַטים, פון וועמען ער איז אַרומגעפאָרן און סיי זיינע קאָלעגעס, די אַנדערע רייזנדע־אַגענטן.

און יום טובים זענען ביי די לפידותעס געפּראַוועט געוואָרן מיט דער גאַנצער שיינקייט און פּראַכט פון אַ פּאַטריאַרכאַליש־יידישע הויז. ביי אַ שיין־געגרייטן יומטובדיקן טיש זענען אויסגעזעצט געווען די דריי זין מיט די שנורן און אייניקלעך. די צוויי טעכטער מיט די איידעמס און אייניקלעך, אַזוי אייגעלאַדענע חשובע געסט און דער מוזעניק ישראל וואָלף, — צוזאַמען ביי עטלעכע און צוואַנציק פּערזאָן און אויבנאָן האָט געקיניגט דער שיינער פריילעכער און גוטמוטיקער באַלעבאָס, יוסף בער לפידות. די גייסטיקע אָנפירונג פונעם יום טוב איז שטענדיק איבערגעגעבן געוואָרן צו דער מלומדת־באַלעבאָסטע, שרה מלכה, וועלכע פלעגט, צווישן איין יומטובדיקן מאכל און צווייטן, פאַרטייטשן דעם באַדייט פונם יום טוב און ווי אַזוי דער זעלביקער יום טוב איז אין פאַרלויף פון דער יידישער געשיכטע, אין פאַרשידענע צייטן און אין פאַרשידענע לענדער, געפייערט געוואָרן אויף פאַרשידענע אופנים; דערביי פלעגט זי דערקלערן די סיבות, פאַרוואָס די אַלע ענדערונגען זענען פאָרגעקומען. פאַרשטייט זיך אַז עס האָבן נישט געפעלט אַנדערע לומדישע באַמערקונגען, סיי מצד דעם באַלעבאָס און סיי מצד די בייוועזנדע.

די יומטובדיקע טישן ביי די לפידותעס אין הויז האָבן געהאַט אַ באַרוף אין אַלע לומדיש־אינטעליגענטע קרייזן פון לאָדזש. און דערהויבן האָבן זיך געפילט די יעניקע וואָס האָבן געהאַט דעם כבוד צו ווערן איינגעלאַדן צו די דאָזיקע יומטובדיקע טישן ביי דער פאַמיליע לפידות.

— 2 —

פון אַלע קינדער האָבן די לפידותעס געהאַט נחת. זיי זענען געגאַנגען אויף דעם וועג וואָס די עלטערן האָבן פאַר זיי אָנגעצייכנט, דורך דער דערציאונג און דורך דעם אייגענעם מוסטער פון יידישער שטייגערישער לעבנס אויפפירונג. אַ ביטערער אויסנאַם איז ביי זיי

געוועזן דער מוזיניק, דער בן־זקנים, ישראל וואָלף. פון קינדווייז אָן האָט ער פאַרשאַפט דע עלטערן חרפות ובושות. לערנען האָט ער נישט געוואָלט און ער פלעגט זיך חברן מיט די ערגסטע גאַסן־לאַבו־זעס, אויסוואורפן פון נידעריקסטן קלאַס. גאַנץ אָפט פלעגן קומען צו די עלטערן, מענטשן מיט טענות און אָנקלאַגעס אויף זייער ישראל וואָלפן, וואָס פאַרא צרות ער מיט זיין באַנדע לאַבוזעס טוען אָן צו די שכנים און צו אַזוי מענטשן פון גאַס, אַז ס׳איז שוין נישט אויסצו־האַלטן. עס איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז פון דער פּאָליציי האָט מען געמאָלדן די עלטערן, אויב זיי וועלן נישט איינהאַלטן זייער זונעלע וועט מען אים פאַרשיקן אין אַ „דערציאונגס אנשטאַלט״, פון וואַנען זיי וועלן אים שוין קיינמאָל מער נישט אָנקוקן. עס האָט נישט געהאָלפן, נישט מיט גוטנס און נישט מיט בייזנס, צו קענען דעם ווילדן ישראל וואָלפן אַרויפפירן אויפן דרך הישר און מאַכן אים פאַר אַ לייט.

האָבן טאַטע־מאַמע זיך באַרעכנט, אַז דאָס בעסטע וועט זיין אַז מ׳זאָל דעם תכשיט אַוועקגעבן פאַר אַ פריקאַזשטשיק (אָן אָנגעשטעל־טן) אין אַ געשעפט, און אַזוי האָט מען געטאָן. ישראל וואָלף איז דאַמאָלסט קוים אַלט געוועזן צוועלף יאָר, האָט דער פאָטער אים אַריינגעגעבן אין אַ געשעפט פון זיינעם אַ באַקאַנטן טעקסטיל־סוחר, אַ דייטש, צו אַרבעטן ביי אים אַלס שיק־יינגל אָן געצאָלט; און אָפּ־געמאַכט האָט דער פאָטער מיט דעם דייטש, אַז יענער זאָל אים כלומ־רשט צאָלן וואָכן־געלט, אָבער דער פאָטער וועט דאָס אים אומקערן, און זאָל דאָס יינגל מיינען אַז ער פאַרדינט, אפשר וועט דאָס העלפן אַז ער זאָל אָנהייבן צו ווערן אַ מענטש.

און מערקווירדיק — דאָס וואָס ישראל וואָלפס טאַטע־מאַמע, די געלערנטע מענטשן, האָבן נישט געקענט ווירקן אויף זייער קינד, האָט דער פּראָסטער אומוויסנדער דייטש יאָ געווירקט.

מיט דעם מאָמענט ווי ישראל וואָלף איז אָנגעקומען צום דייטש איז ער געוואָרן ווי איבערגעקערט, גאָר אַן אַנדער יינגל — נישט צו דערקענען. און ישראל וואָלף האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער פּעאיק, אַרבעטזאַם און פאָלגנדיק, אַזוי אַז דער דייטש האָט גאָר אָנגעקוואָלן פון אים. דער דייטש האָט שוין נישט געוואָלט נעמען ביים יינגלס פאָטער דאָס וואָכן־געלט, ווי עס איז אָפּגעמאַכט געוועזן, נאָר ער אַליין

האָט אים גענומען צאָלן וואָס אַמאָל מער, ווייל דאָס יינגל האָט דאָס ערלעך פאַרדינט.

פון איין זייט זענען די לפידותעס געווען אומצופרידן וואָס זייער מוזיניק וועט נישט האָבן די זעלביקע אויסבילדונג ווי די אַנדערע קינדער, אָבער פון דער צווייטער זייט זענען זיי געווען צופרידן וואָס ענדלעך איז פון אים געוואָרן אַ לייט און זיי וועלן מער פון אים קיין חרפות ובושות נישט איינגעמען.

אַזוי זענען אַוועק יאָרן און ישראל וואָלף, (וואָלאַדיאַ שוין) אַ דערוואַקסענער בחור, איז געוואָרן דער הויפּט־אַנפירער ביים דייטש אין געשעפט מיט אַ גאַנץ גרויסן געהאַלט און מיט אַן אָנגעזעענעם נאָמען אין דער לאָדזשער סוחרישער וועלט.

ווען דער אַלטער יוסף בער לפידות איז געשטאָרבן האָט די פירמע, וואו לפידות האָט געאַרבעט אַלס רייזנדער אַגענט, באַשטימט אָנצושטעלן דעם יונגן וואָלאַדיאַ לפידות אַלס רייזנדער אַגענט אויפן פאָטערס פּלאַץ.

ערשט דאָ, אין דעם דאָזיקן אַמט, האָט זיך וואָלאַדיאַ דערפילט אויפן פערד. סיי זיין שטרעבונג רייך צו ווערן, סיי זיין שטענדיקער באַגער צו קענען די ברייטע וועלט אויסער לאָדזש, און סיי זיינע אַלטע ניינונגען צו אַוואַנטוערם — אָט די אַלע דריי פאַרלאַנגען האָט וואָלאַ־דיאַ, אין זיינע רייזעס, פולשטענדיק דערגרייכט.

אָבער שפּעטער מיט יאָרן האָט וואָלאַדיאַ דערשמעקט מיט זיין סוחרישן חוש, אַז אייראָפּע וועט בלייבן שטיין אויף אַ פאַרגליווערטן פונקט, נישט מער וואַקסן און נישט מער זיך פאַנאַנדערשפּרייטן. דאָ האָט ער באַשלאָסן אויסצוואַנדערן. פונקט ווי ביי זיין פאָטער איז ביי וואָלאַדיאַן געווען אין כאַראַקטער נישט לאַנג צו טראַכטן, נאָר געזאָגט און געטאָן.

אין איינעם פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער האָט וואָלאַדיאַ פאַרלייגט אַ טעקסטיל־פאַבריק. לאַנג האָט עס ביי וואָלאַדיאַן גענומען ביז ער האָט זיך איבערצייגט, אַז ער איז פון דער דאָזיקער פאַבריק געבליבן אַן אַ סענט אין קעשענע, אַ גרויסער בעל חוב, אויך אַן וועלכע ס׳איז האָפענונג אַז די פאַבריק זאָל קענען עקזיסטירן. אָבער וואָלאָדיאַ לפידות, פונקט ווי זיין טאַטע, איז נישט פון די מענטשן

וואָס אין אַן עת צרה לאָזן זיי אַראָפּ די הענט און ווערן פאַרלוירן. באַלד ווי וואָלאָדיאַ האָט דערזען אַז ער האָלט שלעכט, איז ער אַוועק, אָדער אַנטלאָפן, אין אַ צווייטן לאַטיין־אַמעריקאַנער לאַנד און אָנגעהויבן פון דאָס ניי. איז נישט ביי טעקסטיל איז ביי אַלטע אייזן און דאָ איז אים ווידער אַוועק שוין צוריק באַרג־אַרויף.

היינט איז וואָלאָדיאַ לפידות שוין ווייט נישט קיין יונגער מענטש און באַלאָדן איז ער שוין אי מיט אַ היפּשער פאַמיליע אי מיט אַ פיינעם קאַפּיטאַל.

פון זיין טאַטנס שיינער יידישקייט־ירושה איז אים געבליבן 5 טעג אין יאָר, אין וועלכע ער אַרבעט נישט. דאָס זענען: די צוויי טעג ראש השנה, יום כפור און די ערשטע צוויי טעג פּסח.

אַז עס קומט ערב אָט די טעג נעמט זיך ביי אים באַמבלען אין קאָפּ זיין טאַטנס ווערטער: „היידאַ — אויף יום טוב״, אָבער נישט ווי זיין טאַטע — אַהיים צום יומטובדיקן טיש מיט דער פאַמיליע, נאָר פאַרקערט — „היידאַ אויף יום טוב״, אַוועק פון דער היים, אויף אַ דאַטשע־פּלאַץ; יאָ, אויך צו אַ טיש, נאָר צו אַ תהילים־טיש . . .

# סודות

עס איז אין דער טבע פון מענטש צו וועלן פאַרשלייערן און פאַרהילן אַלצדינג אין סודות. אפילו זאַכן וואָס זיינען, דאַכט זיך, פּראָסט און פּשוט, אָפן און קלאָר, מיט דער האַנט אָנצוטאַפּן, באַמיט מען זיך צו פאַרדעקן מיט טויזנטער געהיימע שלייערן. ווייזט אויס, אַז עס ליגט שוין אַזוי אין דער נאַטור פון מענטש. ס'איז אים בעסער, ליבער און אָנגענעמער דאָס פאַרהוילענע און באַהאַלטענע, ווייל נאָר אַזוי קען מען לאָזן פריי צעשפּילן די אייגענע פאַנטאַזיע. דאָס אָפענע אָבער, וואו אַלץ איז קלאָר און פאַרשטענדלעך, גיט נישט די מינדסטע מעגלעכקייט און לאָזט נישט קיין פּיצל פּלאַץ פאַר דער אייגענער פאַנטאַזיע מיטצואַרבעטן און צו צוגעבן. און דאָס האָט דער מענטש פיינט.

דער מענטש איז אין זיין נאַטור שעפעריש און בויזאַם. ער האָט נישט ליב, אַז מען זאָל אים אונטערטראָגן אַלץ פאַרטיק. ער זוכט צו צוגעבן אין אַלץ זיין אייגענע מיטשאַפונג, זיין אייגענע באַאַרבעטונג. ער וויל אין אַלעמען אַריינברענגען זיין אייגענעם טאָן און זיין אייגענעם ריטם.

און ווייל סודות און געהיימנישן זיינען אַרטיקלען פון מענטשלעכן געברויך, זיינען אויך פאַראַנען שוין אַזעלכע צושטעלער, וואָס דיס־טריבואירן פאַר דער באַפעלקערונג די געהעריקע צאָל סודות־אַרטי־קלען, גענוג אויף צו באַפרידיקן די פאַרלאַנגען און נייגעריקייטן פון די געברויכער.

נאָר אַזוי אַרום וועלן זיין פאַרשטענדלעך די „פאַרבאָטענע" און האַלבע ווערטער, באַגלייט מיט געהיימען וואונק און האַלב־

סודותדיקע אָנמערקונגען, וואָס ווערן לעצטנס צוגעשטעלט פאַר די מאַסן, דורך געוויסע פּערזאָנען, אין באַצוג צו דער נייגעבוירענער מדינת ישראל און צום קאַמף דאָרטן פאַר גאולת ישראל.

עס זיינען שוין פאַראַנען אַזעלכע יידן „אַלץ-ווייסערס", וואָס פאַרפּלייצען אייך מיט געהיימנישן. זיי זאָגן אייך און דערזאָגן נישט, „ווייל עס איז אַ סוד..." „צוליב נאַציאָנאַלער דיסציפּלין מוז עס נאָך דערווייל בלייבן שאַ-שטיל..."

עס הייסט, אַז זיי, די סודות-צושטעלער, ווייסן יאָ דעם אמת, און טאַקע פון באַגלויבטע ערשטע קוואַלען, אָבער — וואָס זאָל מען טאָן, די צייט איז נאָך נישט געקומען, דאָס מגלה צו זיין ברבים.

איצט — עטלעכע אילוסטראַציעס:

אין געסל „פּאַסאַכע יוקאַטאַן" שטייט אַ רעדל יידן, מ'דיסקוטירט און מ'אַמפּערט זיך, און פון וואָס רעדן היינט יידן? — פון מדינת ישראל.

איז איינער היצט זיך און קאָכט זיך, ער רעדט מיטן מויל, מיט די אויגן, מיט די הענט, מיט אַלע זיינע רמ"ח אברים, און ער באַווייזט ווי מיר פאַרשטייען גאָרנישט אָפּצושאַצן דאָס גרויסקייט פון היינטי־קער יידישער גבורה, די וואונדערבאַרסטע יידישע סטראַטעגיק, די חכמה פון דער יידישער פּאָליטיק און איבערהויפּט — די אייזערנע יידישע דיסציפּלין אין ארץ ישראל.

— דער אמת איז — שרייט דער ייד אויס מיט התלהבות — אַז מיר זיינען אַזוי פאַרטעמפּט געוואָרן אין די צוויי טויזנט יאָר פון גלות, אַז מיר זיינען גאָרנישט פעאיק צו באַנעמען און באַגרייפן דעם גאַנצן ענין פון יידישער מלוכהשאַפט, עס איז פּונקט ווי איינער וואָס איז צענדליקער יאָרן געזעסן אין תפיסה און מיטאַמאָל דערקלערט מען אים, אַז ער איז פריי פון תפיסה, און באַזונדער איז נאָך פאַר אים צוגעגרייט אַ פּרעכטיקער פּאַלאַץ צום וואוינען. דער אַרעסטאַנט איז גאָרנישט פעאיק צו גלויבן און באַגרייפן, אַז דאָס קען זיין אַ רעאַלע ווירקלעכקייט.

שרייט אינמיטן אַריין אַ צווייטער ייד:

— ווען נישט די שמוציקע פּאָליטיק פון פּיראַטישן ענגלאַנד וואָלט שוין נאָך אַ האַלב מיליאָן יידן געווען היינט אין ארץ ישראל.

און מיר וואָלטן געוויזן די וועלט, ווי אַ מוסטער, ווי אַזוי מ׳בויט אַ מלוכה.

פּאָרט אַריין אין די רייד אַ דריטער ייד:

און אַמעריקע מיינט איר איז באַסער? ענגלאַנד שפּילט כאָטש מיט אָפענען קאָרטן, אָבער אַמעריקע באַהאַלט זיך הינטער אַ זייַ־דענעם פאָרהאַנג, שפּילט מיט די יידן אַהין־אַהער־פּאָליטיק, ווייזט זיך כלומרשט ווי אַ פריינט און הינטן אַרומער רוקט זי אַריין אַ מעסער אין די פּלייצעס וואָרן ווען אַמעריקע זאָל וועלן וואָלטן די אַראַבער געלעגן איינגעלייגט און וואָלטן נישט געוואגט אַ האַנט אויפצוהויבן.

גיט זיך אַ פערטער ייד אַ זאָג אַריין, אַזוי בנעימותדיק און שמייכלענדיק:

— דער גאַנצער ענין „יידישע מלוכה", זאָג איך אייך, איז אַ שפּיל פאַרן טייוול. און געדענקט יידן, אַז מ׳שפּילט זיך מיט פייער; אין איצטיקער צייט זאָל דאָס יידישע פאָלק אַרויסטרעטן ווי אַ פאַרבונדעטער פון ראַטן־פאַרבאַנד איז אַזאַ געפערלעכע אַוואַנטורע וואָס איז שרעקלעך אַפילו זיך פאָרצושטעלן. אַז עס וועט אויסברעכן אַ נייער וועלט־קריג צווישן מזרח און מערב וועט דאַמאָלסט פון פּרעכטיקן פּאַלעסטינער ישוב נישט בלייבן אַ שטיין אויף אַ שטיין. און די יידן אויף דער גאַנצער וועלט וועלן דאַמאָלסט באַהאַנדלט ווערן ווי אַן אינערלעכע פינפטע קאָלומנע פון אויסערלעכן שונא. נאָך די היטלער־אויסראָטונגען וועט שוין אונדזער חורבן זיין אַ פולשטענדיקער. חברים ציוניסטן פריינט פון יידישן פאָלק, אונדזער שטעטל ברענט, לאָזט עס נישט אינגאַנצן חרוב ווערן.

אינמיטן דרינען קומט צו צום רעדל אַ גוט באַקאַנטער יונגער־מאַן, אַ באַרימטער היגער כלל־טוער און קהלשער פאַרזאָרגער. אַלע וואַרפן זיך מיט אַמאָל צו אים, כדי צו הערן זיין וואָגיק וואָרט. יעדער איינער טראַכט זיך, אַט ער ווייסט דאָך יאָ אַזעלכעס וואָס מיר ווייסן נישט.

דער יונגערמאַן מאַכט פריער צו רעכט די ברילן אויף דער נאָז, גיט אַזאַ איראָנישן שמייכל און רעדט אַרויס מיט אַזאַ געהיימ־פולן טאָן, געקליבענע פערלדיקע ווערטער:

— איי יידן, יידן, אַן אָקס האָט אַ לאַנגע צונג און קען נישט רעדן. גלויבט מיר, ווען מיר וואָלט דערלויבט געווען צו זאָגן אייך דאָס וואָס איך ווייס. ווען איך וואָלט געקענט אייך מגלה זיין די געהיימע פּלענער פון מדינת ישראל, וואָלט איר געזען, אַז אַלע רעדערייען אייערע זיינען, זאָלט איר מיר מוחל זיין, בטלנישע, הינטערהויוונדיקע.

און איידער וואָס ווען, דער יונגערמאַן איז שוין נישטאָ. ער האָט זיך שנעל אָפּגעטראָגן, איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַ טשאַד מיט אַ רויך פון פאַרנעפּלטע געהיימענישן.

און יעדערן איז געקומען אויפן געדאַנק:

— אוודאי, וואָס דען, וואָס ווייסן מיר!

נאָך אַ בילד:

אין אַ פּריוואַט-שטוב, ביי אַ היימישען צוזאַמענקום. פון וואָס רעדן היינט יידן? — פון מדינת ישראל.

גראָד זיינען דאָרטן געווען אַלץ אַזעלכע יידישע יידן, וועמען די פרייד, דורך דער באַנייטער יידישער מדינה, האָט דורכגענומען זייער גאַנץ וועזן און דערהויבן הימליש-הויך זייער צעפּלאַמטן עקסטאַז און דעריבער האָט אויך דער צער אונדזערער, פון די שווערע חבלי לידה, זיי שטאַרק צענומען און ווי געטאָן, אַזוי אַז דער געמיש פון פרייד און צער איז אַרויסגעקומען אין אַלע זייערע פאַרפּלאָנטערטע שמועסן, וועגן דער נאָענטער צוקונפט פון אונדזער מדינה. עס זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן פאַרשידענע מיינונגען, אויף וועמען פון די גרויסע מלוכות קען זיין געווענדט אונדזערע האָפענונגען אויף הילף אין אונדזער געראַנגל פאַר גאולת ישראל.

אין דעם איז אַריינגעקומען אַ באַקאַנטער ייד, אַן איבערגעגע-בענער טוער פאַר די קרנות. אַלע האָבן אָנגעשפּיצט אויגן, מויל און אויערן אויף דעם אַריינגעקומענעם, מיט דער האָפענונג צו הערן פון אים דאָס ריכטיקע טרייסט-וואָרט, וואָרן ער איז דאָך עפּעס אַ קרוב למלכות, צו אונדזער אייגענער מלכות, און ער ווייסט דאָך יאָ דעם אמת.

אָבער דער קרנות-טוער האָט געבעך אַלעמען אַנטוישט.

— דאָס וואָס איך קען אייך זאָגן, מיינע ליבע יידן — האָט דער ייד, איינער פון די „אַלץ ווייסערס", געגעבן צו פאַרשטיין — דאָס ווייסט איר אַליין אויך. דאָס ווידער, וואָס איך קען אייך נישט זאָגן דאַרפט איר פאַרלויפיק נאָך נישט וויסן.

אַלע זיינען געבליבן זיצן פאַרהילט און פאַרשלייערט אין אַ וואָלקן פון סודות און מלוכה-געהיימענישן. און כאָטש עס האָט נישט באַפרידיקט זייער נייגעריקייט, דאָך האָט מען דערקענט אין זייערע פנימער, אַז זיי זיינען געבליבן צופרידן, ווייל עס האָט צערייצט יעדן איינעמס פאַנטאַזיעס און געגעבן די מעגלעכקייט יעדערן אַליין צו אויסטייטשן פאַר זיך און אַליין פאַר זיך אויסשפינען דאָס נישט דערזאָגטע געהיימעניש.

און אָט נאָך אַ פאַרשלייערט בילד מיט סודות:

נישט אַלעמען דערציילט ער עס, ווייל דאָס מוז פאַרלויפיק בלייבן אַ שטרענגער סוד. נאָר נישט מער פאַר אַן אייגענעם מענטש מעג ער דאָך זאָגן:

— מען האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז מיט עגיפּטן זיינען מיר שוין דורכגעקומען. עס איז געווען אַ געהיימער צוזאַמענטרעף צווישן נאַסערן מיט אונדזערע מיניסטאָרן און עס איז שוין דערליי־דיקט... אָבער איך בעט דיר, פרעג מיר נישט פון וואַנען איך ווייס דאָס. דו פאַרשטייסט דאָך אַליין, אַז מ'דאַרף האַלטן דאָס מויל. מיר האַלטן דאָך נאָך אינמיטן דער מלחמה... און אין אַזעלכע זאַכן דאַרף מען זיין זייער פאָרזיכטיק....

און אָט נאָך אַ געהיימניש, רחמנא ליצלן:

דרייט זיך אַרום אַ ייד אין מעקסיקע, אַ פרעמדער, אַן אומבאַ־קאַנטער. געבוירן געוואָרן איז ער אין לובלין — פוילן. געווען איז ער אין אַ דייטשישן קאָנצענטראַציע-לאַגער. נאָך דער מלחמה האָט ער געוואוינט אין איטאַליע. פון דאָרט — קיין ארץ ישראל. און פון די פאַראייניקטע שטאַטן קומט ער קיין מעקסיקע „אין די ענינים פון דער יידישער מלוכה". ער האָט זיך שוין געזען מיט די פּערזאָנען וואָס מ'דאַרף און עס וועט זיין גוט...

— וואָס וועט זיין גוט? מיט וועמען זיך געזען? ווער האָט דיך געשיקט? ווער, וואָס, ווען? פון וואַנען, וואוהין און צוליב וואָס?

— פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ דאַרף בלייבן אַ שטרענגער סוד. שאַ, שטיל, קיינער טאָר עס נישט וויסן...

סודות זיינען איצט געוואָרן אַ גרויס געברויך־אַרטיקל. און אויף יעדן געברויך־אַרטיקל וואָס איז שטאַרק גאַנגבאַר, געפינען זיך שוין די געהעריקע צושטעלער. אָבער גאַנץ אָפט ווערן די אַרטיקלען צוגעשטעלט מיט גאָר נישט קיין ריינע הענט...

פאַרזיכטיק מיט די דאָזיקע סודות־צושטעלער!

# אוי, עס איז שלעכט!...

אַ באַקאַנטער ייד — אַ שטאָלוואַרג סוחר און אַ באַרימטער גביר, וועמען איך האָב אַלע יאָרן פיינט — האָט מיך אנומעלטן אָפּגעשטעלט אין גאַס. פריער האָט ער מיר באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס, ווי ער זאָל זיך איבערלייגן צי האָב איך די ווערט אַז ער זאָל זיך פאַר מיר אָפּרעדן זיין ביטער האַרץ צי נישט. ווייזט אויס, ער האָט באַשטימט אַז יאָ. האָט ער ערשטנס אַ שווערן זיפץ געטאָן און באַלד דערנאָך אַ נעבעכדיקן קרעכץ געגעבן:

— אוי, ס'איז שלעכט!

זע איך דאָך, אַז דעם ייד טוט עפּעס ווי, האָב איך ווייך געמאַכט מיין האַרץ און מיטליידנדיק אים אַ פרעג געגעבן:

— וואָס איז אייך ר' יונה, וואָס איז אייך געשען?

— איר פרעגט וואָס איז, איר האָט דאָך געלייענט אין די ציי־טונגען, און איר מוזט עס נאָך ווסן פריער פאַר מיר, איר זענט דאָך אַן אייגענער מענטש אין די בלעטער.

— אָבער וואָס איז עס? — בין איך שוין געוואָרן אומגעדולדיק — איך ווייס נישט וואָס איר מיינט. וואָסי, ווינציק צרות לייענט מען זיך עס אָן אין די צייטונגען!

— איך מיין די נייעס, אַז דער ראַטנפאַרבאַנד האָט אַרויסגע־פירט אַלע פאַבריקן פון דייטשלאַנד צו זיך אַ היים, און עס איז מע־גלעך, אַז אויך אַמעריקע און ענגלאַנד זאָלן טאָן דאָס זעלביקע.

איך האָב אָנגעקוקט דעם ייד, מיט שטוינונג און פאַרוואונדערונג, און אים אַ פרעג געטאָן מיט איראָניע:

— וואָס זשע טוט אייך אַזוי ווי דאָס האַרץ פאַר אונדזערע „פריינט" די דייטשן? און בכלל, וואָס קען עס אייך אַרן אַז דייטשלאַנד וועט בלייבן אָן פאַבריקן?

אָבער אַנשטאָט אָן ענטפער האָט דער ייד אַ ביטערן קרעכץ געגעבן:

— אוי, ס'איז שלעכט!

און באַלד האָט ער צוגעגעבן:

— איר מיינט אַז איך בין אַזאַ פריינט פון די דייטשן, די רשעים, די עמלקים, ימח שמם. איר מיינט אַז איך ווייס נישט און איך פיל נישט וואָס זיי האָבן געטאָן צו אונדזערע ברידער און שוועסטער אין אייראָפּע. און איר מיינט אַז דאָס האַרץ טוט מיר נישט ווי אויף דעם. וואָסי איך בין חלילה קיין ייד נישט? אָט האָב איך ערשט יענע וואָך געגעבן דריי טויזנט פּעזעס פאַר אונדזערע אָרימע ברידער פון יוראָפּ. אמת טאַקע זיי האָבן ביי מיר, געוואָלט פינף און צוואַנציק טויזנט פּעזעס... נו, מאַלע וואָס זיי האָבן געוואָלט. איבער מיין געלט בין איך באַלעבאָס און קיינער האָט מיר גאָרנישט צו זאָגן. הלוואי וואָלט יעדערער ייד פון מעקסיקע געגעבן צו דריי טויזנט פּעזעס וואָלטן מיר געשאַפן דאָ צען מיליאָן פּעזעס, נישט קיין דריי מיליאָן. אָבער דאָס איז זיך אַ באַזונדערע זאַך. נאָר די דייטשן, וואָס איר זאָלט אויף זיי ניט זאָגן, אויף די רשעים, אָבער אַ פּעזע קען מען ביי זיי מאַכן. איר הערט, נישט ביי די רוסן, נישט ביי די אַמעריקאַנער און נישט ביי די ענגלענדער וועט מען קענען מאַכן אַזוי לייכט אַ פּעזע ווי ביי די דייטשן. האָב איך אַלץ געוואָרט אַז די פאַרשאָלטענע מלחמה זאָל זיך שוין ענדיקן און די דייטשע פאַבריקן זאָלן ווידער אָנהויבן אַרבעטן אַזוי ווי פריער. און די קאָמוניקאַציע זאָל זיך שוין ווידער צוריק איינשטעלן נאָרמאַל אַזוי ווי פריער., און מען זאָל קענען ווידער אָנהויבן מאַכן אַ פּעזע אַזוי ווי פריער. אינמיטן, נאַ דיר גאָר אַזאַ אומגליק. גייען זיי גאָר אַרויספירן די פאַבריקן אין זייערע לענדער אַריין, און סטאָפּ — אַן עק מיט אַלעמען!

און פאַרענדיקט האָט דער ייד ווידער מיט אַ קרעכץ:

— אוי, ס'איז שלעכט!

אין דער גאַנצער צייט פון זיין רעדן און אויסגיסן זיין ביטער האַרץ בין איך אַזוי געשטאַנען קעגנאיבער אים און געשטאָכן אים מיט כעסדיקע בליקן און פאַר כעס געשוויגן.

האָט ער מיר געפרעגט:

— נו, וואָס שווייגט איר? זאָגט אַליין בין איך דען נישט גע־רעכט, אַז אַן דייטשע סחורות וועט זיין שלעכט...

— אוודאי איז שלעכט — האָב איך, אַן אויפגערעגטער און מיט פאַרקריצטע ציין, אים געענטפערט — אוודאי איז שלעכט, און נאָך ווי שלעכט! ווי לאַנג מיר האָבן אַזעלכע יידן איז זייער שלעכט! עקלדיק שלעכט!

דער ייד האָט מיר ווידער אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אַראָפּ און אַ ברוגזער האָט ער זיך אָפּגעטראָגן...

און איך האָב אים נאָכגעשריגן:

— אוי, ס'איז שלעכט!

## „אָבער ס'איז אַ ליגן!"

אַזעלכע „פריינט" גייען אַרום אין אונדזער יידישן מעקסיקע. אָפּגעהיטע נפשות אַזעלכע, וואָס ווילן נישט רעדן חלילה קיין לשון הרע, בפרט אויף אַ פריינט — אוודאי נישט, נישט מער: „מ'האָט געזאָגט", „אָבער עס איז אַ ליגן".

דערציילט איינער אַ „פריינט" אַזאַ, און ווי ער זאָגט אַליין — „אַ נאָענטער פריינט", אַז אויף דעם און דעם געזעלשאַפטלעכן טוער האָט מען געזאָגט אַז... אָבער עס איז בפירוש אַ ליגן, און אַמאָל גיט נאָך דער „פריינט" צו: „אַ געמיינער ליגן"; אויף דעם און דעם רע־ליגיעזן מנהיג האָט מען אַמאָל גערעדט אַז... אָבער איך פאַרזיכער אייך אַז עס איז אַ ליגן; אויף דעם און דעם אָנפירער פון דער און דער דערציאונג אינסטיטוציע האָט מען אויסגעטראַכט אַז... אָבער עס איז אַ ליגן, דאָס האָבן נאָר שונאים אויסגעטראַכט; אויף דעם און

דעם אָנגעזעענעם סוחר האָבן פּאַסקודניאַקעם אויסגעטראַכט אַז... אָבער עס איז אַ ליגן; אויף דעם און דעם ווייב האָבן גראָבע יונגן געוואָרפן אַ בילבול אַז באשר בכן... אָבער עס איז אַ מיאוסער ליגן.

מיט איין וואָרט — „אַלץ איז ליגן!" וואָרן אַ „פּריינט", דאַרפט איר וויסן, וועט נישט לאָזן פאַלן חלילה קיין שטויבעלע אויף זיינעם אַ פּריינט. עס איז בפירוש אַ ליגן. ס'טייטש איר זעט דאָך! „מאַלע וואָס מ'האָט געזאָגט . . . „אָבער ס'איז אַ ליגן!".

# אַ וויכטיקע נייעס, מיט אַ „פּיקטשער"

# אַ צולאָג . . .

אין איינער פון די היגע יידישע צייטונגען איז, אין אַ שבת-נומער, אויף אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ, געגעבן געוואָרן אַ וויכטיקע נייעס, און די נייעס איז אילוסטרירט געווען מיט אַ פאָטאָגראַפיע פון דער פּערזענלעכקייט, וועגן וועלכער עס האַנדלט זיך.

אָט איז וואָרט און וואָרט, ווי די וויכטיקע נייעס לייענט זיך:

„פאַבריקע וואָך איז דער באַקאַנטער סוחר און אינדוסטריעלער, דער געזעלשאַפטלעכער טוער ה׳ שמואל יונה פּימפּנסהאָלץ, אין באַגלייטונג פון זיין פרוי און טעכטערל, אָפּגעפאָרן אויף אַ קורצן באַזוך אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ה׳ שמואל יונה פּימפּנסהאָלץ וועט אויסנוצן זיין באַזוך צו פאַרבינדן זיך מיט די קאָמערציעלע קרייזן, מיט וועלכע די אונטערנעמונגען וואָס ער פירט דאָ אַן דערפאָלגרייך האָבן אַ האַנדלס-קאָנטאַקט. ה׳ שמואל יונה פּימפּנסהאָלץ וועט אויך זאָרגן צו באַציען די נייעסטע מאַשינען און טעכנישע איינריכטונגען פאַר די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אונטער זיין לייטונג".

אינמיטן — צווישן דער ערשטער העלפט און דער צווייטער העלפט פון דער דאָזיקער וויכטיקער נייעס — קומט אַ פאָטאָגראַפיע פון דער ליכטיקער געשטאַלט פונעם דאָזיקן אינדוסטריעלער און „געזעלשאַפטלעכן טוער", שמואל יונה פּימפּנסהאָלץ.

לייענענדיק די דאָזיקע נייעס האָב איך געקלערט: וואָס האָט דער רעדאַקטאָר פון דער דאָזיקער צייטונג געפונען אַזוי פאַר וויכטיק

צו מעלדן פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז אַ מעקסיקאַנער יידישער סוחר איז, צוליב די אינטערעסן פון זיינע געשעפטן, אַפגעפאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן? און איך האָב בלחש געפרעגט די אַלטע קשיה:

מאי קאַ משמע לן — וואָס קומט מיר דאָס צו לאָזן הערן? און ווער דאַרף דאָס וויסן?

אין דעם דערזע איך, אַז אונטער דער נייעס איז געצייכנט אַ שטערנדל.

אַזוי — האָב איך זיך געגעבן אַ כאַפּ — אַזוי איז שוין עפּעס אַנדערש. הייסט עס, אַז דער בעל דבר אַליין, דער אינדוסטריעלער און „גנזעלשאַפטלעכער טוער" ה' שמואל יונה פּימפּנסהאָלץ, האָט עס אַליין אַריינגעגעבן אָט די נייעס אין צייטונג, מיט זיין פאָטאָגראַפיע, און דערפאַר גוט באַצאָלט, פּשוט ווי אַן אַנאָנס. אויב אַזוי איז שוין עפּעס אַנדערש. אויב אַזוי האָט די צייטונג געהאַט פול־שטענדיקע רעכט דאָס צו דרוקן, אַז מ'באַצאָלט איז דבר אחר. מיר קענען צום רעדאַקטאָר קיין שום טענות נישט האָבן, וואָרן אויף באַצאָלטע אַנאָנסן — דאַרפן מיר וויסן — איז באַזירט די עקזיסטענץ פון אַלע היגע יידישע צייטונגען.

ערשט איצט איז מיר געוואָרן קשה אַן אַנדער זאַך און אין מיין מוח האָט זיך גענומען פּיקן אַ פראַגע פון פּסיכאָלאָגישן כאַראַקטער:

— וואָס האָט באַוואויגן אָט דעם דאָזיקן ייד, וועלכער האָט אין זיין באַזיץ צוויי ריזיקע פאַבריקן און וועלכער איז באַקאַנט אַלס גרויסער פילפאַכיקער מיליאָנער, וואָס האָט אים באַוואויגן צו וועלן דווקא אַרויסקומען אין צייטונג מיט אַ מעלדונג און מיט אַ פאָטאָגראַפיע, אַליין זיך צו באַרימען און זיך אַליין באַטיטלען מיט „גע־זעלשאַפטלעכער טוער", וואָס קיינער ווייסט גאַרנישט פון דעם? וואָס האָט אים דאָס געפעלט? איז אים דען דאָס רייכקייט אַליין ווינציק? וואָס זוכט ער נאָך צו דערגרייכן מיט זיין וועלן אַרויס־קומען אין דער עפנטלעכקייט און נאָך מיט זיין פאָטאָגראַפיע? צו וואָס פאַר אַ ציל זאָל ער דאָס דאַרפן האָבן?

איך האָב געטראַכט און געקלערט, געקלערט און געטראַכט, ביז איך האָב זיך דערטראַכט.

איז לויט ווי איך פאַרשטיי דאַרף די מעשה פון דער געשיכטע זיין אַזאַ היסטאָריע:

אונדזער שמואל יונה פּימפּסנהאָלץ קומט פון אַ שטעטל אין דער אַלטער היים, געוועזן איז ער אין דער אַלטער היים דאָרטן אַ

— וואָס זאָגט איר, חבר ווייסבוים, איז ער שמואל יונה געוועזן אין דער אַלטער היים ?

— אַ שמייסער ביי אַ בעל עגלה איז ער מסתם געוועזן.

דאָרטן, אין זעלביקן שטעטל, האָט געוואוינט אַ ייד אַ גרויסער גביר, אַ וואַלד-סוחר. האָבן אַלע אין שטעטל געהאַט גרויס דרך ארץ פאַרן גביר. „דער גביר גייט", „דער גביר האָט געזאָגט", „דער גביר מאַכט חתונה", „מ'דאַרף וואַרטן אויפן גביר", „דער רבי שטייט איין ביים גביר", „ביים גביר פירט זיך אַזוי", „אַט דאָס האָט ליב דער גביר", „מ'דאַרף פרעגן ביים גביר", „מ'וועט הערן וואָס דער גביר וועט זאָגן". מיט איין וואָרט — דעם גביר איז געווען אין אַלעמענס מיילער און אַלע האָבן אַרויפגעקוקט צום גביר פון אונטן אַרויף.

ביי אונדזער שמואל יונה פּימפּסנהאָלץ האָט פון ייִנגלוויז אָן געברענט אַ קנאה צום גביר פון שטעטל, און אין אים האָט אינע־ווייניק געטליעט אַ הייסער פאַרלאַנג און שטרעבונג צו דערהויבן ווערן אַמאָל צו דער מדרגה פונעם גביר פון שטעטל און איבערהויפּט — צום גרויסן כבוד וואָס מ'טיילט צו דעם גביר. און שמואל יונה האָט געמיינט, ער איז אין דעם זיכער געווען, אַז ווען ער וועט אַמאָל דערגרייכן צו אַ גרויס פאַרמעגן וועט ער שוין ממילא דער־גרייכן אויך צום גבירס כבוד.

איין זאַך האָט אונדזער שמואל יונה נישט גענומען אין אַכט, אַז דער כבוד וואָס איז צוגעטיילט געווען צום גביר פון שטעטל איז נישט געווען בלויז נאָר פאַר זיין רייכקייט, נאָר דער עיקר — פאַר זיין שיינער פּערזענלעכקייט און זיינע ווערטפולע מעשים טובים.

דער גביר ר' נתן נטע איז געווען אַ ייד אַ בן-תורה און ער האָט אויף אַ ברייטן אופן מקרב געווען תלמידי-חכמים. ר' נתן נטעס מעשים טובים זיינען באַרימט געווען אין דער גאַנצער אומגעגנט אַרום. ביי זיין גאַנצער פאַרנומענקייט, אין זיינע געשעפטן, האָט

ר׳ נתן נטע, און אויך זיין פרוי שרה מינדל, אין זינען געהאַט יעדן הארבט צו באַזאָרגן, פאַר באַדערפטיקע יידן, האָלץ און קאַרטאָפ־ליעס אויפן ווינטער, און אַלץ אויף אַ בכבודיקן אופן, אַז דער מקבל זאָל חלילה נישט פאַרשעמט ווערן. צי האָט אַן אָרעמער ייד באַ־דאַרפט חתונה מאַכן אַ טאָכטער האָט ער געוואוסט, אַז ווי לאַנג ר׳ נתן נטע לעבט דאַרף ער, דער אָרעמער ייד, נישט זאָרגן, נישט פאַר קיין נדן און נישט פאַר חתונה הוצאות און נאָך אַזוי ווייטער און ווייטער.

אַז אונדזער שמואל יונה פּימפּסנהאָלץ האָט זיך געלאָזט אין דער ברייטער וועלט אריין האָט ער שטענדיק געהאַט פאַר די אויגן דעם גביר פון זיין געבוירן־שטעטל און דעם כבוד, וואָס מ׳האָט יענעם גביר דאָרטן צוגעטיילט.

און שמואל יונה האָט זיך געלאָזט אויף אַלץ אין דער וועלט. קיין זאַך איז אים נישט שווער געווען און קיין זאַך איז אים נישט אומפּאַסיק געווען. איז ער טאַקע געקראָכן באַרג אַרויף, אַלץ העכער און העכער, און אַלצדינג איז אויסגערעכנט געווען מיטן איינציקן ציל צו דערגרייכן דעם גביר פון זיין שטעטל, נישט אַזוי מיטן רייכקייט אַן און פאַר זיך, נאָר צום כבוד, צו דער מאַכט און צום פאַרנעם, צו וואָס יענער גביר האָט דערגרייכט. און שמואל יונה איז זיכער געווען, אַז דאָס רייכקייט, וואָס מער און מער, וועט אים שוין ברענגען צו שלעפּן דאָס אַלצדינג, צו וועלכן ער האָט געגאַרט פון ייִנגלווייז אָן.

אָבער, ליידער — ערשט צום שפּיץ האָט זיך אונדזער שמואל יונה אַרומגעזען, אַז ער האָט אַלע יאָרן געלעבט גענאַרט. רייכקייט האָט ער, שמואל יונה, טאַקע דערגרייכט, אפשר מיליאָנען מאָל מער איידער יענער ייד ר׳ נתן נטע, דער גביר פון זיין שטעטל, אָבער כבוד — אַ פּייג! קיינער באַמערקט אים גאָרנישט, קיינעם ליגט ער אַפילו נישט אין זינען, נישט ער און נישט זיין רייכקייט, קיינער לייגט אויף אים אַפילו קיין אַכט נישט. און כבוד? — ווער, וואָס, ווען, אַ נעכטיקער טאָג!

און שמואל יונה פרעסט זיך אויף פון גריזאַטע, ער רייסט די ווענט פאַר צער, ער קען קיין נעכט נישט שלאָפן. עס שפּאַלט זיך אים דער מוח און ער קען נישט פאַרשטיין פאַרוואָס יענער דאָרט,

ר׳ נתן נטע פון זיין שטעטל, וועלכער האָט נישט פאַרמאָגט זיין מיסט, האָט געשעפּט כבוד גאַנצע העמערס. פון אַלע זייטן האָט מען אים אונטערגעשטופּט כבוד, און אים, שמואל יונהן, וועלכער איז אַזוי רייך, אַ פּילפּאַכיקער מיליאָנער — טיילט מען נישט צו, אַפילו קיין טראָפּן נישט אויף אַ רפואה, אַ ביסעלע כבוד. און דאָס לאָזט אים נישט רוען.

וואָלט ער זיך געלאָזט זאָגן, וואָלט מען אים, שמואל יונהן, גע־געבן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס ר׳ נתן נטען דאָרטן האָט מען אָפּ־געגעבן כבוד: פאַר זיינע שיינע מידות טובות, פאַר זיינע מעשים טובים, פאַרן זיך לאָזן קאָסטן מיט אַ ברייטער האַנט פאַר אַלע נויט־באַדערפטיקע צוועקן, פאַר זיינע שיינע און איידעלע באַנעמונגען צו זיינע מיטמענטשן, פאַר זיין גוט האַרץ און מענטשלעכע געפילן אין זיין באַציאונג צו אַנדערע, וואָס האָבן באַדאַרפט צו אים אָנ־קומען. אָבער דו, גראָבער פליגל, ווער האָט פון דיין רייכקייט, איז פאַרוואָס זשע קומט דיר כבוד ? און פאַרוואָס פאַרלאַנגסטו גאָר, אַז מ׳זאָל דיר אָפּגעבן כבוד ? פאַרוואָס ? פאַר ווען ?

האָט זיך דאָך אָבער שמואל יונה פּימפּסנהאָלץ איינגערעדט אַז ער איז קליגער פאַר דער גאַנצער וועלט, טאָ ווי פּאַסט עס פאַר אים, אַז ער זאָל זיך לאָזן זאָגן און זיך לאָזן לערנען פון אַנדערע?.

גייט ער זיך מיט זיין אייגענעם שכל: מיינט ער אַז ווען איינער אַן אינטעליגענט האָט פאַר אַ פּאָר פּעזעס אים אויסגעלערנט אַ רעדע און ער האָט די אויסגעלערנטע רעדע גערדרשנט אויף אַ פאַרזאַמלונג, ווערט מען אים דערפאַר אָפּגעבן כבוד. מיינט ער, אַז ווען ער ווערט זיך שטעלן אַ באַצאָלטן אַנאָנס אין צייטונג, אַז ער, דער גרויסער דער און דאָס, איז געפאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, דערצו נאָך מיט אַ פאָטאָגראַפיע, אַזוי אַז די גאַנצע וועלט זאָל וויסן, און זען, ווער און וואָס ער שמואל יונה איז, ווערט מען אים דערפאַר אָפּגעבן כבוד . . .

אָבער „לא״ מיט אַ ספּאָדיק ! אומזיסט גיט מען קיינעם קיין כבוד ניט ! און פאַר אַן אויסגעלערנטע רעדע און פאַר אַ „פּיקטשע״ אין צייטונג — אוודאי נישט.

אָבער וואָס טויג אַ סך ברייען — ס׳איז שלעכט! ס׳איז ביטער ווי גאָל!

כ'האָב מורא, אַז אונדזער ה' שמואל יונה פּימפּסנהאָלץ וועט שוין אַזוי אויסלעבן זיינע יאָרן אַ כבוד-לאָזער... ער איז טאַקע נעבעך פאַרביטערט, אָבער וואָס קענען מיר אים העלפן, אפשר נאָר מיט אַ קרעכץ.

און זאָל שמואל יונה דינען פאַר אַ מוסטער אויך פאַר אַנדערע אויפגעקומענע מיליאָנערן, און זאָלן זיי אַלע וויסן, אַז אויף כבוד דאַרף מען אַרבעטן און כבוד דאַרף מען זיך פאַרדינען...

# פאַר אונדזערע רעדאַקטאָרן — אַ טרייסט

וואָס ווייסט איר, מענטשן, און וואָס קענט איר זיך גאָר פאָר-שטעלן, וואָס פאַרא צרות און קרענקונג אונדזערע יידישע רעדאַק-טאָרן האָבן אויסצושטיין פון די היגע יידישע שרייבערס, ווען עס פאַלט חלילה אַריין אַ גרייז אין זייערס אַ שרייבעכץ! עס טוט זיך חושך, עס איז הימל עפן זיך, עס ווערן שרעקלעכע סקאַנדאַלן. און דער „געליטענער" שרייבער סטראַשעט באַלד מיט... ערגערס. דער סוף ווערט, אַז דער רעדאַקטאָר מוז פערזענלעך און עפנטלעך בעטן מחילה ביי דעם געקווייליטן שרייבער, צוזאָגן אונטער אַ שבועה אַז מער וועט אַזעלכעס נישט פאָרקומען און דאָך, נאָך אַלעמען, האָט זיך דעם שרייבערס בלוט נאָך אַלץ נישט געקילט; איין קלייניקייט, מען האָט דאָך דעם שרייבער פשוט געקווילעט! עס האָט אין זיין שרייבעכץ באַדאַרפט זיין „פאַרשלאָפט געוואָרן" איז געשטאַנען „פאַרשקלאַפט געוואָרן", נו ווי קען מען אַזעלכעס מוחל זיין?!

כדי אונדזערע רעדאַקטאָרן זאָלן כאָטש געפינען אַ שטיקל טרייסט צו זייערע צרות, וועל איך ברענגען בולטע באַווייזן, אַז ערגעץ אַנדערש איז נאָך ערגער, די גרייזן נאָך געפערלעכער, די טעותים נאָך לעכערלעכער און דאָך זענען, נישט שרייבער און נישט די רעדאַקטאָרן, פון דעם חלילה נישט אומגעקומען און אַפילו אויף אַ האָר נישט געניזוקט געוואָרן.

מען האָט מיר צוגעשיקט, ווי אין יעדן יאָר, דעם „ספר השנה של העתונאים, תל-אביב". יאָרבוך פון צייטונגס לייט, וואָס דער-שיינט יאָר-יערלעך (הלוואי אויף מעקסיקע געזאָגט געוואָרן).

איז דאָרטן פאַראַן אַן אָפּטיילונג וועגן גרייזן וואָס פאַלן אַריין אין די העברעאישע צייטונגען פון ישראל, שווידערלעכע גרייזן, וואָס גיבן אינגאַנצן אַן אַנדער באַדייט (אַ לעכערלעכן) צום געדאַנק פון שרייבער.

אָט איז אַ מוסטער פון גרייזן:

אין אַ צייטונג איז דערשינען צוויי אַנאָנסן: איינער האָט גע־געבן צו וויסן וועגן אַ רעפּעראַט און אַ צווייטער — וועגן אויפדעקן אַ מצבה. איז אונטערן אַנאָנס וועגן דער מצבה געשטאַנען „אַרייג־גאַנג 50 פּרוטות אויף צו דעקן די אויסגאַבן", דאָס וואָס האָט באַ־דאַרפט שטיין אונטער דעם אַנאָנס פון רעפּעראַט.

אַ געוויסע צייטונג וואָס באַקעמפט שטאַרק אַ געוויסער פּאַר־טיי, האָט אין עדיטאָריאַל־אַרטיקל געענדיקט מיט אַ זאַץ „אָבער די פּאַרטיי איז געבליבן לעצטנס געשעצט אין געזעלשאַפט, אַנשטאָט וואָס דער שרייבער האָט געוואָלט זאָגן: „פאַראייינזאַמט פון געזעל־שאַפט" (דער גרייז אין העברעאיש, וואָס פון „מבודדת" איז געוואָרן „מכובדת" — פּונקט דער היפּוך).

אין אַ צייטונג איז געווען אַ מעלדונג מיט גרויסע אותיות, אַז אַן אומבאַקאַנטער פּראָפעסאָר וועט באַזוכן מדינת ישראל. האָט באַ־דאַרפט זיין גאָר געמאָלדן, אַז אַ באַרימטער בעלגישער פּראָפעסאָר וועט באַזוכן מדינת ישראל. דער גרייז נעמט זיך וואָס אַנשטאָט „פּרופסר בלגי מפורסם" איז אַרויסגעקומען „פּרופסר בלתי מפורסם".

אַ נייעס אין אַ צייטונג גיט צו וויסן, אַז עס קומט פאָר אַ באַ־ראַטונג פון מיליטערישע קרעפטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן אין אַ מיטעלער שענק. האָט באַדאַרפט זיין אין מיטל־מזרח. דער גרייז נעמט זיך וואָס אַנשטאָט „מזרח התיכון" איז אַרויסגעקומען „מרזח התיכון".

אַ נייעס. מיט גרויסע אותיות, איז געווען, אַז די זיצונג פון דער אָנו" אין פאַרפוילט צום סוף, עס האָט באַדאַרפט זיין, אַז די זיצונג דערנעענטערט זיך צו איר סוף. דער גרייז נעמט זיך וואָס אַנשטאָט „מתקרבת" איז אַרויסגעקומען „מתרקבת".

אַ מעלדונג איז געווען, „די באַפעלקערונג ווערט געבעטן אויפ־צונעמען העפלעך די גנבים". עס האָט באַדאַרפט זיין „אויפצונעמען

העפלעך די אינקאַסענטן פון דער רעגירונג" דער גרייז נעמט זיך, וואָס אַנשטאָט „גובים" איז אַרויסגעקומען „גנבים".

אַן אַנאָנס: „מיר באַגריסן אים און זיין געליבטע דינסט צו זיין ווערן 80 יאָר אַלט". האָט באַדאַרפט זיין „און זיין געליבטע פאַמי־ליע". דער גרייז נעמט זיך וואָס אַנשטאָט „משפחתו" איז אַרויסגע־קומען „שפחתו".

אַנאָנס איז געווען (אַ נעקראָלאָג) „מיר טרויערן אויף דעם טויט פון דער געשמאַטער געזעלשאַפטלעכער טוערין". עס האָט באַ־דאַרפן זיין פון דער „ענערגישער געז. טוערין" דער גרייז קומט וואָס אַנשטאָט „הנמרצת" איז אַרויסגעקומען „המנצרת".

אַזאַ נייעס: „די פאַרשמוציקטע קאָאָפּעראַטיוון פון פּרדס־סינ־דיקאַט האָבן אויסגעוויילט אַ דעלעגאַציע", עס האָט באַדאַרפט זיין די אַנגעשלאָסענע קאָאָפּעראַטיוון. דער גרייז נעמט זיך וואָס אַנשטאָט „המסונפים" איז אַרויסגעקומען „המטונפים".

איינער האָט געשריבן „פאַר אונדזערע אויגן איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אַ טרוים פון פופציק מומעס". עס האָט באַדאַרפט זיין „פון פופציק דורות", אַנשטאָט „דורות" איז אַרויס געקומען „דודות".

אַ מעלדונג אין ציישונג גיט צו וויסן „צוליב געזונט־סיבות איז פאַרבאָטן מערדערייען אין ים פון תל־אביב". עס האָט באַדאַרפט זיין „פאַרבאָטן זיך וואַשן אין ים". דער גרייז קומט וואָס אַנשטאָט „רחיצה" איז אַרויסגעקומען „רציחה".

אין אַ הספד־אַרטיקל נאָך אַ געשטאָרבענעם רב זאָגט זיך: „דער פאַרשטאָרבענער רב האָט פערציק יאָר פאַרקערט מיט דער רביצן", עס דאַרף זיין „פערציק יאָר האָט ער פאַרנומען שטעלעס אַלס רב". דער גרייז נעמט זיך וואָס אַנשטאָט „שמש ברבנות" איז אַרויסגע־קומען שמש ברבנית".

אַנאָנס: „היינט אין אָוונט וועט פאָרקומען אַ צוזאַמענקום פון גנבים". איז דער גרייז וואָס אַנשטאָט „גננים — גערטנער, איז אַרויסגעקומען „גנבים".

אַ מעלדונג „דעם רבס מאַמע איז צעמישט געוואָרן אין אַ טיפער עלטער" האָט באַדאַרפט זיין „איז נפטר געוואָרן אין אַ טיפער על־

טער", דער גרייז נעמט זיך וואָס אַנשטאָט „נפטרה" איז אַרויס-קומען „נטרפה".

אַ נייעס: „אַ גרופּע הענקערס איז אָנגעקומען אין לאַנד אַריין. עס דאַרף זיין אַ גרופּע קריסטלעכע גאָט-בעטער איז אָנגעקומען". דער גרייז נעמט זיך וואָס אַנשטאָט „צליינים" איז אַרויסגעקומען „תליינים".

אַ נייעס: „דער מיניסטער האָט צוגעזאָגט פאַרלייכטערן ווי דאָס גאַנצע מיסט". עס דאַרף זיין „צו פאַרלייכטערן ווי ווייט מעגלעך". דער גרייז נעמט זיך וואָס אַנשטאָט „ככל האפשר" איז אַרויסגע-קומען „ככל האשפה".

אַ נייעס: „דער הויפּט-רב פון תל-אביב ר' א. י. אונטערמאַן און ד"ר י. וואָלפסבערג וועלן אין היינטיקן יאָר באַקומען אַ בכבו-דיקן בויך". עס דאַרף זיין „וועלן היינטיקן יאָר באַקומען די ערן-פּרעמיע אויפן נאָמען פון הרב קוק". דער גרייז נעמט זיך וואָס אַנשטאָט „פרס הכבוד" איז אַרויסגעקומען „כרס הכבוד".

נייעס: „עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיסיע פון שוטים אויף צו געבן די ביאַליק-פּרעמיע". עס דאַרף זיין „אַ ריכטער-קאָמיסיע". דער גרייז נעמט זיך וואָס אַנשטאָט „ועדת השופטים" איז אַרויס-געקומען ועדת השוטים".

פון אַ נייעס „אַ פרוי פון פיר יאָר, אַ מאַמע פון צוויי קינדער, וועלכע איז נישט לאַנג געגעט געוואָרן פון מאַן . . . ס'דאַרף זיין „אַ פרוי פון פערציק יאָר". דער גרייז נעמט זיך פון דעם וואָס „ארבעים" איז אַרויסגעקומען „ארבע".

פון אַ נייעס: פערציק קראַנקן-שוועסטער האָבן געענדיקט דעם קורס פאַר הויפּט-רבנים" (איין גאָט ווייסט וואָס דער שרייבער האָט געמיינט צו זאָגן, ספר השנה).

נאָך און נאָך אַזעלכע טויזנטער גרייזן וואָס פאַלן אַריין אין דער ישראלדיקער פּרעסע, ווי עס ברענגט דער ספר השנה, פון ישראלס ציַיטונג-לייט, גרייזן וואָס דרייען איבער קאַפּידרעך דעם מיין פון אויסדרוק און עס רופט אָפּטמאָל אַרויס אַ חוזק-געלעכטער; פונ-דעסטוועגן מאַכט מען נישט דערפון קיין טראַגעדיע און קליינע קינדער שטאַרבן נישט חלילה פון דעם.

דער זעלביקער „ספר השנה״ ברענגט וועגן אַ מעלדונג פון דער אַמעריקאַנער צייטונג „טהע אַמעריקען מערקיורי״, אַז זי זוכט אַ קוואַליפיצירטן קאָרעקטאָר, אויף אַ מיליאָן דאָלער אַ יאָר געהאַלט, וואָס קיין איין גרייז זאָל דורך אים נישט דורכגעלאָזט ווערן אין צייטונג.

אָבער ס׳איז שווער צו קריגן אַזעלכן וואָס זאָל אַזאַ פאַרפליכטונג וועלן נעמען אויף זיך.

היוצא מדברינו — אומעטום איז איין וועלט. פון דרוק-גרייזן איז זיך נישט אויסצוהיטן. דאַרף דער שרייבער זיין אויף דעם גרייט און דער רעדאַקטאָר דאַרף זיך נישט נעמען צום האַרצן ־דעם שרייבערס געוואַלדן, אַז מ׳האָט אים געקוילעט די קאַפּאָטע.

נישקשה — דער הערינג וועט זיך נישט וואַרפן !

# אַ פּרק ייִדישקייט

אַ קליינער צופֿאַל האָט מיך געפֿירט צו אַ גרויסער אַנטדעקונג.

כ'האָב טאַקע געלייענט, דאָ נישט לאַנג, אַן אַרטיקל אין אַ זשורנאַל, וואו עס ווערט אויפֿגעוויזן, אַז גאָר אַ גרויסער טייל פֿון דערפֿינדונגען, איבערהויפּט אויפֿן געביט פֿון מעדיצין, זיינען אַנטשטאַנען אַ דאַנק בלויז אַ ריינעם צופֿאַל. אַ געוויסער דאָקטאָר — לאָמיר זאָגן — האָט צופֿעליק באַמערקט, אַז זיינער אַ פּאַציענט, וועמען מ'האָט שוין געהאַלטן פֿאַר אומהיילבאַר, איז געזונט געוואָרן און איז, אויף אַן אומפֿאַרשטענדלעכן אופֿן, אַרויס בשלום פֿון אַ געפֿערלעכער קראַנקהייט. אָדער — עס איז באַמערקט געוואָרן, אַז אין אַ געוויסער געגנט האָט אַזאַ און אַזאַ קראַנקהייט קיין שליטה נישט אויף די דאָרטיקע איינוואוינער. אין ביידע פֿאַלן האָט מען גענומען זוכן די סיבות. איז, נאָך לאַנג זוכן, געקומען די אַנטדעקונג און דורך דער דאָזיקער אַנטדעקונג איז געקומען די דערפֿינדונג פֿון אַ מעדיציניש הייל-מיטל. דערנאָך שוין, דורך לאַבאָראַטאָרישע באַאָבאַכטונגען און פֿערפֿעקציאָנירונגען איז דאָס דאָזיקע הייל-מיטל, פֿאַר געוויסע קראַנקהייטן, געוואָרן אַלגעמיין-אַנערקענט, אַנגענומען און פּאָפּולער באַנוצט.

אַזוי איז אויך געשען מיט אַ סך אַנדערע דערפֿינדונגען, אויף אַנדערע געביטן.

ערשט איצט האָב איך איינגעזען די ריכטיקייט פֿון דער דאָזיקער טעאָריע. ערשט איצט בין איך דערגאַנגען וואָס פֿאַר אַ גרויסע ראָל עס שפּילט דער צופֿאַל, וואָס פֿירט צו גאָר, גאָר וויכטיקע אַנטדעקונגען.

מיר אַליין איז אַט נאָר וואָס אויסגעקומען, דורך אַזאַ צופאַל, צו דערגיין צו אַ קאַלאָסאַלער אַנטדעקונג, אויפן געביט פון יידישקייט.

יאָרן לאַנג האָבן אין מיר אַריינגעקנעלט מיינע עלטערן, מיינע זיידעס און מיינע רביים, אַז יידישקייט מיינט — די פאַרווירקלעכונג, אין טאָגטעגלעכע מעשים און אין אַלע לעבנס־פירונגען, די לערע פון אונדזערע יידישע חכמים, פון אַלע דורות; יידישקייט מיינט — אַריינלעבן זיך מיט האַרץ, מוח, נשמה, לייב און לעבן אין דער יידישער אייגנאַרטיקייט, וועלכע איז פאַרוואָרצלט געוואָרן אין יידישן פאָלק אין לויף פון דער גאַנצער צייט פון זיין עקזיסטענץ; יידישקייט מיינט — אָפּצוהיטן מיט אַלע כוחות און מעגלעכקייטן, די קאָנסערווירונג און אויפהאַלטונג (יעדער ייד אין זיך און מיט זיך) פון דער אַלץ אַרומנעמענדיקער איינהייטלעכער יידישער קער־פערשאַפט, וואָס הייסט — עם ישראל. דאָס אַלצדינג צוזאַמענגענו־מען איז קאָנצענטרירט אין איין וואָרט: יידישקייט־יהדות.

ביי קיין שום אומה ולשון געפינען מיר נישט דעם דאָזיקן טער־מין. מיר קענען נישט זאָגן ענגלישקייט, פראַנצויזישקייט, רוסיש־קייט, צי אַראַבישקייט. אַזאַ טערמין אין באַצוג צו אַנדערע פעלקער וואָלט געקלונגען אין אונדזערע אויערן ווילד און פרעמד, ווייל עס איז ווירקלעך נישט פאַראַן אַזאַ טערמין ביי קיינעם, אויסער נאָר ביי יידן.

פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, איז מסתמא פאַראַן אַ גאַנצע ריי סיבות. די הויפּט־סיבה איז אַוודאי, ווייל אַנדערע פעלקער זיינען טעריטאָ־ריעלע, ד״ה — זייער גאַנצער עקזיסטענץ־יסוד איז די נאַציאָנאַלע טעריטאָריע זייערע. און נאָר די געמיינזאַמע פאָלקס טעריטאָריע האָט געשאַפן זייער פאָלקס געמיינשאַפט און ממילא שוין, צוליב דער אָפּגעזונדערטער און אַלייניקער טעריטאָריע, זיינען אַנטשטאַ־נען פאַרזיכדיקע עקאָנאָמישע אינטערעסן און פאַרזיכדיקע עקאָנאָ־מישע באַדינגונגען. און אַלס פועל יוצא — אויך אייגנאַרטיקע קול־טור־פּראָבלעמען און אייגן־פאָלקישע קולטור־שאַפונגען.

און ווייל אַזוי, איז דער צובונד פון קינדער פון אַזאַ פאָלק — ווען נאָר זיי האָבן אָפּגעשטעלט זייער פּריוואַטן לעבנס־עקזיס־טענץ אויסער די גרענעצן פון זייער נאַציאָנאַלער טעריטאָריע — צו זייער פאָלקס גאַנצקייט, גייסטיק־מאָראַליש אַ גאַנץ וואַקלדיקער,

ווייט נישט קיין פעסטער. דעריבער, זעען מיר, ווי לייכט עס קומט זיי אָן צו אַסימילירן זיך מיט אַנדערע פעלקער, ווען די אומשטענדן זיינען פאַר זיי גינסטיקע.

אַנדערש אָבער איז עס מיט דעם יידישן פאָלק. די גאַנצע אַנטשטייאונג איז פון לכתחילה אָן געווען אַ גייסטיקע, כדי מאָראַליש-גייסטיק-קולטורעל צו זיין אָפּגעזונדערט פון דער ארומיקער וועלט. טעריטאָריע איז תמיד געווען נישט מער ווי אַ מיטל, ווי אַזוי בעסער צו קענען רעאַליזירן אין לעבן דעם אייגענעם אופן פון מאָראַל, גייסט און קולטור, וואָס איז פאַרוואָרצלט אין דער יידישער אמונה. טעריטאָריע — ווי אַ מיטל, אָבער קיינמאָל נישט ווי אַ יסוד. און ווייל אַזוי — איז ביי יידן אויפגעקומען דער טערמין יידישקייט, וואָס דאָס מיינט — אַלץ וואָס איז אין זיך כולל דעם גאַנצן סכום אייגנאַרטיקע אַנדערשקייטן, מיט וועלכע דאָס יידישע פאָלק זונדערט זיך אָפּ פון דעם גאַנצן אַרום.

איז צוליב דעם אַנטשטאַנען אַ גאַנצע תורה, אָדער תורות, מיט טויזנטער געזעצן און דינים, וועלכע לערנען דעם יידישן מענטש, ווי זיך צו פירן, פון זיין געבוירן ביזן שטאַרבן, און ווי אַזוי אַלזייטיק זיך אויסצולעבן אין די ראַמען פון זיין אייגענעם פאָלקס לעבן.

יעדער ייד וואָס האָט זיך אַזוי געפירט און אַזוי געלעבט, אָפּגעהיט אַלצינג לויט ווי די דינים האָבן פאַרזאָרגט און אָנגעזאָגט, האָט געהייסן, אַז ער היט אָפּ יידישקייט. טאָמער חלילה האָט אַ ייד דאָס נישט אָפּגעהיט האָט מען געטייטלט אויף אים, אַז ער היט נישט אָפּ קיין יידישקייט, דאַן איז שוין ווינד און ווייי געווען צו אים. עס איז טאַקע נישט אַזוי לייכט געווען אָפּצוהיטן יידישקייט, אָבער עס איז פאַרט געווען אָנגענעם, ליב און זיס צו האַלטן זיך אין גוטער יידישקייט. דאָס לעבן איז געווען געזעצמעסיק, איינגעשטעלט, מיט אָרדענונג און סיסטעם. נישט געווען קיין הפקרדיקייט אין לעבן.

שטח האָט ביי יידן קיינמאָל נישט געשפּילט קיין ראָל אין פאָלקסגאַנצקייט און אין פאָלקס-איינקייט, וואו אַ ייד האָט זיך געפונען און אָפּגעהיט יידישקייט איז ער שוין דורך דעם אַליין געווען ענג צוגעבונדן צום גאַנצן כלל ישראל און געפילט אין זיך דעם כוח פון דעם גאַנצן פאָלק.

דאָס אַלצדינג האָט מען אין מיר אַריינגעקנעלט פון מיין קינד־הייט אָן און איך האָב שטענדיק געמיינט, אַז דאָס אַלצדינג איז אַ פעסטער אייזערנער געזעץ, געמיינט, אַז דאָס אַלצדינג איז אַ הייליקער אמת, פון וועלכן עס איז אוממעגלעך אָפּצוווייכן כחוט השערה, אַפילו נישט מיט דער מחשבה.

איז געקומען אַ קליינער צופאַל און האָט פאַר מיר געמאַכט אַ ריזיקע אַנטדעקונג. דער דאָזיקער צופאַל האָט מיר אויפגעעפנט די אויגן; מיר אויפגעקלערט, אַז כ׳האָב אַלע יאָרן געלעבט אין שרעקלעכן טעות און מיר באַוויזן, שוואַרץ אויף ווייס, אַז יידישקייט איז לגמרי גאָר עפּעס אַנדערש.

געשען איז עס אַזוי:

איינמאָל ערב פורים איז אַ פרוי אַרומגעלאָפן זוכן מאַן, אויף צו מאַכן די טראַדיציאָנעלע דריי־שפּיציקע המן־טאַשן אויף פורים. זי האָט אָבער אין ערגעץ נישט געקענט קריגן היי־יאָר דעם דאָזיקן אַרטיקל, מאָן. אגב — איז לויט די היגע, מעקסיקאַנער געזעצן שטרענג פאַרבאָטן צו האַנדלען מיט מאָן, ווייל מען האַלט דאָ, אַז מאָן האָט אין זיך אַ געווויסן נאַרקאָטיק.

הכלל — די פרוי האָט קיין מאָן נישט געקראָגן. נו, האָט זיך די פרוי אַזש צעוויינט פון צער און עגמת־נפש, וואָס זי וועט היי־יאָר נישט קענען אָפּהיטן די אַלטע יידישע טראַדיציע צו עסן המן־טאַשן אום פורים.

— און אָן המן־טאַשן — האָט די פרוי זיך צערעדט כליפנדיק — ווי קענען מיר אָפּהיטן יידישקייט און אָן יידישקייט שטייט דאָך חלילה אין געפאַר דער גאַנצער קיום פון יידישן פאָלק.

— מילא, פסח אָן מצות — האָט די פרוי געהאַלטן אין איין כליפּען — קענען מיר, מאָדערנע יידן, גאַנץ גוט זיך באַגיין, וואָרן מצה האָט שוין צו טאָן מיט רעליגיע און יעדער אַרנטלעכער מענטש דאַרף פון זיך אָפּטרייסלען אַלצדינג וואָס האָט צו טאָן מיט רעליגיע, ווייל רעליגיע איז סם, רעליגיע איז אָפּיום פאַר די מאַסן, איבער רעליגיעס ווערן געפירט מלחמות און אומזיסטע בלוט־פאַרגיסונגען, רעליגיע איז געווען אין די הענט פון דער בורזשואַזיע און זייערע קנעכט די קלעריקאַלן, דעריבער איז אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט

רעליגיע דאַרף מען פאַרשליידערן און פון זיך אָפּשטויסן. אָבער המן־טאַשן אום פּורים האָט שוין גאָרנישט צו טאָן מיט רעליגיע. דאָס איז שוין ריינע טראַדיציע און טראַדיציע מיינט ייִדישקייט, און ייִדישקייט מיינט קיום און המשך. דעריבער איז אַ חוב אויף יעדן ייִד אָפּצוהיטן די טראַדיציע פון המן־טאַשן.

אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג האָט אויף מיר געמאַכט דער פּרוּוו דער־קלערונג און די אַרגומענטן אירע. איך האָב געזען, אַז איך האָב פאַר זיך אַ מענטש וואָס פאַרשטייט, אַ מענטש וואָס דענקט און אַ מענטש וואָס האָט אַן אייגנאַרטיקן און קלאָרן צוגאַנג צו זאַכן און פּראָבלעמען. עס האָט מיך פאַראינטריגירט איר אויפפאַסונג וועגן ייִדישקייט, וואָס איז פאַר מיר געווען אינגאַנצן ניי און אויסטערליש. איך האָב שוין דער פרוי נישט אָפּגעלאָזט. איך האָב שוין געזוכט ווי אַזוי מיט איר צו פאַרפירן אַ ברייטערן שמועס וועגן ייִדישקייט, ווי זי פּאַסט עס אויף.

ווי זאָגט מען: „אַז מ'זוכט געפינט מען". האָב איך טאַקע אָט אַ דאָ, אין די לעצטע טעג געפּאַקט אַ געלעגנהייט צו פאַרפירן מיט איר אַ שמועס וועגן ייִדישקייט, וועגן קיום און וועגן המשך. אייגנט־לעך קען דאָס נישט אָנגערופן ווערן אַ שמועס, וואָרן איך האָב די גאַנצע צייט געשוויגן. גערעדט האָט זי אַליין און איך האָב, ווי אַ געהאָרכזאַמער שילער, געשלונגען יעדעס וואָרט אירס.

און זי האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין אַזוי:

— אין די אַלטע צייטן האָט יעדעס פאָלק געהאַט זיין אייגענעם לאַנדס גאָט. דער גאָט פון ייִדישן לאַנד האָט געהייסן יעהאָוואַ. יעדער גאָט האָט געהאַט זיינע כּוהנים, וועלכע פלעגן, אין נאָמען פון גאָט, פירן דאָס פאָלק צו מלחמות מיט אַנדערע פעלקער. די כּוהנים האָבן, אין נאָמען פון גאָט, געזעען איינצואָרדענען דאָס לעבן פון פאָלק אַזוי, אַז די רייכע זאָלן בלייבן רייך און די אָרעמע — אָרעם. מיט דער צייט האָט זיך געשאַפן ביי יעדן פאָלק באַזונדערע פאָלקס־מינהגים, פאָלקס־יום־טובים און באַזונדערע אופנים פון צו־גרייטן מאכלים. דאָס איז אַלץ געטאָן געוואָרן מיטן ציל, כּדי אָפּ־צוזונדערן איין פאָלק פון צווייטן און וואָס מער דערווייטערן איין פאָלק פון צווייטן, כּדי מען זאָל קענען צו יעדער צייט, ווען פאַר די רייכע וועט זיך לוינען, אָנרייצן איין פאָלק קעגן צווייטן און פאַר־

פירן מלחמות. אַזוי האָט זיך געשאַפן, ביי יעדן פאָלק, אייגענע טראַדיציעס פון מאכלים, פון דערציען קינדער, פון גאָטעס-דינסט, פון קליידונג און פון יום-טובים. דאָס זעלביקע איז פאָרגעקומען אויך מיטן יידישן פאָלק. איז ביי די פעלקער וואָס זיינען געבליבן אויף זייערע טעריטאָריעס, האָבן זיך די פאָלקס-מינהגים און אַלטע טראַדיציעס ביסלעכווייז זיך טראַנספאָרמירט און רעפאָרמירט, צוגעפאַסט צו די נייע צייטן, אַזוי אַז די שפּעטערדיקע דורות האָבן שוין נישט געקענט אַפילו דערקענען די טראַדיציעס פון אַמאָל. אָבער אַזוי ווי דאָס יידישע פאָלק איז פאַרטריבן געוואָרן פון זיין לאַנד, איז צוליב דער שטאַרקער שטרעבונג צו דערהאַלטן דאָס פאָלק געאייניקט געבליבן די אַלטע אַמאָליקע טראַדיציעס און מינהגים, געבליבן אומפאַרענדערט. פאַרקערט — מען האָט זיי, אין נאָמען פון גאָט און זיין תורה, נאָך מער פאַרפעסטיקט, דורך אָנוואַרפן אַ מורא אויפן פאָלק, מיט גיהנומדיקע שטראָפן אויף יענער וועלט און דורך רדיפות און פאַרפאָלגונגען אויף דער וועלט. אַזוי האָט מען אָנגעוואָרפן, אויף די אָרעמע פּלייצעס פון פאָלק גאַנצע בערג מיט דינים, חומרות און געזעצן, און אַלץ אין נאָמען פון גאָט, פון דער תורה און יידישער רעליגיע. עס קען זיין, אַז דאָס האָט טיילווייז געהאַט אַ ווירקונג צו דערהאַלטן דעם קיום פון פאָלק. לאָמיר זאָגן, אַז ס'איז אמת. אָבער מיר, מאָדערנע און פריידענקנדיקע מענטשן, קענען דאָך נישט און טאָרן נישט, קעגן אונדזערע איבערצייגונגען, שלעפּן אַזוי ווייטער אויף זיך דעם גאָט און תורה-באַגריף, וואָס איז אונדז ניט צום הארצן און וואָס עס איז אונדז דערווידער. אָבער מיר ווילן דאָך פאָרט בלייבן יידן און ווייטער אָנהאַלטן דעם קיום און דעם המשך פון אונדזער פאָלק. דעריבער מוזן מיר אַראָפּוואַרפן די רעליגיעזע שאַלעכץ פון דער יידישער טראַדיציע און מיר וועלן אַרויסנעמען בלויז די יאָדרע, דעם תוך. דאָס הייסט — נאָר די אייגנטלעכע, פרייע, יידישע טראַדיציע, וואָס האָט מיט רעליגיע גאָרנישט צו טאָן און אַזוי וועלן מיר, ווי פרייע מענטשן, אָבער גוטע יידן, ווייטער ציען אונדזער המשך, אונדזער קיום. לאָמיר צוגיין צו דער זאַך קאָנקרעט. אין וואָס דאַרפן באַשטיין אונדזערע טראַדיציאָנעלע פירונגען: מיר דאַרפן עסן אין די פרייטיקצונאַכטסן געפילטע פיש און אויפן טיש זאָלן דערביי שטיין אָנגעצונדענע ליכט. אָבער אומבאַדינגט זיי אָנצינדן אָן אַ ברכה. דאָס איז אין די היימען. באַזונדערס דאַרף מען אין די פרייטיקצונאַכטסן איינאָרדענען געזעלשאַפטלעך-

כע,ליטעראַרישע קולטור-אַוונטן; שבת אינדערפרי דאַרפן מיר עסן טשאָלנט; פסח דאַרפן מיר עסן כרעמדזלעך און קניידלעך; שבועות דאַרפן מיר עסן בלינצעס און פוטער-קיכלעך: ראש-השנה, יום-כיפור און סוכות דאַרפן מיר עסן קרעפּלעך; חנוכה דאַרף מען מאַכן לאַט-קעס און עסן מיט געגנדזענע גריוון; עס איז נאָך נישט פעסטגע-שטעלט, עס בלייבט נאָך אַ פראַגע, צי קאָרטן-שפּילן אום חנוכה גייט אַריין אין יידישער טראַדיציע, וואָס איז אַ חוב פאַר יעדן ייד, אָדער ס׳איז בלויז רשות; און פורים מוז מען עסן המן-טאַשן, געפילט נאָר מיט מאָן, לויט דער אמתער טראַדיציע.

און די פרוי האָט פאַרענדיקט איר לעקציע וועגן יידישקייט, מיט פאַטעטישן אויסרוף:

— און צו דעם אַלעמען מוזן מיר רעדן מיט אונדזערע קינדער יידיש און לייענען יידישע ליטעראַטור, אַזוי וועלן מיר זיכער בלייבן, מיר און די קומענדיקע דורות, גוטע יידן, וועלכע וועלן אימשטאַנד זיין ווייטער צו ציען דעם המשך און דעם קיום פון יידישן פאָלק.

הלמאי זאָל איך לייקענען, די פרוי האָט מיך ביים לעבן דער-האַלטן. מיט איר לעקציע וועגן יידישקייט, קיום און המשך, האָט זי מיר פשוט די אויגן געעפנט.

און איך דאַנק האַרציק דעם צופאַל וואָס האָט מיך געפירט צו אַזאַ גרויסער אַנטדעקונג.

אַמאָל איז יידישקייט געווען אַ שווערע לאַסט און עס איז באמת געווען „שווער צו זיין אַ ייד״, אָבער היינט — אַ מחיה, היינט קען דאָך אפילו איוואַן זיין אַ ייד און אָפּהיטן יידישקייט. אָבער — אַ מכה אים. ער האָט נישט געוואָלט וויסן פון יידישקייט אין די שווערע צייטן, פאַרוואָס זאָל ער עס איצט געניסן פון יידישקייט אין די גרינגע צייטן!

# שיכורים

צווישן אַלע אתה־בחרתנודיקע איינרעדעניש, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט ביי יידן, אין פאַרמעסט צווישן אונדז און אַנדערע פעלקער, איז אויך פאַראַן אַן איינרעדעניש, אַז ביי אונדז זענען נישטאָ קיין שיכורים. מ׳וועט נישט טרעפן — זאָגט מען — ביי יידן שיכורים, אַזעלכע אַזוי ווי ביי זיי, וואָס זאָלן צוליב פאַרשי־כורטקייט זיך וואַלגערן אין שמוץ און זאָלן פלוידערן אומגעלום־פערטע, צעדולדעטע רייד.

נעמט זיך אָט די טעותדיקע איינרעדעניש דערפון, וואָס מען מיינט אַז שיכור ווערט מען נאָר פון אַלקאָהאָל. איז טאַקע אמת (זאָל צו אונדזער שבח געזאָגט ווערן) אַז ביי יידן זענען ניט פאַראַן, אָדער אפשר גאָר אַ נישטיקער פּראָצענט, אַלקאָהאָליקער אין דער מאָס ווי מיר זעען עס ביי אַנדערע.

שיכור ווערט מען אָבער אויך פון אַנדערע שאַרפע געטראַנקען, נישט אַלקאָהאָלישע. און דער פּראָצעס איז דער זעלביקער: מען טרינקט זיך אָן, עס פאַרמישט זיך דער קאָפּ, מען פאַרלירט די גלייכגעוויכט, מ׳ווייסט נישט וואו איין און וואו אויס, מ׳פאַרגעסט וואו מ׳געפינט זיך, מ׳וואַלגערט זיך אין שמוץ, די צונג ווערט אויפגעלאָזט און מ׳פלוידערט אויס נאַרישע, אומפאַרשטענדלעכע רייד.

און פונקט ווי ביי אַלקאָהאָלישע געטראַנקען אַזוי איז אויך מיט די אַנדערע שאַרפע געטראַנקען: דער וואָס איז געוואוינט צו טרינ־קען ווערט נישט אַזוי שנעל שיכור. דער אָבער וואָס איז נישט צוגעוואוינט, איז באַלד ביים ערשטן פאַרזוך נעמט אים שוין זיך פאַרדרייען דער קאָפּ.

האָט מען אַמאָל איינעם געגעבן צו פאַרזוכן פון דעם שאַרפן געטראַנק וואָס הייסט „כבוד“, האָט זיך אים באַלד דער קאָפּ פאַרדרייט, ער איז פאַרשיכורט געוואָרן און וואָס ? . . . ווי אַלע שיכורים: ער האָט פאַרלוירן זיין באַוואוסטזיין און איז אַריין אין אַ טראַנס פון גאווה.

אין זיין בוך „עטיק“, טייל 4, פּראָפּאָזיציע 75, זאָגט ברוך שפּינאָזאַ אַזוי: „גאווה קומט דערפון, וואָס דער מענטש איבערשאַצט זיך אַליין. אַזאַ מענטש איז זיך שטאַרק מחיה אין דער געזעלשאַפט פון חניפהניקעס און פּאַראַזיטן, און מיידט אוים די געזעלשאַפט פון אויפריכטיקע מענטשן. דער בעל גאווה איז על פּי נויטווענדיקייט אַ בעל מקנא. אָבער גאַנץ באַזונדער האַסט ער יענע, וואָס ווערן הויך געלויבט פאַר זייערע גוטע מעשים, וואָס מער מאַכט דער בעל גאווה פאַרמאָגט — אַלץ מערער שאָדן, אומגליק און שלעכטסקייט טוט ער אָן. אַנשטאָט אים אויסצושטעלן פאַר אַ נאַר, מאַכן אים די פּאַראַזיטן און חניפהניקעס משוגע. (אויף מיין לשון וואָלט איך געזאָגט: „נישט „משוגע“, נאָר „פאַרשיכורט“ . . .).

האָט מען ווידער איינעם געגעבן צו פאַרזוכן דעם טעם פון זייער אַ שאַרפן געטראַנק וואָס הייסט „קאַפּיטאַל“. און דער טרינקער נעבעך איז קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געוואוינט געווען צו אַזאַ שאַרפער משקה, האָט זיך אים באַלד דער קאָפּ פאַרדרייט, און וואָס ? . . . אַ שיכור ווי אַלע שיכורים ! ער טוט אַזוינע זאַכן און פּלאַפּלט אַזעלכע רייד, וואָס אַ ניכטערער וועט זיך שעמען אַזוינס צו טאָן און אַזעלכעס צו פּלוידערן.

איינער ווידער, אַ שטאַרקער ליבהאָבער פון נאַטור-שיינקייט, איז אַמאָל געגאַנגען שפּאַצירן אין אַ בלומען-גאָרטן, איז ער פאַרשיכורט געוואָרן פון דער פּילפּאַרביקייט מיט וואָס די בלומען פאַרבלענדן די אויגן. פון שיכרות האָט זיך אים דער קאָפּ צעמישט און ער האָט גענומען נאָכמאַכן, אויף זיך און אין זיך, די פּילפּאַרביקייט פון די בלומען. ער זעט נישט און הערט ניט ווי אַלע אַרום אים לאַכן און שפּאָטן פון אים און מאַכן פון אים חוזק. גיי דערצייל אַ שיכורן, אַז אַלע קוקן אויף אים ווי אויף אַ משוגענעם, אַז ער מיינט גאָר, די גאַנצע וועלט איז שיכור און ער איינער איז דער ניכטערער מיט קלאָרע געדאַנקען.

איינער איז גאָר פאַרשיכורט פון בלויזן ריח. ער האָט געגעבן אַ שמעק צו עטלעכע ביכלעך, אַ שמעק דאָ און אַ שמעק דאָרט, און ער איז פאַרשיכורט געוואָרן. אין זיין שיכרות־צושטאַנד האָט ער זיך נעבעך איינגערעדט, אַז ער איז אַ למדן, אַ קענער און אַ וויסער. פירט ער דיסקוסיעס און ער דרשנט על עצים ועל אבנים, איבער אַלץ אין דער וועלט. ער פילט גאָרנישט ווי זיינע פלוידערייען ווערן אויסגעלאַכט. און עס איז נאַטירלעך, וואָרן וועלכער שיכור פילט דען יאָ, ווען ער ליגט אין רינשטאָק, אַז אַלע אַרומיקע קוקן אויף אים מיט שפּאָט ?!

איינער ווידער איז פאַרשיכורט פון קלאַנג. ער האָט געהערט, אַז עס גייט אַ קלאַנג וועגן איינעם, אַז יענער איז זייער אַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט. נו, האָט ער דאָס גענומען אויף זיין חשבון; וואָרן וועמען דען קען מען מיינען אויב נישט אים ?! אויפן סמך פון דאָזיקן קלאַנג איז ער פאַרשיכורט געוואָרן און גענומען פראַוון שיכורע שטיק, ווי יעדער שיכור . . . אַז נישט אויסצוהאַלטן פון אים .

אַזוי דרייען זיך אַרום ביי אונדז אַ סך שיכורים, האַלב־וואַנזיניקע און צעדרייטע, וואָס זענען פאַרשיכורט געוואָרן פון שאַרפע גע־טראַנקען (כאָטש נישט קיין אַלקאָהאָלישע), צו וועלכע זיי זענען נישט צוגעוואוינט. און דאָך זאָגן מיר נאָך אַלץ, מיט אתה־בחרת־נודיקער זיכערקייט, אַז ביי יידן זענען נישטאָ קיין שיכורים.

# „איך בין אַ קולטור־מענטש"...

אין וואָכנבלאַט „יידישער קעמפער" דערציילט מ. ארציאלי, ווי ער האָט זיך באַגעגנט אין תל־אביב מיט אַ יונגנמאַן, אַן ארויסגע־טריבענער פון עגיפּטן, וואָס איז געקומען אין ישראל אָן איין פּרוטה, בלויז מיט די מלבושים וואָס ער האָט געטראָגן אויף זיך. האָט ער אים געפרעגט פאַרוואָס ער איז אַוועק פון פּתח־תקוה און געקומען קיין תל־אביב.

— איך בין אַ קולטור־מענטש — האָט דער יונגערמאַן געענט־פערט — איך קען בלויז לעבן אין דער גרויסער שטאָט.

— וועלכע קולטור האָסטו דאָ אין שטאָט ?

— דאָ זענען פאַראַן גרויסע געשעפטן, פאַראַן שיינע קאַפע־הייזער, פאַראַן קינאָס, פאַראַן טאַנץ־זאַלן.

— וואָס קלערסטו דאָ צו טאָן ?

— כ'וויל ווערן אַ באַאַמטער.

— און אויף קאָלאָניזאַציע ווילסטו נישט גיין ?

— ניין.

— פאַרוואָס ?

— ס'איז נישט פאַר מיר. איך האָב ליב קולטור און פרייהייט. באַזונדערס — דאַרף מען דאָרטן אַרבעטן שווער.

— האָסטו נישט ליב קיין שווערע אַרבעט ?

— ניין. איך האָב ליב צו אַרבעטן לייכט. בלויז מענטשן אָן קולטור גייען צו לאַנדווירטשאַפט, אָבער איך בין אַ קולטור מענטש.

עד כאן אַן עגיפּטישער פּליט אין תל־אביב.
און וואָס הערט זיך ביי אונדז אין מדינת מעקסיקע מיט „קולטור־מענטשן?

— — — — — — — —

ער איז מיינער אַ פריינד שוין אַ סך יאָרן. זיינע לאַנדסלייט זאָגן, אַז אין זיין שטאָט האָט מען אים גערופן „פּייטל דער" . . . אָבער איך גלייב ניט. דאָס האָבן זיי אויסגעטראַכט אויף אים, פּשוט פון קנאה, פון נישט פאַרגינען, ווייל ער איז דאָ שטאַרק רייך געוואָרן. אָבער וואָס איז דען דאָס וויכטיק? האָט ער מיט מזל חתונה געמאַכט אַ טאָכטער. דערציילט ער מיר, אַז בלויז די חופה־נאַכט האָט אים אָפּגעקאָסט איבער אַ פערטל מיליאָן פּעזעס.
האָב איך אים געפרעגט:

— צו וואָס האָט איר דאָס באַדאַרפט און ווער האָט דערפון געהאַט? ווען איר וואָלט בעסער פאַר דעם געלט געקויפט ישראל באָנדס און געגעבן דאָס די קינדער אַ מתנה. אי איר וואָלט דערמיט געטאָן אַ שיינע זאַך פאַר זיך, אי אונדזער מדינה וואָלט דערפון הנאה געהאַט, אי די קינדער וואָלטן דערפון גענאָסן. אָבער אַזוי סתם אַרויסוואַרפן געלט, צו וואָס דאַרף מען עס?

— איר קענט מיך נישט פאַרשטיין, מיין פריינד, — האָט ער מיר געענטפערט זייער אויפריכטיק — אַזוי האַנדלען, ווי איר זאָגט, קען יעדער פּראָסטער מענטש, אָבער נישט איך. איך, דאַרפט איר וויסן, בין אַ קולטור־מענטש און מוז זיך פירן ווי יעדער קולטור־מענטש.

⁂

נישט איך קען אים, נישט איך ווייס ווער און וואָס ער איז, און עס האָט מיך אויך נישט אינטערעסירט צו וויסן. דורך אַ געוויסן צופאַל איז מיר אויסגעקומען מיט אים זיך צו באַגעגענען. באַלד ווי מ'קוקט אָן זיין מגושמדיק פּנים און זיינע גזלנישע אויגן קען מען באַלד דערקענען, אַז ער געהערט נישט צום פּשיסכער רבינס אייניקלעך. אָבער וואָס איז דען דאָס וויכטיק?

ביים באַגעגענען זיך (דאָס איינציקע מאָל) האָט ער מיר דאָס ערשטע געפרעגט אין שפּאַניש, צי ער קען מיט מיר רעדן אין ענג־ליש. האָב איך גאַנץ נאַאיוו אים געפרעגט:

— צו וואָס דאַרפט איר זיך מאַטערן און רעדן ענגליש, צי אַפילו שפּאַניש, אַז איר קענט צו מיר רעדן פּשוט יידיש?

דאָ האָט זיך אין בעל דבר אָנגעצונדן די יוכע, דאָס פּנים זיינס האָט זיך צעפלאַמט, די גזלנישע אויגן האָבן געשאָסן מיט פייער און ער האָט זיך צעשריגן מיט אַ ווילד געשריי, און דווקא אין אַ גוטן אוקראַינישן יידיש:

— וואָס מיינט איר עס, מיט וועמען רעדט איר דאָס?! מיט עפּעס אַ צלאָפּ?! מיט אַ שאַנכע־שמייע פון הינטערן אויוון?!! איר דאַרפט וויסן, אַז איך בין אַ קולטור מענטש! אויף זשאַרגאָן זאָלט איר רעדן מיט אייערע האַלאַדראַנצעס אין באָד, נישט מיט אַ קולטור־מענטש. און איך זאָג אייך, איר זאָלט עס געדענקען, אַז איך בין אַ קולטור־מענטש.



איך האָב געהאַט צו זרהן אַ טענה:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, — האָב איך נאָך אַ צייט שמועסנ־דיק מיט אים אין זיין הויז, געפרעגט — איך זע ביי אייך אַ רייך איינגעאָרדנט הויז מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן און קאָמפאָרט, פאַר־וואָס זע איך נישט ביי איין אויך אַ שאַנק מיט ביכער?

ער האָט זיך געקווענקלט, צי זאָל ער מיר יאָ ענטפערן אויף מיין פראַגע צי נישט. ענדלעך האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט און האַלב־שטאַמלענדיק מיר געענטפערט:

— לויט ווי איך זע קענט איר מיך נישט. איר האַלט מיך פאַר עפּעס אַ בטלן־אַ מלמד. איר מיינט אַז איך בין היינט דער זעלביקער ווי מיט צוויי צענדליק יאָר צוריק, ווען מיר האָבן זיך באַקענט, דאָרטן אויף דער גאַס כעסום מאַריאַ; איך בין פון דאַן ביז היינט זייער אַ סך דורכגעגאַנגען. איך בין היינט פולשטענדיק אַן אַנדערער, היינט בין איך אַ קולטור־מענטש; דעריבער דאַרפט איר מיר נישט פרעגן מער אַזעלכע פראַגעס.

***

כ׳האָב שוין מער נישט געקענט באַהערשן מיין שווייגעניש און סוף כל סוף געפרעגט לייבקען:

— איך פאַרשטיי, מען מאַכט אַמאָל אַ קערטל. מ׳ווילֿ זיך צעשטרייען. מ׳ווילֿ זיך אויף אַ מאָמענט באַפרייען פון מאָנאָטאָ־נישקייט און אַרויסשלאָגן אויף אַ ווייל פון קאָפּ די פאַרשידענע עגמת נפשן מיט צרות, וואָס אַקומולירן זיך אין לעבן. אָבער נאַכט ביי נאַכט צו שפּילן אין קאָרטן ביז שפּעט פאַרטאָג און דערנאָך שטיין צומאָרגנס אַ גאַנצן טאָג אין געשעפט אַ נערוועישער, אַן אויפגערעגטער, אַ נישט דערשלאָפענער, אַ צעטראָגענער, אַ פאַרלוי־רענער ? איז דאָס נאָרמאַל ?

— איך קען זיך צו אייך נישט פאַרגלייכן. איר געהערט צו אַן אַלטער אָפּגעשטאַנענער צייט. איך בין אַ קולטור־מענטש און מוז זיך צופּאַסן צום לעבן פון היינטצייטיקע קולטור־מענטשן. יאָ, יאָ, איר מעגט לאַכן פון מיר; איך בין אַ קולטור־מענטש !

# גאָרנישט קיין קרומער פּלאַן

(ווען אַפילו עס זאָל זיין נישט אמת, איז עס אָבער קרוב לאמת).

זיינען צו מיר געקומען עטלעכע חשובע יידן מיט אַ טענה.

— פאַרוואָס עפּעס פּונקט צו מיר ?

— ווייזט אויס, אַז די דאָזיקע יידן מוזן זיין חוני המעגלס אייניקלעך. און פּונקט ווי זייער זיידע איז אָפּגעשלאָפן פופציק יאָר נאָכאַנאַנד און ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט ער אַלץ נאָך געלעבט מיט די באַגריפן פון צוריק מיט פופציק יאָר, אַזוי אויך איז געשען מיט חוני המעגלס אייניקלעך, זיי זיינען פאַרשלאָפן גאַנצע פופציק יאָר, מיינען זיי נאָך אַלץ, אַז שרייבער זיינען די טאָן-געבער אין יידיש-געזעלשאַפטלעכן לעבן, פּונקט ווי מיט פופציק יאָר צוריק.

בקיצור — זיי זיינען געקומען צו מיר מיט, גאָרנישט קיין אומגערעכטער, טענה.

— איצט — האָבן זיי זיך צעטענהט אויפן הויכן קול און אַלע מיט אַמאָל — אַז יידן האָבן שוין יאָ דערלעבט צו אַן אייגענע מלוכה, מיט אייגענער מאַכט, מיט אַלץ מיט אַן אַנדער, פאַרוואָס זשע זאָל נאָך אַלץ דערלאָזט ווערן אַזאַ שרייענדיקע אומרעכט, וואָס ליגט ווי אַ מיאוסער שאַנד-פלעק אויפן גאַנצן יידישן פאָלק. איצט איז שוין די העכסטע צייט דעם דאָזיקן שאַנד-פלעק פון זיך אָפּצווואַשן !

איך האָב אויפגעשווידערט צו הערן אַזעלכע ווערטער פון חשובע יידן. מסתמא אַז זיי זאָגן, ווייסן זיי דאָך וואָס זיי זאָגן. כ'האָב שוין

מיט אומגעדולד געוואַרט צו הערן פון זיי קלאָרע דיבורים פון וואָס עס באַשטייט די גרויסע אומרעכט. מיט אַ נערוועזן ציטער האָב איך זיי געפרעגט:

— זאָגט מיר יידן, קלאָר, ממשותדיק, וואו האָט איר אויסגעפונען דעם גרויסן שאַנד-פלעק, וואָס זאָל חלילה ליגן אויף אונדזער אַלעמענס געוויסן?

— וואָס הייסט וואו? מיר האָבן אויסגעפונען, אין מדבר סיני האָבן מיר עס אויסגעפונען. דאָרטן וואו אונדזער באַרג סיני איז פאַראַן. נו, אדרבא, זאָגט אַליין, צי מעג דאָס דערלאָזט ווערן, אַז אונדזער באַרג סיני, אויף וועלכן, מיט טויזנטער יאָרן צוריק, אונדזער הייליקע תורה איז געגעבן געוואָרן, דאָרטן וואו מיר זיינען אַ קולטור-פאָלק געוואָרן און וואו מיר האָבן אונדזער יידישקייט באַקומען, אָט דער דאָזיקער הייליקער באַרג אונדזערער זאָל זיך נאָך אַלץ געפינען אין גויישקע הענט! אַ חרפה און אַ שאַנד פאַלט אויף יעדן יידישן געוויסן באַזונדער און אויפן גאַנצן יידישן פאָלק בכלל, אויב מיר קענען רואיק צוזען, אַז דער באַרג סיני זאָל נאָך אַלץ באַהערשט ווערן פון די מצריים און אונדזער יידישע מאַכט זאָל איבער אים קיין שליטה נישט האָבן! וואָס איז, עס פעלט חלילה אוים געלט ביים יידישן פאָלק, איינמאָל פאַר אַלע מאָל, אויסצולייזן דעם באַרג סיני פון גויישקע הענט!

— נו, גוט, לאָמיר דאָס אָפּלאָזן. אָבער וואָס האָט דאָס אַלץ אַ שייכות מיטן באַרג סיני?

איך האָב אַזוי גוט באַטראַכט די דאָזיקע יידן, באַטראַכט די טענה זייערע, באַטראַכט זיך אַליין, און אַרום אַלע דריי גוט נאָכגעטראַכט . . .

ענדלעך האָב איך זיי אַ פרעג געגעבן:

— זאָגט מיר דעם אמת, ליבע יידן, איז טאַקע ביי אייך אַזוי טייער און הייליק די תורה וואָס איז געגעבן געוואָרן אויפן באַרג סיני? היט איר טאַקע אָפּ אַלצדינג וואָס אין דער תורה שטייט? זענט איר טאַקע אַזוי נזהר מיט געוויסע מאכלים, וואָס לויט דער תורה אונדזערער טאָר מען זיי צום מויל נישט נעמען? זענט איר טאַקע אַזוי פאָרזיכטיק מיט געוויסע פאַמיליע-פירונגען, וואָס זיינען

אזוי שטרענג פאַרזאָגט אין דער הייליקער תורה ? זענט איר טאַקע אַזוי אָפּגעהיט מיט קדושת השבת, וואָס לויט דער תורה איז עס אַן עיקר שבעיקרים פון יידישקייט ? און נאָך און נאָך אַנדערע זאַכן, וואָס די תורה האָט אָנגעזאָגט, וואָס יאָ און וואָס נישט, היט איר טאַקע אַלצדינג אָפּ אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט ?

— איי, זאָלט איר לעבן און געזונט זיין, וואָס מישט איר דאָ צוזאַמען צוויי באַזונדערע זאַכן. מיר זיינען נישט קיין פרומע יידן. און איר אַליין זענט עס דען יאָ ? אָבער יידן זיינען מיר דאָך און אַלס אַזעלכע זיינען מיר מחויב אָפּצוהיטן יידישקייט !

— וואָס אייגנטלעך, וואָלט איך וועלן וויסן, איז עס אַזעלכעס יידישקייט אָן תורה ?

— איי, וואָס מאַכט איר זיך אַזוי טאַמעוואַטע. איר פרעגט ביי אונדז וואָס איז יידישקייט, איר ווייסט עס בעסער פאַר אונדז.

— פע, עס פּאַסט נישט פאַר אייך, איר זאָלט אַזעלכעס פרעגן.
— האָבן די יידן מיר געגומען מוסרן — וואָס הייסט, דער באַרג סיני איז דאָך, איז דאָך, איז דאָך, איז דאָך דער באַרג סיני. אויב איר פרעגט אַזוי, איז וואָס זשע איז פאַר אונדז ארץ ישראל ? מיט וואָס איז ארץ ישראל טייערער, הייליקער און בעסער פאַרן יידישן פאָלק איידער דער באַרג סיני ? פונדעסטוועגן האָבן זיך יידן מקריב געווען, אַוועקגעגעבן אַזוי פיל בלוט און יונגע לעבנס, אַבי אויסצו־לייזן דאָס לאַנד פון גוישקע הענט און עס איז טאַקע געוואָרן אונדזערס, און היינט צו טאָג איז עס אונדזער שטאָלץ, אונדזער רום, אונדזער דערהויבונג. מיט וואָס איז דער באַרג סיני ערגער ? פאַרוואָס זאָלן מיר אים אויך נישט אויסלייזן פון גויישקע הענט ? און ער זאָל אויך ווערן אונדזערער און ער זאָל אויך ווערן אונדזער שטאָלץ, באַשיינען אונדזער עקזיסטענץ און ער זאָל ווייזן פאַר דער וועלט אונדזער גרויסקייט ווי אַ פאָלק ?! —

— אָבער —

די יידן האָבן מיך נישט געלאָזט ווייטער רעדן און אַנטוויקלען מיין געדאַנק. כ׳האָב זיי געוואָלט אויפווייזן, אַז ביי יידן איז קיינ־מאָל נישט געווען, נישט קיין פּערזאָן־פאַרהייליקונג און נישט קיין אָרט־פאַרהייליקונג. וויכטיק און טייער איז ביי יידן נאָר דאָס וואָס איז געזאָגט געוואָרן, די געדאַנקען וואָס זיינען אַרויסגעבראַכט גע־

וואָרן, נישט וויכטיק דורך וועמען און וואו. אין ענין ארץ-ישראל איז שטענדיק געווען דער זינען פון פּראַקטישער ניצלעכקייט פאַרן פאָלק ישראל. דער ציל איז שטענדיק געווען די אויסלייזונג פון פאָלק ישראל. גאולת-העם איז געווען דער עיקר. גאולת-הארץ — אויף אויף פיל ווי זי קען אַמבעסטן רעאַליזירן די גאולת-העם. און נאָך און נאָך האָב איך זיי געוואָלט אויפקלערן. אָבער די יידן האָבן מיך נישט געלאָזט קומען צום וואָרט. און זיי זיינען אַרויס מיט לשון:

— לאָמיר רעדן אָפענע דיבורים, מיר זיינען נישט געקומען צו אייך, כדי צו פרעגן ביי אייך עצות. מיר האַלטן אייך גאָרנישט פאַר אַזאַ חכם, אַז מיר זאָלן דאַרפן אָנקומען צו אייך נאָך אייערע קלוגע עצות. אפשר אין די דראָבנע אותיות זענט איר מער קנאַקער פאַר אונדז, אָבער וואָס אָנבאַלאַנגט אין דער פּראַקטישער זייט פון לעבן פאַרלאָזט אייך אויף אונדז. אויב איר ווילט אונדז נישט גלייבן, קענען מיר עס אייך באַווייזן מיט ציפערן . . . נאָר וואָס זשע דען זיינען מיר פאַרט געקומען צו אייך, איז די מעשה אַזעלכע: מיר האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַן אַקציע. האָבן מיר לאַנג געטראַכט, איבערגעטראַכט און נאָכגעטראַכט, וואָס זאָל זיין דער ציל פון דער אַקציע. דאָס מיינט צו זאָגן, מיט וואָס אַזוינס זאָלן מיר אַרויסקומען צום מעקסיקאַנער יידישן עולם, ביי וועמען מיר וועלן דאַרפן זאַמלען געלט, וואָס זאָל זיין דאָס שלאַג-וואָרט מיט וועלכן מ׳זאָל קענען נעמען דעם עולם אויף זיכער. ווען מיר וואָלטן געקענט אַרויס-קומען מיט עפּעס „ראַטעווען״ וואָלט געווען גאָר גוט. מיר וואָלטן פאַרזיכערט צו „ראַטעווען״ אַלץ אין דער וועלט, אָבי נעמען די פּאָר טולער ביים עולם. איז אָבער די צרה אַז אויב ס׳איז נאָר פאַראַן ערגעץ וואו צו „ראַטעווען״ איז עס שוין פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַנדערע, ווייזט אויס — קליגערע פון אונדז. זיינען מיר, נאָך לאַנגע און לאַנגע טראַכטענישן געקומען צום באַשלוס, אַז „מ׳דאַרף אויסלייזן דעם באַרג סיני פון גוּיִישקע הענט״. אָט מיט אַזאַ לאָזונג, זיינען מיר זיכער, וועלן מיר אָנשלאָגן אויף די פלאַמיקסטע סענ-טימענטן פון אונדזער עולם. עפּעס אַ קלייניקייט דער באַרג סיני! נאָך פון דעם חדר אָן טליעט אין יעדן איינעם פון אונז, מיסטישע פאָרשטעלונגען, געררייצטע פאַנטאַזיעס און רעליגיעזער אויפציטער ביים דערמאָנען זיך וועגן באַרג סיני. אַז דער עולם וועט דערהערן,

עס גייט אַן אַקציע „אויסצולייזן דעם באַרג סיני פון גוויישקע הענט" וועט פאַלן געלט ווי שפּענער. און דאָס איז דאָך אייגנטלעך אונדזער אמתער ציל.

— אָבער —

— מיר בעטן אייך, שלאָגט אונדז נישט איבער, לאָזט אויסרעדן. מיר נייטיקן זיך נישט אין אייערע קלוגע עצות און בטלנישע הכמות. יאָ, איז וואָס זשע זיינען מיר געקומען צו אייך ? איז אַזוי — מיר דאַרפן אָנקומען צו אייך. מיר, ווי געניטע סוחרים און פּראַקטישע מענטשן, ווייסן גאַנץ גוט, אַז פון אַ געשעפט וואָס מ׳וויל אַרויסנעמען מוז מען אַריינלייגן. אָן הוצאות קען נישט זיין קיין הכנסות. האָבן מיר אַסיגנירט פּופּציק פּראָצענט פון דער אַקציע אויף אויסגאַבן און דער גרעסטער טייל פון די אויסגאַבן מוז גיין אויף פּראָפּאַגאַנדע. נעמט אַ ביישפּיל פון מעדיצינישע אַרטיקלען, איז דער אייגנטלעכער באַטרעף פונעם אַרטיקל גאָר אַ קלייניקייט דאָס איבעריקע גייט אַלץ אַוועק אויף פּראָפּאַגאַנדע. דאָס איז גערעדט געוואָרן פון אַן אַרטיקל וואָס גיט פּאַקטיש עפּעס דעם געברויכער. נו, לאָמיר עס מאַכן בקיצור. עס וועט דאַרפן קאָסטן אָפּיסעם מיט אָנגעשטעלטע, מיט אַנאָנסן אין די צייטונגען. אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. דאָס קענען מיר אַלצדינג מאַכן אַליין, פּאַרלאָזט אייך אויף אונדז. דער עיקר, פּאַרשטייט איר, איז פאַר אונדז וויכטיק אַרטיקלען אין די בלעטער. אויפקלערן און געבן צו פּאַרשטיין דעם עולם, ווי נייטיק עס איז פאַרן יידישן פאָלק „אויסצולייזן דעם באַרג סיני פון גוויישקע הענט". און צו שרייבן אַזעלכע מעשיות זיינען מיר געליימטע מענטשן. הלמאי זאָלן מיר לייקענען, מיר קענען עס נישט. אויף דעם מוזן מיר אָנקומען צו אייך, מיר פּאַרלאַנגען נישט פון אייך, חלילה, אומזיסטע אַרבעט, גאָט באַהיט ! מיר האַלטן ווי דער דייטש זאָגט: „לעבען און לעבען לאַסן". מיר האָבן דאָך אייך שוין געזאָגט, אַז פּופּציק פּראָצענט האָבן מיר אַסיגנירט אויף אויסגאַבן. מיר פּאַרזיכערן אייך, אַז עס וועט אייך גוט לוינען. מיר ווייסן גאַנץ גוט אַז שרייבן איז אייער פּראָפּעסיע, פּאַרוואָס זשע זאָלט איר ניט מאַכן דערפון אַ לעבן און טאַקע אַ פיין לעבן. נישקשה, די אַקציע וועט דעקן פאַר אַלעמען און פאַר אייך אויך.

די יידן זיינען געבליבן שטיל, נאָך אַזוי פיל רעדן. נישט מער — מיט די אויגן האָבן זיי געפֿאָדערט פון מיר אַן ענטפער. וואָרן די צייט איז קורץ. מען מוז עס וויסן וואָס שנעלער, צי יאָ צי ניין. וואָרן אויב איך בין ניט גרייט אָנצונעמען דעם דאָזיקן „דזשאַב" וועלן זיך געפינען אַנדערע וואָס וועלן אים אָננעמען. צו ברויט פעלן נישט קיין ציין.

איך האָב לאַנג נישט געטראַכט און כ'האָב דעם „דזשאַב" אָנ-גענומען, וואָרן היינטיקע צייטן וואַרפט מען זיך נישט מיט אַ גוטן „דזשאַב".

און איך קען אייך מעלדן, מיינע ליבע לייענער, אַז בקרוב וועלן מיר האָבן אַן אַקציע „אויסצולייזן דעם באַרג סיני" און איר דאַרפט זיך ביישטייערן מיטן מאַקסימום פֿאַרן דאָזיקן הייליקן צוועק. דער פלאַן איז גאָרנישט קיין קרומער . . . און איר מוזט העלפט מיט אַלע כוחות.

יידן, זייט גרייט !

# דער זעקסטער חוש

— פֿאַרשטייט זיך, אַז דער ביי וועמען אַלע אברים פֿון קערפּער זיינען אין פֿולשטענדיקער אָרדנונג און ער באַהערשט פֿולקאָם מיט אַלע זיינע פֿינף חושים, דער איז אַ געבענטשטער פֿון גאָט און דער ווערט באַצייכנט אַלס פֿיזיש־נאָרמאַלער מענטש. נישט אַלע אָבער זיינען צו דעם זוכה. ביים גרעסטן טייל מענטשן אויף דער זינדיקער וועלט הינקט אַביסל אונטער די נאָרמאַלקייט פֿון געוויסע טיילן קערפּער, אָדער איינער פֿון די פֿינף חושים איז נישט אינגאַנצן אין אָרדנונג. אָבער — גאָרנישט; ס'איז נישט געפֿערלעך; מ'לעבט פֿונדעסטוועגן, מ'קעמפֿט פֿאַר אַן עקזיסטענץ און מ'קעמפֿט אויס אויך, מ'דערגרייכט ווער מער, ווער ווינציקער, און דאָס פֿיזישע פֿעלערהאַפֿטע פֿונעם קערפּער שטערט גאָרנישט. פֿאַראַן אָבער איין חוש ביים מענטש, דאָס איז דער זעקסטער חוש, וואָס אויב ער, דער דאָזיקער חוש, פֿעלט ביי אַ מענטש, אָדער ער איז נישט גוט אַנטוויקלט, דאַמאָלסט האָט דעם מענטשנס לעבן קיין ווערט נישט, דאַמאָלסט איז זיין עקזיסטעץ קיין עקזיסטענץ נישט און זיין לעבן קיין לעבן נישט, אַז עס וואָלט שוין אַ סך וואוילער געווען פֿאַר אים ווען ער גיט אינגאַנצן אַ שטאַרב אָפּ, און ער שאַרט זיך אַרויס פֿונעם לעבעדיקן געווימל, אַזוי אַז ער זאָל זיך נישט פּלאָנטערן מער קיינעם אונטער די פֿיס (ווי אָט דער דאָזיקער זעקסטער חוש הייסט — וועט איר שפּעטער זיך דערוויסן).

די דאָזיקע טעאָריע האָט פֿאַר מיר אַנטוויקלט, מיט לעבעדיקע פֿאַקטן און באַווייזן, מיינער אַ יוגנט־חבר, מיט וועמען כ'האָב זיך אָט די טעג באַגעגנט.

⁂

דורך אַן אויסטערלישן צופאַל האָב איך, זייענדיק אין מאָנטעריי, זיך באַגעגנט מיט מיינעם אַ יוגנט-חבר. אין יענע יוגנט-יאָרן האָבן מיר צוזאַמען געלערנט אין נאָוואָ-מינסק (פּוילן) אין דער ישיבה פונעם דאָרטיקן רבין.

געשען איז עס אַזוי:

אַ פריינד מיינער אין מאָנטעריי האָט מיר פאַרבעטן צו מאַכן מיט אים אַ שפּאַציר אין זיין נייער קאַטש וואָס ער האָט נאָר וואָס געקויפט. אויפן וועג, עטלעכע קילאָמעטער אויסער דער שטאָט, האָט מיין פריינדס קאַטש זיך אָנגעקלאַפּט מיט אַ צווייטער קאַטש וואָס איז אָנגעקומען פון די פאַראייניקטע שטאַטן. נו, האָט זיך אָנגעהויבן אַ העפטיקע קריגעריי צווישן דיביידע טרייבערס-אייגנ-טימער, פון די ביידע קאַטשעס. יעדער איינער האָט געוואָרפן די שולד אויפן צווייטן. האָט מען זיך אַזוי לאַנג געקריגט אויף ענגליש ביז . . . עפּעס פון זיך אַליין איז די קריגעריי אַריבער אויף פּראָסט מאַמע-לשון — אויף יידיש. נו, אויב שוין יאָ אויף יידיש, איז שוין דער טאָן געוועזן אַ נידעריקער, אַ שטילער, אַ באַרואיקטער, ביז ביידע „קעמפערישע" צדדים האָבן זיך געגעבן די הענט און געוואָרן חבר. דער סוף איז געווען, אַז מיין מאָנטערייער פריינד האָט שוין פאַרבעטן דעם אַמעריקאַנער מיט זיין פרוי (וואָס איז מיטגעפאָרן מיט אים און געהאָלפן זיך קריגן) צו זיך אַהיים אויף וועטשערע (סאַפּער בלע"ז).

זיצט מען שוין אַזוי געמיטלעך און פריינדלעך ביי מיין מאָנטע-רייער פריינד אין הויז און מען שמועסט אַלע צוזאַמען. פריער רעדט מען אין אַלגעמיין. פון יידישע צרות, פון בוידעם-קלאַץ-לאָקשנברעט און נאָך אַזוי ווייטער. אַז דער שמועס האָט זיך שוין גוט דערוואַרעמט און מען איז שוין געוואָרן צווישן זיך פריינדלעכער און אינטימער, האָט מען ערשט אָנגעהויבן:

— פון וואַנען קומט מען פון דער אַלטער היים ?

— פון פּוילן.

— איך אויך פון פּוילן.

— פון וואָס פאַר אַ שטעטל ?

אַ מאַנטערייער ייד פון וואַנען קומט — פון ווישקעווע! פון וואַנען דען!

און דער ייד פון ברוקלין קומט פון גאָוואָראָווע, לאָמזער גובערניע.

ווי איך האָב דערהערט דאָס וואָרט „גאָוואָראָווע" האָט אין מיר עפּעס אויפגעציטערט און איך האָב זיך אַרויסגעכאַפּט, אַז אַמאָל, אין מיין גאָר פריסטער יוגנט, האָב איך געהאַט אַן אינטימען חבר, שלמהקע פון גאָוואָראָווע, מיר האָבן געלערנט צוזאַמען אין דער נאָוואָמינסקער ישיבה און אַפילו שוין דערנאָך האָבן מיר יאָרן לאַנג זיך דורכגעשריבן.

ווי דער ברוקלינער ייד האָט דאָס דערהערט האָט ער געגעבן אַ שפּרונג אויף און מיט האַסטיקן אימפּעט אַרויף אויף מיר און גע־כאַפּט מיר קושען, אַזש ס'האָט זיך מיר פאַרהאַקט דער אָטעם.

— ביסטו דאָס יחיאל מאיר שעדלעצער ?! גאָט מיינער, איך גלויב נישט מיינע אייגענע אויגן! אַלע מיינע יאָרן האָב איך גע־טראַכט און געטרוימט זיך צו באַגעגענען נאָכאַמאָל מיט דיר אין לעבן. און זע נאָר, ווי אַ נס מן השמים האָט אונדז, אַזוי אומדערוואַרט, ווידער צונויפגעבראַכט נאָך אַזוי פיל יאָרן.

⁂

האָט מיין יוגנט־חבר פאַר מיר אַנטוויקלט אַ טעאָריע, אַז אויסער די באַקאַנטע פינף חושים וואָס אַ מענטש פאַרמאָגט: — דער זע־חוש, דער הער־חוש, דער שמעק־חוש, דער טעם־און דער טאַפּ־חוש — איז פאַראַן נאָך גאָר אַ וויכטיקער, זעקסטער חוש: — „צו וויסן ווי אַזוי צו הנפּענען". און ווי איז צו דעם מענטשן ביי וועמען דער דאָזיקער חוש איז אָפּגעטעמפּט, אָדער נישט גוט אַנטוויקלט. אַזעלכן וואָלט אַ סך בעסער געווען ווען ער ווערט גאָרנישט געבוירן.

און מיין יוגנט־חבר, שלמהקע פון גאָוואָראָווע, וועלכער וואוינט היינט אין ברוקלין, האָט זיין טעאָריע אילוסטרירט פאַר מיר מיט פאַקטן פון זיין אייגענעם לעבן.

⁂

פון די אַלע פּעק מיט צרות, פּלאָגן, מאַטערנישן, ליידן, אַנטווישטע אילוזיעס, צערונענע חלומות און אַוועקגעפלויגענע האָפענונגען — וואָס מיין חבר האָט פאַר מיר אויסגעלייגט וואָס ער איז אַלץ דורכ־געגאַנגען אין זיין לעבן, און אין וועלכע ער וואַרפט די שולד דורכאויס אויף דעם, וואָס אים פעלט דער זעקסטער חוש: „וויסן ווי אַזוי צו חנפענען און וועמען מ׳דאַרף חנפענען" — וועל איך דאָ ברענגען בלויז עטלעכע כאַראַקטעריסטישע עפּיזאָדן:

1) ער איז אָנגעקומען לערנען אין אַ געוויסער ליטווישער ישיבה. זיין שטרעבונג איז געווען צו קריגן סמיכה אויף רבנות און ווערן אַ רב בישראל.

דער דאָרטיקער רב און ראש הישיבה האָט געהאַט די צווייטע פרוי, וועלכע האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גרויסער שיינהייט און האָט אויך געשריבן העברעאישע שירים. זי האָט געהאַלטן, אַז זי אַלס פּאָעטין שטייט העכער פאַר אד"ם הכהן, מיכה יוסף לעווינסאָן, י. ל. גאָרדאָן און פאַר ח. נ. ביאַליקן — אַוודאי און אַוודאי. איי, פאַרוואָס אַלע העברעאישע זשורנאַלן ווילן אירע שירים נישט דרוקן, איז דערפאַר ווייל די רעדאַקטאָרן זיינען עם־הארצים און פאַרשטייען זיך נישט אויף עכטע פּאָעזיע.

האָט זי, די רביצין, נאָר געוואָלט, אַז די ישיבה בחורים זאָלן אָנערקענען סיי איר גרויסע שיינהייט און סיי איר גרויסן פּאָעטישן טאַלאַנט. זי האָט געהאַט גאָר אַ גרויסן איינפלוס אויפן רב. ס׳איז אַפילו אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל, אַז צוליב „אהבה רבה" פאַרשפּע־טיקט דער רב אָפט צו „קריאת שמע".

אַלע בחורים וואָס האָבן געוואַרט אויף סמיכות האָבן דער רביצין צוליב געטאָן און זיי האָבן זי געלויבט ביזן הימל אַריין. זיי האָבן געוואוסט אַז נאָר דורכן דאָזיקן חניפה־וועג פאַר דער רביצין, וועלן זיי ווייך מאַכן דאָס האַרץ פון רב, וואָס איז געווען אַ שטאַרקער מחמיר.

מיין חבר אָבער האָט ליב געהאַט צו זאָגן דעם אמת, אַז אירע שירים זיינען נישט מער ווי „גראַם שטראַם מאַך מיר אַ לעטניק" און זיי פאַרמאָגן נישט אין זיך אַפילו קיין ריח פון פּאָעזיע. און — אַז אַנשטאָט די רביצין זאָל תמיד קאָקעטירן מיט איר איינגערעדטער

שיינקייט זאָל זי בעסער זען, אַז די שטוב און דאָס באַלעבאַטישקייט זאָלן נישט זיין אַזוי אָפּגעלאָזן און פאַרנאַכלעסיקט.

בקיצור — אַלע בחורים זיינען אַוועק פון דער ישיבה מיט סמיכות, נאָר מיין חבר, ער איינער, האָט זיך געמאַטערט און גע־מאַטערט און קיין סמיכה האָט ער פונעם רב דעם „מחמיר" שוין נישט געקענט אַרויסקריגן.

2) ער, מיין חבר, איז געוואָרן אַ חתן מיט אַ רייכן יידס אַ טאָכטער. דער מחותן איז אַמאָל געווען אַ פערד הענדלער און נאָך עפּעס . . . אַז ער איז געוואָרן רייך, און איז געוואָרן אַ גאַנצער ראש הקהל, האָט ער זיך גענומען איינרעדן אַז ער איז אויך אַ גרויסער למדן. אַלע מענטשן, וואָס האָבן באַדאַרפט צו אים אָנקומען נאָך הלוואות, גמילת חסדים און אַזוי טובות, זיינען געצוואונגען געווען צו זינגען שירות ותשבחות פאַרן גביר און לויבן אים אַז ער איז ווירקלעך אַ גרויסער למדן, אַ קענער און אַלץ־וויסער.

אויף פּסח צו די סדרים איז מיין חבר פאַרבעטן געווען צום מחותן. זיצנדיק ביים סדר דאַרף מיין חבר, דער חתן, זיך אַרויסכאַפּן, אַז עס זיינען פאַראַן דעות אַז מ'דאַרף טרינקען פינף כוסות ביים סדר, וואָרן די פיר כוסות זיינען דאָך קעגן די פיר לשונות פון גאולה, ווי עס שטייט דאָך אין דער תורה: „והוצאתי אתכם", „והצלתי אתכם", „וגאלתי אתכם", „ולקחתי אתכם". עס איז אָבער פאַראַן נאָך אַ לשון: „והבאתי אתכם". דעריבער האַלטן געוויסע גאונים, אַז מ'דאַרף טרינקען אויך אַ פינפטן כוס.

ווי דער מחותן האָט דאָס דערהערט האָט ער זיך צעלאַכט מיט אַ חוזקדיקן געלעכטער:

— וואָס רעדסטו עפּעס פאַר אַ נאַרישקייטן ! וואָס פּלאַפּלסטו עפּעס וועגן פיר לשונות ! מען טרינקט דאָך גאָר פיר כוסות קעגן די פיר בנים. אָט שטייט דאָך בפירוש אין דער הגדה: „כנגד ארבעה בנים דברה תורה". ווען מיין חבר האָט זיך באַמיט איבערצושפאַרן דעם מחותן און אויפווייזן אים, אַז ער מאַכט אַ טעות, האָט דער מחותן, דער „למדן" זיך צעשריגן מיט כעס:

— אַזוי גאָר נישט גענוג וואָס דו ביסט אַן עם הארץ ביסטו נאָך אַ שייגעץ אויך, דו וואַגסט מיר איבערצושפאַרן !

דעם זעלביקן חול המועד פסח האָט דער מחותן, דער „למדן״, אָפּגעשיקט מיין חבר די תנאים און ס׳איז געוואָרן אוים שידוך, ווייל דער מחותן האָט נישט געוואָלט האָבן אַן עם הארץ פאַר אַן איידעם.

3) מיין חבר איז אָנגעקומען אין דער גאָלדענער מדינה, אין אַמעריקע. ער איז געוואָרן אַ לערער אין אַ תלמוד תורה.

צוויי חשובע באַלעבאַטים זיינען געווען די גבאים, וואָס האָבן געהאַט די אויפזיכט איבער דער תלמוד-תורה. איינער איז געווען אַ קצב פון אַ כשרע יאַטקע און דער צווייטער איז געווען אַ הויזן-שניידער. ביידע באַלעבאַטים האָבן זיך שטענדיק געקריגט וועגן דער פּראָגראַם פון די לימודים אין דער תלמוד תורה.

דער קצב האָט געטענהט, אַז מיט יידישע קינדער דאַרף מען לערנען דאַווענען, אַ פּרשה חומש און אַ פּרק משניות, אַזוי ווי מ׳האָט געלערנט אין דער אַלטער היים. דער שניידער איז שוין געווען אַן אויפגעקלערטער, האָט ער געטענהט, אַז אין דער היינטיקער צייט דאַרף מען לערנען מיט יידישע קינדער, יידישע היסטאָריע און לשון קודש.

די לערערס פון דער תלמוד תורה האָבן זיך געפונען אין אַ שטענדיקן קלעם, האָבן נישט געוואוסט וועמען פון די צוויי גבאים זיי זאָלן צוליב טאָן. זיינען זיי געפאַלן אויף אַ המצאה — ביידע צוליב טאָן: איין וואָך זאָל מען לערנען היסטאָריע און לשון קודש און די צווייטע וואָך — דאַווענען, חומש און משניות.

אַז מיין חבר איז אָנגעקומען אַהין אַלס לערער איז אים די גאַנצע מעשה נישט געפעלן געוואָרן. האָט ער צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון די לערערס און ער האָט אויפגעוויזן און דערקלערט, אַז יידישע לימודים מוזן האָבן אַ סטאַבילן פּראָגראַם פּונקט ווי אין די גוייִשקע שולעס, מ׳דאַרף נישט צוליב טאָן און חנפענען די גבאים, נאָר מ׳דאַרף לערנען וואָס עס איז נוצלעך און געוואונטשן פאַר די תלמידים. דערביי האָט מיין חבר זיך אַרויסגעכאַפּט:

— זאָל דער קצב גיין צו זיין יאַטקע און דער שניידער צו זיינע הויזן, זאָלן זיי נישט מישן זיך אין זאַכן וואָס געהערט ניט צו זייערע פאַכן. מיר דאַרפן קיינעם נישט חנפענען און אונטערלעקן. מיר,

לערערס, דאַרפן פירן די לימודים ווי מיר פאַרשטייען און ווי מיר וועלן איינאָרדענען, ווייל דאָס איז אונדזער פאַך.

האָט מען באַלד אָפּגעטראָגן צו די צוויי חשובע גבאים, וואָס דער נייער לערער האָט געזאָגט.

דער צווייטן טאָג האָט מיין חבר באַקומען אַ בריוו, אַז ער איז אָפּגעזאָגט פון זיין פּאָסטן, ווייל די גבאים האָבן איינגעזען, אַז ער טויג נישט פאַר קיין לערער.

נאָך און נאָך אַ סך אַזעלכע פאַקטן פון זיין דורכלעבן האָט מיין חבר אַרויסגעבראַכט פאַר מיר און ער איז געקומען צום באַשלוס, אַז ווי איז צו דעם ביי וועמען עס איז אָפּגעטעמפּט דער זעקסטער חוש, דער חניפה־חוש. אַזעלכער בלייבט אַ ווייסטע קאַליקע אויף זיין גאַנצן לעבן, און אַזעלכן וואָלט בעסער געווען ווען ער ווערט גאָר־נישט געבוירן.

# אַ ראש השנה אין ירושלים

(אַ קאַפּיטל זכרונות)

יענעם ערב ראש השנה האָט מען ביי אונדז, אין גדוד העבודה — פלוגת ירושלים, זייער אָנגעשטרענגט געאַרבעט. אין עטלעכע געביידעס, וואָס מיר האָבן אונטערגענומען די בויאונג, האָט מען געגאָסן די בעטאָן־דעכער. כדי נישט איבערצולאָזן די אַרבעט אינ־מיטן, ביז איבער ראש השנה, זיינען מאָביליזירט געוואָרן כמעט אַלע אונדזערע חברים צו דער אַרבעט. נישט געקוקט אָבער אויף דער מידקייט פון אַ גאַנצן טאָג שווערער אַרבעט האָט מען באַלד, פון פאַרנאַכט אָן, זיך גענומען גרייטן אויפצונעמען דעם ראש השנה מיט אַ באַזונדערער יומטובדיקייט פון פירפאַכיקע פייערונגען.

אין יענער וואָך זיינען צוויי קינדער געבוירן ביי אונדז, אין פלוגת ירושלים, איז שוין צוויי שמחות לכבוד די צוויי נייע צוגעקו־מענע יונגעטשקע חברים; איצט האָבן מיר געהאַט אויף דעם ראש השנה גאָר אַ גרויסע צאָל געסט־חברים פון תל יוסף, כפר גלעדי, תל חי; און צוליב דעם יום טוב ראש השנה אַליין פאַר זיך איז דאָך אוודאי ווערט געווען אַ הוליע צו טאָן.

דער אָוונט איז געווען אַ קילער, אַ דערפרישנדיקער און מחיה־דיקער. ווינטלעך האָבן געבלאָזן מיט יומטובדיקייט. דער טונקל־בלויער הימל אָנגעפיקט מיט מיליאָנען בריליאַנטן־שטערן, די בערג שפּיצן פון גלבוע און חרמון און אַלץ אַלץ אַרום האָבן געוואונקען מיט יומטובדיקער שטימונג און מיט לעבהאַפטער פייערלעכקייט.

אין אזא דערהויבענער שטימונג האָבן מיר זיך אַ לאָז געטאָן אינם גרויסן באַראַק פון חדר האוכל.

וועגן עסן איז דאָס מאָל קיין פּראָבלעם נישט געווען. טרויבן און טאָמאַטעס זיינען ראש השנה־צייט פאַראַן אין ירושלים גאַנצע המרים פאַר שפּאָט־ביליק. נאָך גאָר אַ באַזונדערע מעלה האָבן די חברונער טרויבן, זיי זיינען זייער זיס און ווען מען עסט זיך אָן מיט מיט זיי שלאָגט אַזש צום האַרצן פון זיסקייט און עס פאַרגייט שוין ממילא דער אַפּעטיט צום עסן.

באַזונדער — זיינען אָנגעגרייט געווען צוויי פעסלעך וויין, וואָס איז ביליקער געווען ווי ברויט, איז ווי נאָר דער עולם האָט אויס־געטרונקען צו עטלעכע ספלים (טעפּלעך) האָבן שוין די פּיס פון זיך אַליין זיך געהויבן צום טאַנצן, ווער זשע האָט געקענט טראַכטן דאַמאָלסט פון אַזאַ גשמיותדיקער נאַרישקייט ווי עסן?

אַז מען האָט אַזוי אָנגעהאַפּקעט זיך און פאַרמאַטערט זיך אין צעכראַשטשעטע הויראָס, ביז גאָר שפּעט אין דער נאַכט אַריין, איז מען פאַרשטענדלעך אויפגעשטאַנען צומאָרגנס גאַנץ שפּעטלעך.

צומאָרגנס, דעם ערשטן טאָג ראש השנה, איז שוין דער עולם געווען אויסגעניכטערט און מ׳האָט גוט געהאַט אין זינען, אַז אויף ראש השנה איז אָפּגעלייגט געווען אַ סך גאָר וויכטיקע ענינים צו באַהאַנדלען.

עס האָט באַדאַרפט באַהאַנדלט ווערן אַן ערנסטער סיכסוך וואָס האָט זיך געהאַט געשלעפּט שוין חדשים לאַנג צווישן תל יוסף, כפר גלעדי און תל חי, צוליב אַ סטאַדע שעפּסן וואָס איז פאַרלוירן גע־גאַנגען און עס זיינען געווען שאַרפע קעגנזייטיקע באַשולדיקונגען. צוליב דעם טאַקע זיינען זיי געקומען די חברים פון דאָרטן אויף ראש השנה קיין ירושלים.

עס האָט אויך באַדאַרפט באַהאַנדלט ווערן אַ סיכסוך מיט „סולל בונה״ צוליב אַ מחצבה (שטיינהאַקעריי).

עס זיינען אויך געווען צו באַהאַנדלען אַ סך אינערלעכע ענינים, וואָס זיינען נישט געווען אינגאַנצן אין אָרדענונג.

נו, ווי מ׳האָט נאָר אָפּגעגעסן דעם יום־טובדיקן (מ׳שטיינס גע־זאָגט) פרישטיק, האָט מען זיך אָוועקגעזעצט בכובד ראש צו באַ־האַנדלען, באַטראַכטן און אויסגלייכן אַט די אַלע ענינים.

אינמיטן — באַץ!

עס קומען אַריין מיט אַ ברייטן „גוט יום טוב!״ עטלעכע יידן פון אַ שכנותדיקער שול אין נחלת יהודה, יידן מיט שטריימלעך און זיידענע קאַפּאָטעס און איינער פון זיי האָט אַוועקגעלייגט אַזאַ מין דרשה:

— טייערע, כשרע, קינדער בני ישראל. מיר ווייסן גאַנץ גוט, אַז כאָטש איר פירט זיך אויף ווי די גויים רחמנא לצלן, אָבער אין אייך טליעט פאָרט אַ ניצוץ פון קדושה. די נשמות אייערע זיינען פאָרט פון בני ישראל קדושים. דער בעסטער באַווייז איז, אַז איר האָט פאַרלאָזט אייערע היימען און איר זענט געקומען אַהער צו באַאַרבעטן און באַלעבן די הייליקע ערד פון ארצנו הקדושה און סולל דרך זיין פאַר משיח צדקנו. נישט מער — אין אייך האָט זיך אַריינגעכאַפּט דער שטן רחמנא לצלן, זיינען מיר דעריבער געקומען אַהער בלאָזן שופר פאַר אייך און דורך דעם אַרויסטרייבן פון אייך דעם שטן, אַזוי אַרום וועט איר סוף כל סוף צוריק אַרויף אויפן דרך הישר.

און, גאָרנישט געפרעגט, האָבן די יידן אָנגעהויבן זאָגן זיבן מאָל דעם „למנצח לבני קורח״, געמאַכט די ברכות און אָפּגעבלאָזן שופר — מאה קולות.

קיינער פון דער חברה האָט זיי חלילה נישט געשטערט. דער עולם גדודניקעס איז געזעסן שטיל און אַלץ אויסגעהערט מיט פול־שטענדיקער רעספּעקטפולער רואיקייט.

די יידן האָבן זייערס אָפּגעטאָן, אַרויסגעטריבן דעם שטן פון בני ישראל קדושים און זיינען זיך רואיק אַוועק איבערלאָזנדיק אַ „כתיבה וחתימה טובה״ און „אַ גוטן יום טוב״.

אָבער אויף צו להכעיס, פונקט ווי די שטריימלעך זיינען אַוועק האָט ערשט אין באַראַק זיך אַריינגעלאָזט דער אמתער שטן, אין געשטאַלט פון דער ווילדער באַשקע, אין וועמען אַלע זיינען פאַרליבט געווען, מיט צעלאָזטע פעך־שוואַרצע האָר און פייערדיקע לעבהאַפטע

שוואַרצע אויגן. אין קורצע הויזן מיט אַ צעקנעפּלטער ווייסער בלוזקע, האָט זי זיך אַוועקגעלאָזט איבערן זאַל, טאַנצן אַ רוסישן קאַזאַטשאָק.

וואָס מיר ענינים! ווען מיר סיכסוכים! וואָס פאַרא באַהאַנדלונגען! דער עולם האָט אין אַלצדינג פאַרגעסן. ווידער האָט מען אין זיך געגאָסן טעפּלעך וויין און עס איז אַוועק אַ גערעגע אויף טענץ, איינצלנע און קאָלעקטיווע. יעדער איינער האָט געוואָלט ווייזן וואָס ער קען און יעדער איינער האָט — דעם שטן . . . צוליב — זיך באַמיט איבערצושטייגן אין טאַנץ פעאיקייטן.

אַזוי האָט מען אָפּגעהוליעט אַ גאַנצן טאָג מיט אַ גאַנצער נאַכט.

ערשט אויף צומאָרגנס, דעם צווייטן טאָג ראש השנה, האָט מען זיך ערשט גענומען אויף אַן אמת מיט פאַראַנטוואָרטלעכקייט און מיט ערנסט, צו דערליידיקן די אַלע אָנגעווייטיקטע, פּראָזאַישע פּראָבלעמען.

# אַלץ קריגט מען פאַרטיק

„די יונייטעד סטייטס סטיל קאָרפּאָריישאַן" איז אַרויסגעקומען מיט אַ פּראָיעקט וואָס האָט צו טאָן מיט אַן אַנדער סאָרט יוניאַן, די „יוניאַן פון אָרטאָדאָקסישע שולן אין אַמעריקע".

„דער פּראָיעקט וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורכן אָרטאָ־דאָקסישן שולן־פאַרבאַנד צוזאַמען מיט דער יו־עס סטיל־קאָמפּאַני, וועגן מאַכן די אויפגאַבע פון אויפשטעלן אַ נייע שול אַזוי לייכט ווי עס צוציגיין צום טעלעפאָן און באַשטעלן אַ פאַרטיקע שול.

„איר וועט נאָר דאַרפן זאָגן ווי גרויס די שול זאָל זיין, פאַר וויפל מתפללים. אין בלויז עטלעכע וואָכן וועט די קאָמפּאַניע צו־שטעלן אַ פאַרטיקע שול מיט אַ בימה אינמיטן און מיט אַ מחיצה פאַר פרויען, טאַקע אַן אמתע שול מיט אַלע פּיטשעווקעס".

(פון די יידיש־אַמעריקאַנער צייטונגען).

⁂

דער קלוגער תנא שמעון בן זומא פלעגט זאָגן: „אָדם הראשון ביז ער האָט דערגרייכט צו אַ שטיקל ברויט צום עסן האָט ער געמוזט זיך אָנמאַטערן זייער שווער, ער האָט באַדאַרפט אַקערן דעם באָדן, דערנאָך פאַרזייען, דערנאָך שניידן, בינדן, רייניקן, איבער־קלייבן, מאָלן, זיפּן, קנעטן, באַקן און ערשט נאָך דעם אַלעמען האָט ער אַרויסבאַקומען אַ שטיקל ברויט צום עסן. און איך אַז איך שטיי אויף אינדערפרי טרעף איך שוין אַלץ פאַרטיק".

דאָס זעלביקע האָט שמעון בן זומא געזאָגט אין באַצוג צו אַ מלבוש: „אדם הראשון ביז ער האָט דערלעבט צו אַ שטיקל מלבוש

אָנצוטאָן, האָט ער געמוזט געניג זיך אָנאַרבעטן, ער האָט באַדאַרפט שערן די וואָל, דערנאָך וואַשן, רייניקן, שפּינען, וועבן און ערשט דערנאָך האָט ער קוים געקענט אויפנייען פאַר זיך עפּעס אַ בגד מישטיינגעזאָגט. און איך שטיי אויף אינדערפרי און טרעף שוין אַ פאַרטיק מלבוש". (גמרא ברכות דף נ"ח).

דאָס, דאַרפט איר וויסן, האָט בן זומא געזאָגט מיט קרוב צו אַכצן הונדערט יאָר צוריק.

ווען דער זעלביקער קלוגער תנא, שמעון בן זומא, וואָלט גע־לעבט אין אונדזער צייט, וואָס וואָלט ער שוין געזאָגט ?

— וויפל יידן האָבן זיך עס אַמאָל געפּאַרעט, כלאָפּאָטשעט, באַמיט, געשריגן, געקאָמאַנדעוועט, דעות געזאָגט און געגעבן עצות ביז מ'האָט דערלעבט צו זען אַ פאַרטיקע אויפגעבויטע שול מיט אַלע פּיטשעווקעס, וואָס עס האָט געדויערט יאָרן לאַנג. היינט — אָנ־געקלונגען אויפן טעלעפאָן און שוין שטעלט מען אייך צו אַ פאַר־טיקע שול מיט בכל מכל כל. און ווי מ'שמועסט וועט די זעלביקע „יונייטעד סטייטס סטיל קאָרפּאָריישן" שאַפן אַ אָפּטיילונג וועלכע וועט אויך צושטעלן שוין פאַרטיקע מתפללים פאַר דער שול.

⁂

— אַמאָל זענען דאָך די אויגן פון קאָפּ אַרויסגעקראָכן ביז מען האָט דערלעבט צו זען אַ פאַרטיק געשריבענע ספר תורה, דער סופר האָט געמוזט זיין אַ ירא שמים, געשריבן האָט ער בדחילו ורחימו ווי עס איז נייטיק פאַר אַזאַ מלאכת הקודש, פאַר יעדן שם הוויה איז ער געגאַנגען זיך טובלען אין מקווה און עס האָט גענומען אַ יאָר און אַמאָל נאָכמער ביז מ'האָט געזען דאָס ספר פאַרטיק. און וויפל נשים צדקניות האָבן זיך דאָס באַשעפטיקט ביים אויסנייען דאָס מענטעלע מיטן כתר און מיט די אַלע הייליקע באַפּוצונגען ! היינט — דאַרפט איר נישט אָנקומען צו די אַלע אַלטע אָפּגעלעבטע מעשות, איר דאַרפט בלויז טעלעפאָנירן אין געשעפט אַריין וואו מ'פאַרקויפט אָנצוגן, שיך און ספר תורות. אין פאַרלויף פון עט־לעכע מינוט האָט איר שוין ביי זיך אין שטוב אַ פאַרטיקע ספר תורה, שוין מיט אַ מענטעלע און מיט אַלע באַפּוצונגען, אַלץ — פאַבריטשנע אַרבעט, אין בעסטן אופן אויסגעפּאַרטיקט, שיין און עלעגאַנט . . .

— דארף אפשר אייער קהילה, שול, צי אייער קאנגרעגיישן, האבן א רעליגיעזן מנהיג, א ראביי בלע״ז, איז פאראן א קארפא־ריישן וואס שטעלט אייך צו א פארטיקן פאבריטשנעם ראביי. נישט אן אמאליקן, אלטמאדישן, כניאקישן רב, וועלכער האט זיך נעבעך געקוועטשט און געמאטערט יארן לאנג אויף תלמוד, פוסקים און שאלות ותשובות ביז ער האט קוים דערלעבט ארויסצוקריגן סמיכה אויף רבנות. נישט אזעלכע כניאקעס גיבן ארויס די מאדערנע ראביי־פאבריקן. זייערס א ראביי איז דאך א קראסאוועץ, אן בארד, אן פאות, אן תורה, אן יראת שמים און אן בטלנישע שטיק, אז עס איז א מחיה אויף אים א קוק צו טאן; איבערהויפט ביי די נשים קען דאך אזא ראביי אויפטאן א וועלט.

⁂

— דארפט איר אפשר א שוחט, קריגט איר צוגעשטעלט א פארטיקן פאבריטשנעם שוחט, וואס האט אויסגעלערנט דעם גאנצן „יד יצחק״, איבערגעזעצט אויף ענגליש, צי אויף שפאניש, (עס ווענדעט זיך פאר וועלכן לאנד מ׳דארף אט דעם פאבריטשנעם שוחט), און וויסן זאלט איר, אז ביי אזא שוחט קען קיינמאל גאר נישט טריף ווערן, ווארן ער האט שוין געארבעט אין א טשיקן מארקעט און דארטן ווען דער שוחט מאכט חלילה עפעס טרייף וואלט מען אים באלד ארויסגעווארפן פון דער ארבעט.

⁂

— און אפשר דארפט איר האבן א שרייבער: עס ווילט זיך אייך שרייבן ארטיקלען אין די יידישע בלעטער און איר יכולט נישט לא עלינו, טא שעמט אייך נישט, טעלעפאנירט אין דער קארפא־ריישן, זאגט דעם אמת אז אזוי און אזוי, אז ס׳ווילט זיך אייך שרייבן, אבער איר זענט נעבעך געהרגעט אויף דער עברי, איז באלד, טאקע תיכף ומיד, ווערט צו אייך צוגעשיקט שרייבערס וויפל נאר איר פארלאנגט. און זיי וועלן שוין פאר אייך שרייבן וואס נאר איר ווילט און אפילו וואס איר ווילט נישט, אפילו גאנצע ביכער וועלן זיי פאר אייך שרייבן און איר קענט ווערן דורך זיי בארימט, אויב איר בענקט שטארק נאך אביסעלע אומפארדינטן כבוד. אבער וויסן זאלט איר, אז דער דאזיקער שרייבערישער כבוד (מישטיינס

געזאָגט) קען אייך נאָר נוצן אויב איר באַזיצט צו דעם נאָך צו דעם געהעריקן קאַפּיטאַל.

⁂

— אָדער אפשר פאַרלאַנגט איר (אַפילו ווען איר דאַרפט נישט) א לייטישן פאַבריטשנעם פּראָפעסאָר קען די קאַרפּאָריישן צושטעלן בכבוד גדול. פאַראַן א לאַנד אַזאַ, וואו יעדער בידנער מלמד איז דאָרטן באַקרוינט מיטן טיטל פּראָפעסאָר. און אַזעלכע דרייען זיך דאָרטן אַרום א היפּש ביסל, אַזוי אַז איר קענט זיך אויסקלויבן פון וועלכער מאָס איר ווילט (אַפילו ווען איר ווילט נישט).

— און צי דאַרפט איר נישט אַמאָל א משולח אָדער א שליח פאַר וועלכן צוועק עס זאָל נישט זיין: פאַר קרנות, פאַר אגרות, פאַר ישיבות, פאַר פּאַרטייען (פאַר וועלכער פּאַרטיי איר ווילט), פאַר תומך תמימים, פאַר מתיר אסורים, פאַר זוקף כפופים פאַר אַנדערע וווילטעטיקע צוועקן, קען די קאַרפּאָריישן בכבוד גדול אייך באַזאָרגן מיט פּאַרטיקע שליחים וואָס קענען דונערן מיט פיין פּאָ־לירטע צוגעגרייטע פאַבריטשנע דרשות, וואָס קענען ווירקן אויפן פּובליקום און אַפילו אים מאַכן וויינען בפרט — די ווייבער.

בקיצור הדבר — די „יונייטעד סטייטס סטיל קאַרפּאָריישן" איז גרייט אייך צו דינען מיט אַלץ וואָס איר קענט דאַרפן און אַלצדינג אין בעסטן אָרדנונג, שנעל, פּינקטלעך און צו ביליקע פּרייזן. אייער אַרבעט דאַרף נאָר זיין אָפּצורופן אויפן טעלעפאָן, מער נישט, און איר באַקומט באַלד אַלץ פאַרטיק, באַדינט אין בעסטן און שענסטן אופן.

— נו, וואָס וואָלט שמעון בן זומא היינט געזאָגט?

# פילאָזאָפיע פון אַ פערד

נאָך יאָרן לאַנג ווי כ׳האָב זיך ניט באַנוצט מיט אַ פערד און וואָגן, האָט איצט, אין מאָנטעריי — זעענדיק ווי דאָס פערד און וועגעלע איז נאָך אַלץ אין געברויך — אין מיר דערוועקט אַ חשק צו באַנוצן זיך ווידער אַמאָל מיטן פערד און וועגעלע, ווי אין אַמאָליקע צייטן. אין איינעם אַ פאַרטאָג האָב איך געדונגען אַ פערד און וועגעלע און גענומען אַרומשפּאַצירן מיט דעם, איבער די פאַרשלאָפענע גאַסן פון מאָנטעריי. זיץ איך זיך אַזוי אינעם צוויי-רעדלדיקן וועגעלע, מיט די לייצעס אין די הענט, און איך הער זיך צו צו די ריטמישע פיינע קלאַנגען וואָס גיבן אַרויס די פערדישע קאָפּעטעס, וועלכע קלאַפּן אַזוי מוזיקאַליש איבער די אַספאַלטירטע ליידיקע גאַסן פון דער נאָך-שלאָפנדיקער שטאָט.

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז הויבט דער געדאַנק אָן זיך פאַרטראָגן ווייט, ווייט צו יענער גאָלדענער צייט פון פערד און וואָגן. און ערשט איצט זע איך, וואָס פאַר אַ ליכטיקע, שיינע צייט יענע איז געווען. דער מענטש איז דאַמאָלסט נאָך מענטש געווען, מענטש צו מענטש איז נאָך ברודער געווען, אַפילו ווען טיילמאָל אַ שלעכטער ברודער, אָבער דאָך אַ ברודער. דעם מענטש האָט דאַמאָלסט אַפילו אויף אַ האָר נישט געקענט קומען אויפן זינען, אַז ער וועט אַמאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שוידערלעכער ווילדער וואַלד-חיה און אַזוי ברוטאַל פאַראומרייניקן און פאַראומווירדיקן דעם צלם אלקים זיינעם. אַך ווי שיין און ריין איז געווען אַמאָל די צייט פון פערד און וועגעלע ! אַך וואָס פאַר אַ לעבן איז דאַמאָלסט געווען, וואָס פאַר אַ רואיקס, וואָס פאַר אַ גליקלעכס און נחתדיקס ! נישט אַרויסגעיאָגט פון זיך און פון יענעם די נשמה, נישט קיין „האַרי-אַפּ״. צייט איז

געוועז געגוג און מיט וואָס אויסצופילן די צייט איז אויך געווען — מיט תורה און מידות טובות. האָט מען טאַקע הנאה געהאַט פון לעבן. הנאה געהאַט פון אַ שבת, האַרציק זיך משמח געווען מיט אַ יום טוב. איי, ווי נעמט מען יענע טייערע פערד און־וואָגן־צייט ! און אין מיר נעמט זיך וועקן האַס און צאָרן צו דער קללה פון גאָט — די מאַשין — וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן מענטשנס קאָפּ און זיין לעבן חרוב געמאַכט, זיין שיין אַנשטענדיק מענטשלעך הויז פאַרוויסט און פאַרניכטעט און זיין איידעלע און צאַרטע מענטשלעכ־קייט צעקאַליעטשעט.

און ווי איך בין אַזוי פאַרזונקען אין מחשבות וועגן לעבן פון אַמאָל און היינט, אינמיטן — סטאָפּ ! דאָס פערדל גייט נישט מער. הויב איך אָן פריער מיט גוטנס, דערנאָך מיט בייזענס, אָבער ניין, אויף קיין פאַל ניט, דאָס פערדל וויל זיך נישט רירן פון אָרט.

און צווישן מיר מיטן פערדל אַנטוויקלט זיך אַזאַ געשפּרעך:

— וואָס וועט פאָרט זיין, פערדל מיינס ? איז דאָס יושר ? דו לאָזט מיך אינמיטן גאַס און גאָרנישט.

— ניין, איך וויל דיך מער נישט פירן און פאַרטיק !

— סטייטש, פאַרוואָס ? וואו איז פערדישער יושר ?

— נישטאָ היינט קיין יושר ביי קיינעם און ביי פערד אויך נישט. איך וויל דיך מער נישט פירן. דו מיך וואָלסט געוואָלט שלעפן ? אָ, ניין, וויל איך דיך אויך מער נישט שלעפן.

— וואָס איז דאָס אַ פאַרגלייך, טייער פערדל מיינס, דו האָסט דאָך מער כוח פאַר מיר.

און אַז איך האָב, דאַרף איך עס דיר אָוועקגעבן ?! דו מיינסט ס'איז דען יענע צייטן, ווען דער מענטש איז געווען יחסן־מענטש און דאָס פערד — נישט מער ווי פערד ?! פאַרגעס אין יענער צייט. היינט איז דער מענטש מער קיין מענטש נישט און דאָס פערד איז מער קיין פערד נישט ! היינט קען אַ פערד טויגן צו עפּעס בעסערס ווי צו שלעפן דיר איבער די גאַסן !

— צו וואָס, למשל, קענסטו צו עפּעס אַנדערש טויגן ?

— היינט טויג אַ פערד צו אַלצדינג. אַפילו גרויסע גבירים און מיליאָנערן קענען פערד זיין.

— וואָס רעדסטו, פערדל מיינס, וואָס זיינען דאָס פאַר אַ די-בורים. וואו האָסטו געזען אַ פערד אַ מיליאָנער ?

— וואָס מאַכסטו זיך אַזוי נאַאיוו דו כיטרער מענטש. ווייסטו דען ניט אַז אַ גרויסע צאָל פערד זיינען היינט מיליאָנערן און שפּילן אַ גרויסע ראָל.

— און אַז איך האָב כּוח, דאַרף איך גאָר שלעפּן מענטשן ? וואָס מיינסטו, דו מענטש איינער, אַז מיר לעבן נאָך אַלץ אין איי-שישאָק צי אין ווישקאָווע ערגעץ !

— אָבער, צו וואָס טויג דיר, פערדל מיינס, די אַלע פילאָזאָפיעס. דו זאָג מיר בעסער, וועסט גיין, צי ניין ?

— ניין ! איך וויל דיך מער נישט פירן !

— זע אַליין, דו פערדישער קאָפּ — האָב איך שוין אָנגעהויבן מיט בייזנס — מענטשן רייסן זיך איבער מיר, ווילן מיך פירן. עס גייט זיי אין לעבן צו זיין מיינע פירערס, זיי לאָזן זיך קאָסטן מאַ-יאָנטקעס מיט געלט, זיי לייגן אַוועק דאָס געזונט זייערס, אַלץ — כּדי צו קענען ווערן מיינע פירערס. און דיר, פערדאַטש איינער, בעט איך, פיר מיך און דו ווילסט נישט !

— וואָס ! זיי די מענטשן, וואָס דו זאָגסט, ווילן דיך פירן. דו מאַכסט אַ טעות; נישט זיי ווילן דיך פירן, נאָר ביי דער נאָז ווילן זיי דיך פירן, און ווי און וויגד וועט זיין צו דיר אַז זיי, די דאָזיקע מענטשן, וועלן זיין דיינע פירערס. איך בין אַ פּשוט פירפיסיק פערד, איך קען נישט די כיטרע שטיק פון דיינע פירערס און איך זאָג דיר אָפן און פראָסט: איך וויל דיך נישט פירן. וואָס האָסטו צו מיר?

— אָבער . . .

— וואָס אָבער. אויב דו ווילסט דווקא ווערן געפירט פון אַ פערד, וואָס דאַרפסטו מיך. דו קענסט זיי גענוג געפינען אַן מיר אויך. און אַז צוויי-פיסיקע איז וואָס ? אַ פערד איז אַ פערד.

אינמיטן... טראַך! אַ פאַרביילויפנדיקער מאָדערנער מש־חית־אויטאָמאָביל האָט זיך אָנגעקלאַפּט אינעם וועגעלע און איך מיטן וועגעלע, מיטן פערדל, מיט מיינע געדאַנקען און מיטן פערדלס פילאָזאָפיע — אַלע צוזאַמען האָבן מיר זיך איבערגעקוליעט און קוים אַרויס מיטן לעבן.

# פסיכאָלאָגיע

אַן עלטערער קאָלעגע האָט מיך דווקא געוואָלט נעמען אין חדר אַריין.

למען האמת מוז איך זאָגן, אַז כ'האָב זיך נישט גוט אויסגע־דריקט. דער דאָזיקער קאָלעגע איז נישט עלטער פאַר מיר; ער איז נישט העכער פאַר מיר; ער איז נישט גרעסער פאַר מיר (דאָס וועט דאָך קיין שרייבער נישט זאָגן אויפן צווייטן); ער איז נישט ברייטער פאַר מיר און נישט גרעבער פאַר מיר (דאָס אפשר אמאָל יאָ) ער איז יאָ — לענגער פאַר מיר. דאָס הייסט, ער איז שוין שרייבער אַ לענגערע צייט פאַר מיר. נאָך ווען ער איז אַלט געווען זעקס יאָר איז ער שוין אַרומגעגאַנגען מיט הענטלעך אויסגעשמירט מיט טינט. האָט מען נאָך דאַמאָלסט געזאָגט, אַז ער וואַקסט אַ שרייבער. איז ער טאַקע אויסגעוואַקסן אַ שרייבער און די אַלע יענע קינדערישע סימנים זיינען אַזוי אויף אים געבליבן: שטענדיק אינגאַנצן אויס־געשמירט, פאַרפּאַטשקעט דורך און דורך . . . מיט טינט.

אָבער נישט דאָס איז וויכטיק.

יאָ, זאָגט מיר אַמאָל מיין לענגערער קאָלעגע:

— דו ווייסט, פון דיר וואָלט געקענט אויסוואַקסן אַ גוטער שריי־בער. דו האָסט אַ קאָפּ אויף זיך; דו פאַרשטייסט אַן ענין און האָסט אַ גוטע פּען אין האַנט (טאַקע אַן אמתע „עווערשאַרפּ" מיט אַ גאָל־דענעם שפּיץ) אָבער, דאָס וואָס דיר פעלט איז קענטשאַפט אין פּסי־כאָלאָגיע, וואָרום דער שרייבער, וואָס אים פעלט קענטשאַפט אין פּסיכאָלאָגיע, איז פונקט ווי אַ שוסטער וואָס קען נישט זינגען, ווי אַ

שניידער וואָס ווייסט נישט וואָס „לי״ הייסט, ווי אַ סטאָליאַר וואָס קען נישט זאָגן קיין ליגן, ווי אַ שול-דירעקטאָר וואָס קען נישט נושא-חן זיין ביי די לערער, און אַז. וו. פאַרשטייסט, יעדעס פאַך האָט זיך זיין תמצית, זיין קווינט עסענץ, וואָס אָן דעם איז דאָס גאַנצע פאַך אָן טעם, אָן לעבן. דער תמצית פון שרייבער-פאַך איז פסיכאָלאָגיע. דו דאַרפסט וויסן אַז אין יעדער טאַט איז נישט אַזוי וויכטיק דאָס אָפּגעטוענע, ווי די סיבות וואָס האָבן געבראַכט צו דער טאַט, און דאָס מוז אומבאַדינגט אַ שרייבער וויסן.

— האַ, איך פאַרשטיי שוין. ווען כ׳זע למשל אַז איינער עסט, דאַרף איך וויסן אַז די סיבה איז ווייל ער איז הונגעריק. ווען כ׳זע ווי איינער כאַפּט אַ דרימל זיצנדיק אין טראַמוויי, דאַרף איך וויסן אַז די סיבה איז ווייל ער איז שלעפעריק.

— ניין, האָסט נישט גוט באַנומען וואָס איך מיין צו זאָגן. די סיבות וואָס דו גיסט אָן זיינען אָפענע, דאָס קען יעדער איינער פאַרשטיין, אַפילו אַ פאַבריקאַנט אויך. צו דעם דאַרף מען נישט זיין קיין שרייבער. איך מיין נישט און איך רעד נישט פון סיבות דירעקטע, וואָס אַלע זעען. איך דער פון סיבות אומדירעקטע, וואָס אַנדערע זעען זיי נישט. אָבער דער שרייבער דאַרף זיי יאָ זען. ער דאַרף פאַרשטיין די פסיכאָלאָגיע פון זיין העלד, ער דאַרף קענען זיין כאַראַקטער, ער דאַרף אַריינדרינגען אינעם טיפן אינערלעכן „איך״ פון זיין העלד, כדי דערפון אַרויסצודרינגען די גרונטיקע סיבות וואָס האָבן געטריבן צו געוויסע טאַטן. למשל, דו זעסט אַ מענטש וואָס גיט זיך אָפּ מיט געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, מיט ווילטעטיקער צי מיט פאַרטייאישער אַרבעט, נאָך דיין מיינונג נאָך, פאַרוואָס טוט ער עס ?

— גאָר פשוט, מסתם האָט ער אַ ווייב אַ מרשעת, אין שטוב איז אַן אייביקער גיהנום. ער קען אין שטוב נישט איינזיצן, אַנטלויפט ער דעריבער צו כלל-טועריי, אבי אויף אַ ווייל כאַטש פטור ווערן פון שטוב. אָדער איינער וואָס האָט גראַד אַ גוט ווייב, אָבער צו אַ גוט ווייב שאַדט נישט אַמאָל אַ גוט פאַרדינסטל אויך. צי איינער וואָס געדענקט נאָך פון דער אַלטער היים ווי מ׳האָט אָפּגעגעבן דעם גביר כבוד. וויל ער, מיט היינטיקער גבירערשאַפט, זיך אָפּנעמען דעם כבוד וואָס מ׳האָט אים אין דער היים אַלס קבצן, נישט דערגעבן, נו

ווו איז דען נאָך פֿאַראַן אַ בעסער פּלאַץ ווו מ'טיילט כבוד מיט גאַנצע העמערס — אַז נישט ביי דער קהלישער שיסל.

— ניין, דו באַנעמסט נישט גוט די ריכטיקע סיבות. אָט דאָס איז דאָך טאַקע דאָס וואָס איך זאָג, אַז דיר פֿעלט קענטשאַפֿט אין פּסי־כאָלאָגיע.

דער לאַנגער קאָלעגע האָט דערביי אַלס מיטגעפֿיל, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ ווי ער זאָל מיך באַדויערן, אַ שרייבער מיט אַזאַ גוטער פּען אין האַנט (אַן אמתע עווערשאַרפּ) און עס פֿעלט אים דער תמצית, דער קווינט־עסענץ — פּסיכאָלאָגיע.

און מיין לאַנגער קאָלעגע פֿרעגט מיר ווייטער.

— זאָג מיר, אָט פֿאַרוואָס אַ שטייגער כאַפּן זיך מענטשן צום שרייבן. שרייבן אַרטיקלען, שרייבן ליטעראַטור. אָט ווי איך, ווי דו, ווי אַנדערע? מילא די וואָס קריגן באַצאָלט דערפֿאַר, מאַכן אַ לעבן דערפֿון, אין פֿאַרשטענדלעך — ס'איז פּרנסה. וואָס טוט נישט אַ ייד צוליב פּרנסה. אָבער די שרייבער פֿון די מעקסיקאַנער יידישע ציימונגען, פֿאַרוואָס שרייבן זיי?

— הע, קאָלעגע, דאָס איז שוין לשון הרע. אמת טאַקע אַז פֿון אַלע שבעים לשונות איז דאָס לייכטסטע און באַקוועמסטע לשון, לשון הרע. אָבער צו באַנוצן זיך דערמיט איז נישט עטיש. און פּונקט ווי דו זאָגסט אַז דער תמצית פֿון שרייבעריי איז פּסיכאָלאָגיע, מיין איך אַז אַ שרייבער דאַרף אויך באַזיצן אַ געוויסע מאָס עטיק.

— האָ, דו קריכסט שוין צו ווייט. אויב דו וועסט אָנהייבן זוכן עטיק ביי שרייבער דאַרפֿסטו פּסלענען ניינציק פּראָצענט שרייבערס, אָדער אפֿשר מער. אָבער לאָמיר דאָס לאָזן. דו ענטפֿער מיר דירעקט אויף מיין פֿראַגע: פֿאַרוואָס כאַפּן זיך מענטשן צום שרייבן"?

— פֿאַרוואָס כאַפּן זיך מענטשן צום שרייבן, פֿרעגסטו. איז קודם כל, נישט קיין מענטשן כאַפּן זיך צום שרייבן נאָר שלימזלען. און „פֿאַרוואָס"? ווילסטו וויסן. זיינען פֿאַראַן פֿאַר דעם אַ סך סיבות. די הויפּט סיבה איז, וואָס דער שרייבער וויל זיך ווייזן פֿאַרן ווייב, אַז ער איז נישט אַזאַ לא־יוצלח ווי זי מיינט. והאָ ראיה — צו עפּעס טויג ער דאָך יאָ. נאָך אַ סיבה קען זיין, ווייל פֿאַראַן אַזעלכע וואָס האָבן אַ שלעכטן „פּאַטשערעק", אַ מיאוסע האַנט־שריפֿט הייסט עס.

ווילן זיי פּשוט אויסשרייבן די האַנט, נו — שרייבן זיי. נאָך אַ סיבה קען זיין.

— לאָז שוין אָפּ מיט דיינע „סיבות”. דו האָסט נישט קיין פּסי־כאָלאָגישן צוגאַנג צו זאַכן. אַט אַט דאָס איז עס וואָס דיר פעלט — פּסיכאָלאָגיע פעלט דיר. אָבער ס'איז נאָך צייט קענסט נאָך לערנען. אויב דו ווילסט קען איך דיר געבן לעקציעס אין פּסיכאָלאָגיע. וועסט זען, וועסט עפענען די אויגן. דו וועסט אַריינקריגן דעם תמצית. דעם קווינט־עסענץ וואָס דיר פעלט. דו וואָלסט דאַמאָלסט גאָר אַנ־דערש פאַרשטאַנען די וועלט, וואָלסט אַנדערש געזען מענטשן. אַנ־דערש אויפגעפאַסט געשעענישן. אַט אַ שטייגער — פאַרוואָס מענ־טשן שווינדלען, גנבענען, נאַרן, באַטריגן, נו אדרבה, זאָג, פאַרוואָס ?

— גראַד דאָס ווייס איך זייער גוט פאַרוואָס. ווייל מ'וויל אַריינ־קריגן וואָס מער געלט. וואָרן וואָס מער געלט אַלץ מער שאַנסן זיינען פאַראַן צו ווערן אַ כלל־טוער, אַ קאָך־לעפל, אַ דעה־זאָגער, אַ קהלישער פאַרזאָרגער. און וואָס מער פאַרזאָרגער, אַלץ מער שאַנסן זיינען פאַראַן צו פאַרדעקן און מאַסקירן אַלערליי שווינדלערייען און כאַזערייען. דורך דעם וואַקסן די שאַנסן אַריינצוקריגן וואָס מער געלט און מער כבוד. און אַזוי דרייט זיך דאָס רעדל . . . און דאָס רעדל ווערט אַ ראָד. און עס דרייט זיך און עס צעוואַקסט זיך... אַזש ביז . . .

— ניין, דו מיינסט, אַז דו פאַרשטייסט, אָבער ביסט נאָך זייער ווייט פון פאַרשטיין די אמתע סיבות פון זאַכן און געשעענישן. דו דאַרפסט לערנען. לערנען, כדי צו קריגן דעם תמצית, דעם קווינט־עסענץ, וואָס הייסט **פּסיכאָלאָגיע.**

# ראש השנה אין שול

ס'איז אַפילו נישט שיין, נישט עטיש, אונטערצוהערן פרעמדע געשפּרעכן, אָבער — איר ווייסט דאָך — אַ מענטש איז נישט מער ווי אַ מענטש און אַמאָל דאָס אויך נישט און אַ מענטש, אַ קינד צי אַן אַלטער, איז בטבע אַ נייגעריקער, האָט די נייגעריקייט אין מיר מיך געטריבן עובר צו זיין אויף אַן עטישן לאַוו: איך בין געוועזן נייגעריק צו וויסן, פון וואָס אַזעלכעס רעדן יידן אין שול, האָב איך צוליב דעם אָנגעשפּיצט מיינע אויערן אונטערגעהערט זיך צו דעם, וואָס יידן האָבן גערעדט צווישן זיך בלחש.

די דאָזיקע גערעדערייען וויל איך היינט, אָט־אָ דאָ, איבער־געבן, ווייל איך האָב אַ גרונט צו דענקען, אַז זיי וועלן אייך אינטערעסירן.

פרעגט איין ייד דעם צווייטן,ביידע זיינען זיי שכנים, אויף איין באַנק: — זאָג מיר, שמואל־דוד, וואָס פאַר אַ רוח טרייבט דיך ראש־השנה אין שול אַריין? איך ווייס דאָך, אַז דו ביסט אַ פריידענקער, אַ נישט גלויביקער, וואָס זשע קומסטו ראש השנה אין שול אַריין און שרייסט מיט, מיט אַלע יידן: „בראש השנה יכתבון וביום צום כיפור יחתמון", אַז אין הימל שרייבט מען און מחתמעט, מ'רעכנט און מ'וועגט,, מ'ציילט און מ"באַשטימט, ווער עס זאָל האָבן אַ גוט יאָר און ווער אַ שלעכט יאָר; ווער מ'טיילט צו אַלדאָס גוטס און וועמען — גרויסע צרות. גלייבסטו דען אין דעם וואָס דיין מויל זאָגט?, און דו נעמסט נאָך מיט צום דאַוונען דיינע צוויי יינגעלעך און דו הייסט זיי, אַז זאָלן מיטשרייען מיט אַלע יידן: „וכל מאמינים שהוא דיין אמת"! איך פאַרשטיי דיך נישט!

— איך פארשפאר דיר שוין צו ענטפערן. אין דיין אייגענער פראגע, ווי דו אליין האסט זי אוועקגעשטעלט, ליגט שוין א גוטער און קלארער ענטפער. „מיטשרייען מיט אלע יידן" זאגסטו, אט־א דא ליגט דער ענטפער, אט דאס איז „דער רוח" וואס טרייבט מיך ראש־השנה אין שול אריין. זייער פשוט און פראסט, איך דארף צו דעם נישט זיין קיין גלויביקער, פאר מיר איז גענוג דאס, וואס איך בין א קינד פון מיין פאלק, וויל איך מיט מיין פאלק זיך באהעפטן אין די דאזיקע פייער טעג. איך וויל נישט זיין קליגער פון אלע יידן און נישט איבערגעשפיצטער פון די פארגאנגענע דורות אונדזערע. אזוי פון שטענדיק און שטענדיק קומען זיך יידן צוזאמען אין שול, אין די דאזיקע טעג, אונטער די קלאנגען פון די זעלביקע ניגונים און אונטער די אויסגעשרייען פון די זעלביקע תפילות, ציט מיך, אלס ייד, אנצוהאלטן זיך אין דער דאזיקער טראדיציע און „מיט־שרייען מיט אלע יידן". מיר איז נישט וויכטיק וואס די תפלות זאגן, אבי צוזאמען מיט אלע יידן. עס גיט מיר א קאלאסאלע באַ־פרידיקונג וויסנדיק, אז אט אין דעם זעלביקן מאמענט, וואס איך שטיי דא אין שול, געפינען זיך אויך אלע יידן איבער דער גארער וועלט אין זייערע שולן און שרייען אויך אוים די זעלביקע ווערטער: „בראש השנה יכתבון וביום צום כיפור יחתמון". אט דורך די דאזי־קע ווערטער ווערן מיר, אלע יידן, אין איין און דער זעלביקער צייט, פאראייניקט און פארבונדן אין איין גרויסן איינס. אויב אזוי — ארט מיך שוין נישט דער פירוש המילות, דער באדייט פון די ווערטער און עס אינטערעסירט מיך שוין נישט, צי דער אינהאלט פון די תפלות שטימט יא, צי נישט, מיט מיינע רעליגיעזע אנשייאונגען און איבערציייגונגען. בלויז דורכן געפיל פון כלל־יידישער געמיינזאמקייט ווערן ביי מיר די ווערטער פארהייליקט. איך וואלט זייער וועלן אז מיינע קינדער זאלן אויך אזוי דענקען און זאלן אויך גיין אינעם זעלביקן וועג. דעריבער נעם איך זיי מיט אין שול אריין און לערן זיי „מיטצושרייען" מיט אלע יידן „וכל מאמינים שהוא דיין אמת". נו, האסטו מיך פארשטאנען?

⁂

שטייט א בינטל יידן און פאליש פון שול אין דער צייט פון קריאת התורה, אלע שווייגן און איינער, שוין אן עלטערער מענטש, שטייט אין סאמע מיטן רעדל און רעדט.

אין זיין רעדן פילט זיך אַ טאָן פון פאַרענטפערונג, אַ שטייגער ווי ער זאָל זיך וועלן פאַרענטפערן און זיך ריינוואַשן פאַר לייטן, פאַר דער גרויסער נאַרישקייט וואָס ער האָט אָפּגעטאָן און געקומען ראש השנה אין שול אַריין:

— מען האַלט מיך פאַר אַן אפיקורס, אַ נישט גלויביקן, אַ כופר בעיקר און ווער ווייסט וואָס נאָך. אָבער איר האָט אַלע אַ טעות אין מיר. איך בין באמת אַ גלויביקער ייד. איך גלויב באמונה שלמה אין מציאת הבורא — אַז עס עקזיסטירט אַן אויבערהאַר, אַ גאָט, דער וועלט-באַשאַפער. איך גלויב אויך אין השגחה פרטית — אַז גאָטס אַלמעכטיקע האַנט פירט אָן מיט אַלץ און אַלעמען אויף דער וועלט. אָבער איך האַלט נישט פון קיין רעליגיעזע דאָג־מעס און פון קיין הייליקע פאָרמאַליטעטן. איך טייל פּולשטענדיק פונאַנדער דאָס וואָס גייט אונטערן נאָמען דינים און פאָלקס מינהגים און דאָס וואָס ווערט פאַרשטאַנען אונטערן נאָמען עכטע אמונה. מיין לאָגיק, מיין איבערצייגונג און מיין טיפער גאָטגלויבן דערלאָזן נישט צום געדאַנק, אַז דער גרויסער אַלמעכטיקער גאָט איז פאַר־בונדן מיט אַ פליישיקן טאָפּ און אַ טרייפן מעסער. דאָס גלייכן זיינען לויט מיין איבערצייגונג נישט פאַראַן אַזעלכע ווי פאַרכטיקע טעג און וואָכעדיקע טעג (איך מיין עס אין העכערן רעליגיעזן זין, נישט אין דער פאָלקישער איינשטעלונג, וואָס אינטערעסירט מיך אַבסאָ־לוט נישט) פונקט ווי עס עקזיסטירט נישט פאַר מיר קיין הייליקע קי און קיין הייליקע מענטשן. מיין פולע זיכערקייט איז, אַז דער צוטריט צו גאָט קען זיין פאַר אַלע מענטשן גלייך און יעדע צייט איז פריי פאַר דעם. אָבער — אין דעם גלויב איך יאָ — דער מענטש דאַרף זיך גוט צוגרייטן, כדי צו קענען ווערן מיט זיך אַליין פאַרטיק, ראוי צו זיין צו דער באַהעפטונג מיט גאָט. בין איך טאַקע אָט צוליב דעם געקומען היינט אין שול אַריין, מיט דער האָפנונג אַז דאָ, אין דער דאָזיקער אומגעבונג, צווישן לויטער „יומטובדיקע" יידן, וואָס זיינען אַריינגעטאָן אין תפילה און שירה בציבור, וועל איך אויך אַריין אין אַ דערהויבענער שטימונג, זיך אויסטאָן פון אַלע ערדישע ענינים און אַזוי אַרום זיין גרייט זיך מתדבק זיין מיט מיין גאָט דעם יוצר אור. אָבער, איך מוז אייך זאָגן מיינע ליבע יידן, אַז איך גיי אַוועק פון דאַנען שטאַרק אַן אַנטוישטער . . .

⁂

רעדט זיך אַ ייד נעבעך אָפּ פון האַרצן:

— הײַ־יאָר האָבן שוין די קינדער נישט געוואָלט מיטגיין מיט מיר דאַווענען. זיי זאָגן, אַז עס „פּאַסטידיעט” זיי די גאַנצע שוהל מיטן לאַנגווייליקן דאַווענען, מיטן עליות-באַזאַר און מיטן גאַנצן פאַרשימלטן אַלטפרענקישן סיסטעם, וואָס איז נאָך אַלץ איינגעשטעלט אין אונ־דזער שוהל כאָטש מיר לעבן אין אַטאָם-צײַטן. מיינט איר אפשר, אַז די קינדער זיינען אומגערעכט, איך וויל זיי ניט נאָכגעבן קיין גערעכט, אָבער ביי זיך ווייס איך גאַנץ גוט, אַז זיי זיינען נעבעך גערעכט. איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך בין שוין ברוך השם מיט אַ שיינע פּאָר יאָר עלטער פון זיי און איך בין דאָך פון קינדוווייז אָן צוגעוואוינט צום דאָזיקן סיסטעם שוהלן, פונדעסטוועגן, זאָל איך ניט געשטראָפט ווערן פאַר די רייד, עס פּאַסטידיעט מיר אַליין שוין אויך. און צווישן אונדז גערעדט — צי דאַרף דען די שוהל זיין בלויז אַ מקור פון ביזנעס מאַכן. פאַרוואָס זאָל טאַקע אין היינטיקע צייט נישט זיין אין שוהל איינגעשטעלט אַזוי, אַז עס זאָל ציען די יוגנט אין שוהל אַריין און טאַקע די עלטערע אויך. צי איז דען דאָס נישט דער חוב און די אויפגאַבע פון אונדזערע רבנים און פון די ראשי הקהל אונדזערע, צו זאָרגן פאַר דעם אַז די יוגנט זאָל פון אונדז נישט אַוועק?

דער ייד האָט זיך אָפּגערעדט פון האַרצן. עטלעכע יידן האָבן אים אויסגעהערט, האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, אָבער קיינער האָט נישט געהאַט וואָס אים צו ענטפערן.

איך האָב זיך געטראַכט: — איך וואָלט אים שוין געהאַט וואָס צו ענטפערן און אַ סך צו ענטפערן, אָבער, כ'האָב זיך מיין פּרינציפּ, אַז איך מיש זיך נישט אַריין אין פרעמדע געשפּרעכן.

⁂

קומט אַריין אַ ייד אין שול אַריין, שיין אויסגעפּוצט אין מיטן דאַווענען. פרעגט ער ביי אַ צווייטן ייד:

— איר קענט מיר אפשר זאָגן, כ'בעט אייך, וואו עס האַלט דער חזן?

— וואָס איז דען אייך וויכטיק צו וויסן — ענטפערט יענער — וואו דער חזן האַלט; וואו האַלט איר אַליין?

— איך האָב נאָך נישט אָנגעהויבן.

— אַזוי. ווילט איר, הייסט עס, אָנהייבן מיטן חזן!

— אַוודאי.

— צי ווייסט איר דען נישט ליבער ייד, אַ מיט קיין חזן הויבט מען נישט אָן.

⁂

שטייט אַ ייד אין שול און זיפֿצט אוים און קרעכצט אוים דעם פּסוק:

— אוי, טאַטע זיסער, בנפשו יביא לחמו. מיט נשמה־ליידן מוז מען פֿאַרדינען דאָס שטיקל ברויט. צוליב פּרנסה מוז מע דערדריקן די נשמה אין זיך; מען מוז דערשטיקן געפֿילן; מען מוז מוחל זיין אויפֿן אייגענעם כבוד; מען מוז אָראָפּנידעריקן דעם אייגענעם ווערט; אַלץ צוליבן שטיקל ברויט, אַלץ צוליב פּרנסה, אוי, אוי, טאַטע אין הימל — בנפשו יביא לחמו.

— אוי, אוי, בנפשו יביא לחמו; מוז אַן אינטעליגענטער מענטש זיין אַן אָנגעשטעלטער אין אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איר אידעאָלאָגיע איז נישט זיינע. אָבער וואָס קען מען טאָן, אַז בנפשו יביא לחמו. — די נשמה מוז מען ברענגען פֿאַר אַ קרבן צוליב פּרנסה. — אוי, אוי, בנפשו יביא לחמו; מוז אַן ערלעכער מענטש, אַן אָנגעשטעלטער ביי קהלה, צוזען ווי אין דער קהלשער שיסל גראַבלט מען אויף רעכטס און אויף לינקס. און ער מוז שווייגן, וואָרן — בנפשו יביא לחמו.

— אוי, האַרציקער טאַטע, בנפשו יביא לחמו; מוזן צייטונגען שרייבן זאַכן, אין וועלכע זיי גלייבן אַליין נישט; מוזן זיי פּראָפּאַגאַנדירן פֿאַר אידייען צו וועלכע זיי אַליין זיינען אויסגעשפּראָכענע קעגנער; אָבער וואָס זאָל מען טאָן, אַז בנפשו יביא לחמו. די ביטערע פּרנסה פֿאָדערט, אַז מ׳זאָל אין דער אייגענער נשמה פֿאַרגעסן.

⁂

דניאל פּערסקי גיט איבער אַ שיינעם פֿאָלקסטימלעכן ראש השנה וויץ:

דריי דאַרפֿן זיך פֿילן גליקלעך אין ראש השנה: גאָט, די יידן און דער שטן ימח שמו.

גאָט דאַרף זיך פילן גליקלעך, וואָרן מה דאָך ווען אברהם האָט נאָר געוואָלט שחטן יצחקן, פאַרמאַטערן אים די יידן אין זכות פון יצחקן. היינט ווי וואָלט שוין געווען ווען אברהם שעכט טאַקע יצחקן, וואָלט דאָך גאָט קיינמאָל זיך נישט געקענט פון די יידן אויסקויפן, דעריבער דאַרף זיך גאָט פילן גליקלעך, וואָס דאָס איז נישט געשען.

די יידן דאַרפן זיך פילן גליקלעך אין ראש השנה מיט דעם, וואָס פאַר תקיעת שופר האָט מען זיי געהייסן זאָגן זיבן מאָל דאָס קאַפּיטל תהילים „כל העמים תקעו כף" און מען האָט זיי נישט געהייסן זאָגן זיבן מאָל דאָס קאַפּיטל תהילים „אשרי תמימי דרך". דער שטן דאַרף זיך פילן גליקלעך אין ראש השנה מיט דעם וואָס מ'האָט געהייסן די יידן בלאָזן שופר דורך דער שמאָלער זייט פון שופר, קען דערוויל דער שטן אַרויסלויפן דורך דער ברייטער זייט. ווי וואָלט געווען ווען מ'הייסט די יידן בלאָזן שופר דורך דער ברייטער זייט, וואָלט דאָך דער שטן געווען אינגאַנצן דערשטיקט געוואָרן אין שופר.

# רעדן און זאָגן

דאָס זעלביקע קומט פאַר סיי מיט רעדנערס און סיי מיט שרייבערס:

עס שטעלט זיך אוועק אַ רעדנער פאַרן פּובליקום — צי איז דאָס איינער פון אונדזערע היימישע און באַקאַנטע אינטעלעקטואַלן, צי דאָס איז אַן „אָראַפּגעקומענער" וועמען מען האָט מיט וואַכן פריער אָנאָנסירט בקולות וברקים, אַלץ איינס — דער רעדנער רעדט, ער מאַכט שיינע אַרטיסטישע באַוועגונגען, זשעסטיקולאַציעס און קונצן, ער רעדט מיט פלאַמיקן פּאַטאָס און שיט דערביי מיט הויכע געפּלי־גלטע פראַזן, פון צייט צו צייט גיט ער אַ זעץ אין טיש כדי די רייד זיינע זאָלן האָבן אַ גרעסערן עפעקט און זאָלן מאַכן אַ שטאַרקערע ווירקונג אויף די צוהערער. דער געמלעכער רעדנער, ווייזט אויס, קען גוט די אַרטיסטישע אָראַטאָר־קונסט, נעמט ער דערביי אָן די אַלע נייטיקע קונסט מיטלען כדי צו צעפלאַמען זיינע צוהערער. און סוף כל סוף — ווי לאַנג ער זאָל נישט רעדן מוז ער דאָך אַמאָל ענדיקן — ענדיקט ער אָדער אין אַ שטילן אַראָפּגעניידערטן טאָן אָדער אין אַ דראַמאַטישן אויסגעשריי (געווענדט ווי דער מאָמענט פאָדערט), אַלץ איינס — ער ענדיקט.

דער רעדנער קילט זיך אָפּ, דער עולם צוהערער ניכטערט זיך אויס, דאַמאָלסט קומט דער קריטישער מאָמענט: די צוהערער קוקן זיך איבער, הויבן די אַקסלען און פרעגן אויף שטום־לשון (און אָפט־מאָל אויך מיט רייד) „וואָס האָט דער חשובער באַרימטער רעדנער אונדז דאָ געזאָגט"? „וואָס האָט ער אונדז געוואָלט זאָגן"? און „וואָס איז דער פועל יוצא פון דעם אַלעמען וואָס ער האָט פאַר

אונדז אָנגערעדט צוויי שעה צייט (און אַמאָל, מער) און פאַרנודעט דעם עולם״ ? „מיט וואָס האָבן מיר פאַרלוירן אַ גאַנצן אָוונט, וואָס האָבן מיר פון זיינע רייד געלערנט און וואָס זענען מיר פון דעם רעדנער דערגאַנגען״ ?

— גאָרנישט ! אַז דער „חשובער און באַרימטער״ רעדנער האָט אַליין נישט געוואוסט וואָס ער וויל זאָגן, טאָ ווי זשע האָט עס דער עולם געקענט וויסן !

דאָס הייסט, אויף פּראָסט מאַמע לשון, גערעדט און גערעדט און גאָרנישט געזאָגט.



פאַראַן נאָך אַ טיפּ רעדנער, וואָס באמת האָט ער וואָס צו זאָגן און וויל עפּעס זאָגן דעם עולם, אָבער דער רעדנער איז אַזוי פאַר־ליבט אין קלאַנג פון זיינע אייגענע שיינע ווערטער, ער איז אַזוי עמאַציאָנירט פון זיינע אייגענע הויכע און געפליגלטע פראַזן, ער איז אַזוי מיטגערימן פון זיין אייגענער אָראַטאָרישער קונסט, ער איז אַזוי פאַרשיכורט פון זיין אייגענער געהויבענער רעדנער־קראַפט, אַז ער פאַרגעסט גאָר אינגאַנצן אין זיין אויפגאַבע אַלס רעדנער, וואָס איז געקומען עפּעס זאָגן פאַר זיינער צוהערער. אין לויף פון רעדן האָט דער רעדנער זיך אַזוי פאַרגאַלאָפּירט, אַז ניט ווילנדיק האָט ער זיך פאַרוואַנדלט גאָר אין אַן אַקטיאָר און גענומען שפּילן טעאַטער.

עס קען גריילעך זיין, ווען די צוהערער וואָלטן לכתחילה געווען געקומען זען און הערן טעאַטער־קונסט, וואָלט ער, אַט דער מין רעדנער, געווען גאָר שטאַרק אויסגענומען ביים עולם. זענען דאָך אָבער די מענטשן געקומען הערן אַ רעדנער און נאָך אַ „באַרימטן רעדנער״. די געקומענע האָבן דאָך גאָר געהאַט אַן אינטערעס צו וועלן וויסן וואָס האָט דער, אַזוי שטאַרק אַנאָנסירטער רעדנער, צו זאָגן וועגן דעם ענין און וועגן דער טעמע וואָס ער האָט אָנגעגעבן, און וועגן דעם האָט דער רעדנער גאָרנישט געזאָגט.

אין לעצטן סך הכל קומט אויס, אַז נאָך דער גאַנצער גרויסער און שיינער רעדע בלייבט דער עולם אַנטוישט.

די לייזונג פון אַ געוויסער פּראָבלעם וואָס די צוהערער גאָרן אַזוי שטאַרק צו הערן פון אַ גרויסן מענטש, בלייבט פון אַזאַ רעדנער נישט געלייזט. דער עולם גייט אַוועק פון אַזאַ רעדע מיטן זעלביקן וואָס ער איז געקומען.

טיילמאָל געשעט אַ נס, אַז ערשט דערנאָך, ווען מען נעמט שטעלן דעם רעדנער פראַגעס, ערשט דאַמאָלסט ניכטערט זיך אויס דער רעדנער פון זיין פּראָזן-פאַרשיכורטקייט און ער הויבט אָן רעדן צו דער זאַך, אָבער ווי זאָגט אַ תּלמודיש וואָרט: „נישט יעדן טאָג געשעט אַ נס". אין די מערסטע פאַלן גייט דער עולם אַוועק מיטן איינדרוק ווי פון ערשטן רעדנער:

— גערעדט און גערעדט און גאָרנישט געזאָגט !

⁂

פאַראַן נאָך אַ דריטער טיפּ רעדנער: אַ רעדנער וואָס חכמהט זיך.

עס איז טאַקע אמת, אַז ווען אַ רעדנער אַפילו דער בעסטער און דער ענסטער — וואַרפט אַריין אַמאָל, אין מיטן רעדן, אַ פאָלקס ווערטל, אַ פאַסיקן וויץ, אַ באַקאַנטן פאָלקס אַנעקדאָט, וואָס קען זיך אָנגעהערן צום ענין, גיט עס צו אַ געוויסן חן צום גאַנצן רעדן, עס פאַרלייכטערט פאַר די צוהערער צו קענען אויפכאַפּן דעם געדאַנק פון דעם רעדנער און עס גיט אַ בעסערע מעגלעכקייט פאַר די צו-הערער צו פאַרשטיין דעם עיקר צו וועלכן דער רעדנער צילט מיט זיין רעדן. יאָ, עס איז טאַקע אמת.

אָבער ווען אַ רעדנער שטעלט זיך אַוועק אויף צוויי שעה צייט (און אַ מאָל נאָכמער) און האַלט אין איין חכמהנען זיך, שיט אָן אויפהער מיט וויצן, גלייכווערטלעך, אַנעקדאָטן און קיצלדיקע מעשה-לעך, צי זיי פּאַסן זיך יאָ אַריין צום ענין צי נישט, דאַמאָלסט ווערן שוין אַפילו די עטלעכע גוטע געדאַנקען, וואָס ער האָט יאָ באַוויזן אַרויסצוברענגען אין לויף פון זיין רעדן — פאַרטרינקען אין אַ ים פון בורלעסק.

עס קען זיין, אַז בשעת משה האָט דער עולם הנאה און קוועלט אָן פון דעם רעדנערס „חכמות". אַ פאַקט איז דאָך, אַז דער רעדנער באַקומט דערפאַר באַלוינט מיט הילכעדיקע אַפּלאָדיסמענטן.

אָבער ווען עס קומט דער נאָך אַלעמען, נאָכן גאַנצן אָנלאָבן זיך פון דעם רעדנערס וויצן, ווען די צוהערער הויבן זיך אָן אויסצוטשוכן פונעם גאַנצן בורלעסק, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעהערט אַ גאַנצן אָוונט, און נעמען קומען צו זיך, דאַמאָלסט הויבט זיך אָן צו דערוועקן ביי זיי אַ פראַגע:

— מאַי קאָ משמע לן ? וואָס האָט אונדז דער „באַרימטער רעדנער" געלאָזט הערן און וואָס האָט ער אונדז געזאָגט ? איז דען צוליב די פאָר וויצן און קיצלדיקע אַנעקדאָטן כדאי געווען צו האַלטן אַ גאַנצע דרשה ? און צי איז דען, צוליב דעם רעדנערס חכמהנען זיך און מאַכן לאַכן אונדז כדאי געווען צו פטרן אַן אָוונט מיט גאָרנישט ?

און עס קומט ווידער אויס דאָס זעלביקע: אַ רעדנער האָט גע־רעדט און גערעדט און גאָרנישט געזאָגט !



נאָך אַ מין רעדנער איז פאַראַן: אַ רעדנער וואָס קען נישט ענדיקן.

דער דאָזיקער מין רעדנער איז גראָד אַזעלכער וואָס פאַרשטייט גוט זיין אויפגאַבע אַלס רעדנער. ער ווייסט וואָס ער וויל זאָגן און ער איז פעאיק אַרויסצוברענגען זיינע געדאַנקען פאַר די צוהערער. אָבער איין גרויסן חסרון האָט ער, אָט דער רעדנער, ער האָט נישט קיין צוטרוי צום עולם צוהערער. אים דאַכט זיך אַלץ, אַז דער עולם האָט אים נישט גוט פאַרשטאַנען, אַז די צוהערער האָבן זיך אַלץ נאָך נישט דערגרונטעוועט צו דער טיפקייט פון זיינע געדאַנקען, אַז עס איז נאָך נישט גוט פאַרשטאַנען געוואָרן דאָס וואָס ער מיינט צו זאָגן. דעריבער האַלט ער אין איין רעדן, אַרגומענטירן און געבן צו פאַרשטיין, וואָס מערער, וואָס שטאַרקער און וואָס גרינטלעכער, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז ער פאַרפּלאָנטערט זיך אַליין אין זיינע אייגענע ווערטער, אַז אויף קיין פאַל קען ער זיך שוין נישט אויס־פּלאָנטערן פונעם גאַנצן ווערטער־קנויל וואָס ער האָט אַליין פאַר־פּלאָנטערט.

רעדט ער אַזוי לאַנג ביז ער פאַרנודעט און פאַרגענעצט דעם עולם און סוף כל סוף פאַרענדיקט ער זיין רעדע אין סאַמע מיטן אַ נישט פאַרענדיקטע.

אָט אַזאַ רעדנער דערגרייכט, מיט זיין צופיל רעדן, פּונקט אַ פאַרקערטן רעזולטאַט פון דעם וואָס ער האָט געוואָלט דערגרייכן. אַנשטאָט דער עולם זאָל אים בעסער פאַרשטיין האָט דער רעדנער אַזוי פאַרבאַראַמאַטשעט די קעפּ פון די צוהערער, אַז זיי גייען אַוועק פון אַזאַ רעדע מיטן איינדרוק אַז דער רעדנער האָט געפּלוידערט און נישט געוואוסט וואָס ער רעדט.

אין לעצטן סך הכל שאַפט זיך ביי די צוהערער די מיינונג, אַז דער רעדנער האָט גערעדט און גאָרנישט געזאָגט.



עס איז אויך פאַראַן אַן אַנדער טיפּ רעדנער, אַזעלכער וואָס מאָלט אָפּ זיין רעדע כאַפּנדיק, שנעל און איילִיק, פּונקט ווי אַ ייד פלעגט אַמאָל אָפּדאַווענען אין אַ באַגינען פון אַ מאַרק-טאָג.

אָט דער דאָזיקער רעדנער זאָגט אָפּ זיינס אויף גיך וואָס ער האָט צו זאָגן, איינס און צוויי און פאַרטיק, אָן לאַנגע שהיות.

אמת טאַקע, אַז די צוהערער פון אַזאַ רעדנער כאַפּן אויף גאַנץ גיך וואָס דער רעדנער האָט געוואָלט צו זיי זאָגן און וואָס ער האָט געזאָגט. אָבער זיי, די צוהערער, זענען געצוואונגען צו גלייבן דעם רעדנער אויפן וואָרט, וואָרן ער האָט נישט באַוויזן צו אַרגומענטירן, אויפצוקלערן און צו באַווייזן די ריכטיקייט פון זיינע ווערטער און פעסטצושטעלן די לאָגישקייט פון זיינע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען.

דער רעזולטאַט דערפון באַקומט זיך אַזוי; די אידעאַלאָגישע אַנהענגער פונעם רעדנער, זיי האָבן אמונה, און גלויבן דעם רעדנער אויפן וואָרט, אָבער צו זיי האָט ער דאָך ניט באַדאַרפט רעדן, זיי זענען דאָך געווען איבערגעצייגט אין די מיינונגען פון דעם רעדנער נאָך איידער ער האָט גערעדט צו זיי, דער איבעריקער עולם ווידער גייט שוין אַוועק פון אַזאַ רעדע מיט דער גערעכטער טענה: „ווער איז דאָס אים מחויב צו גלייבן” צי האָט ער דען באַוויזן און אויפגעקלערט, פאַרוואָס זיין אַרויסגעזאָגטע מיינונג איז אַזוי און נישט אַנדערש ?!

די לעצטע שורה איז, אַז נאָך אַ רעדע פון אַזאַ רעדנער בלייבט דער איינדרוק:

— ער האָט געזאָגט, אָבער ער האָט נישט דערדעדט . . .

⁂

עס זענען אָבער אויך פאַראַן רעדנערס, וואָס זענען געבענטשט מיט אמתן רעדנער־טאַלענט, אי זיי רעדן שיין — אָנגענעם צו הערן, אי זיי ווייסן וואָס זיי זאָגן, אי זיי רעדן איבערצייגנדיק, אי זיי זענען בכוח אַרויסצוברענגען זייערע געדאַנקען קלאָר און דייטלעך אויף אַ פּרעציזן אופן, און דער עיקר — זיי האָבן אַ וואָג און מאָס אין האַנט, צו וועגן און מעסטן וואָס יאָ און וואָס נישט.

אַזאַ רעדנער הערט מען אויס, יעדעס וואָרט זיינס, מיט באַגייסטערונג; פון אַזאַ רעדנער גייט מען אַוועק מיט פולער צופרידנקייט און מיט העכסטער גייסטיקער הנאה, אפילו ווען מען איז נישט איינשטימיק מיט זיינע אויספירונגען; פון אַזאַ רעדנער גייט מען אַוועק מיטן באַוואוסטזיין, אַז מען האָט עפּעס פון אים געלערנט און פון אַזאַ רעדנער בלייבט, אויף אַ לאַנגער צייט וואָס נאָכצודענקען.

⁂

דער זעלביקער אופן פון קלאַסיפיצירן קען פולשטענדיק גילטיק זיין אויך אין באַצוג צו שרייבער, מיט קליינע ענדערונגען. מען דאַרף דער עיקר נאָר בייטן בלויז דאָס וואָרט „רעדנער”, פון די אויבן געבראַכטע זעקס קלאַסיפיקאַציעס, איבערבייטן אויף דעם וואָרט „שרייבער” און דאָס קען לגמרי גענוג זיין פאַרן לייענער צו אָריענטירן זיך אין דער קלאַסיפיקאַציע פון די זעקס טיפּן שרייבער, וואָס זענען פאַראַן. די אַנדערע קליינע ענדערונגען זענען שוין פון אומוויכטיקער באַדייטונג.

# יידן אויף „אם ירצה השם“

מ'דערציילט, איינער א ייד א פרייזדענקער, וואס איז יאָרן-לאַנג געווען אַן אַטעאיסט, לגמרי אַן אומגלויביקער, וואָס האָט זיך אויסגעלאַכט פון אַלע רעליגיעזע דאָגמעס און פון יעדן מין רעליגיעזן פאַרבאָט און פאַרזאָג. ער האָט געפירט א פריי לעבן, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ פרייזדענקנדיקן מענטש.

פלוצלונג איז מיט דעם דאָזיקן מענטשן עפּעס געשען (ווער קען דען שאַצן אַ יידישע נשמה). נייע געדאַנקען האָבן זיך אָנגעהויבן צו וועקן אינם מוח פון דאָזיקן פרייען ייד. אַן איבערבראָך איז געקומען אין זיינע געפילן און ער האָט געמאַכט אַ גאַנצע רעוויזיע אין זיין באַציאונג צו רעליגיעזע יידישקייט. ער איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, ביז ער איז געקומען צו דער טיפער איבערצייגונג, אַז כדי צו זיין אַן אמתער הונדערט-פּראָצענדיקער ייד מוז מען אָפּהיטן יידישקייט כדת וכדין, לויט אַלע דינים און שולחן ערוך.

בקיצור — אין איין שיינעם טאָג האָט דער דאָזיקער בעל תשובה אונדזוערער פּעסט באַשלאָסן אויסצורייניקן זיין הויז פון יעדן חשש טרפה, פּונקט ווי אַ פרומער ייד רייניקט אויס ערב פּסח זיין שטוב פון יעדן חשש חמץ. צוליב דעם האָט ער, דער בעל תשובה, באַשטעלט נייע כלים, ממש אַלץ ניי, אַזוי אַז מהיום והלאה זאָל זיין הויז געפירט ווערן אין שטרענגער כשרות.

אין דעם האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז אין זיין אייז-קאַסטן געפינט זיך נאָך איינגעפרוירן טרפה פלייש, און אויך בשר-קוויטש, פאַר אַ לענגערער צייט, וואָס איז בפירוש אַן עבירה אַרויסצוואַרפן, האָט ער, דער בעל תשובה, אָפּגעלייגט דערווייל זיין באַשלוס, אָבער

ער האָט פעסט באַשטימט אַז אם ירצה השם אין צוויי וואָכן אַרום, ווען דאָס טרפהנע פלייש וועט זיך ענדיקן, וועט ער אָנהייבן מיט עכטער און שטרענגער כשרות, ווי עס פּאַסט פאַר אַ ייד אַ בעל תשובה.

דאָס איז אַ מין מוסטער פון אַ ייד אויף „אם ירצה השם", נומער איינס.

⁂

מ'דערציילט, אין אַ געוויס לאַנד האָט מען געפרעגט ביי אַ יידן:

— ס'טייטש ווי קומט עס צו אייך, סעניאָר קליינקאָפּ, אַ ייד אַ ציוניסט, אַ יידיש-געזעלשאַפטלעכער עסקן, אַ גאַנצער פּאַרנעס אינם לעבן פון יידישן ישוב, וואָס צעררייסט זיך אַזוי דעם ספּאַדיק פאַר אַלע יידישע אינטערעסן, ווי קומט עס צו אייך וואָס אייערע קינדער באַקומען נישט קיין שום יידישע דערציאונג און זיי ווייסן גאָרנישט וואָס יידישקייט איז. אייערע טעכטער באַזוכן גאָר אַ קאַטוילישע פּריוואַט-שולע, זיי פאַרקערן ניט אין קיין יידישער געזעלשאַפט און זיי חברן זיך נאָר מיט גוישקע יונגעלייט. ס'טייטש, עס קען דאָך נאָך חלילה קומען צו דעם, אַז אייערע טעכטער זאָלן זיך גאָר פאַרליבן אין גוישקע בחורים און וועלן מיט זיי חתונה האָבן. איר, אַלס נאַציאָנאַלער ייד און ציוניסט, ווייסט דאָך יאָ, אַז נאָר אַ דאַנק דעם וואָס יידן האָבן זיך אַלע יאָרן געהאַלטן ביי אייגנאַרטיקער יידישקייט און האָבן זיך אויסגעהיט פון מתחתן זיין זיך מיט גויים, איז דערהאַלטן געוואָרן ביז היינט די גאַנצקייט פון יידישן פאָלק. איז ס'טייטש פאַרוואָס זשע פאַרהיט איר נישט אייערע טעכטער פון אַ מיכשול. נאָכמער — איר פירט זיי דאָך אַליין מיט אייערע אייגענע הענט אַוועק צו די גויים?

האָט דער ייד געענטפערט גאַנץ קלאָר און פּשוט:

— אין גלות איז דער גאַנצער יידישקייט-קאָמפּלעקס בלויז אַן איינגערעדטע זאַך, אַ פּוסטע אומגעלומפּערטע איינבילדונג, עס איז אַ מין גרויסקייט-מאַניע פון יידן, וואָס האָבן זיך איינגעבילדעט, אַז זיי זיינען בעסער, שענער און פיינער פון די גויים, דעריבער דאַרפן זיי זיך אָפּטיילן פון די גויים. איך האַלט אָבער נישט פון דעם. אין גלות דאַרפן די יידן פולשטענדיק זיך איינלעבן מיטן פאָלק וואו מ'לעבט, זיין אַ טייל פון דעם פאָלק און פון דעם לאַנד וואו זיי וואוי־נען און נישט וועלן זיך אויסטיילן ווי אַ באַזונדערער קאַסטע, וואָרן

דאָס אָפּזונדערן זיך ברענגט צו אַנטיסעמיטיזם. זעט איר אם ירצה השם אין ארץ ישראל, אין אונדזער אייגענעם לאַנד, דאָרטן וועלן מיר קענען זיין אַ פֿאַרזיכדיק פֿאָלק מיט אייגענע פּירונגען. דאָרטן, אויף אונדזער אייגענער טעריטאָריע, אַ פֿאָלק מיט פֿעלקער צוגלייך, דאָרטן וועלן מיר קענען אויספֿירן אונדזערע אייגענע יידישע קאַפּריזן, אָבער נישט אין גלות. דאָרטן, וועט איר זען, אַז איך וועל אם ירצה השם קומען מיט מיין פֿאַמיליע אַהין, הגם איך ווייס נאָך נישט ווען, וועט איר זען ווי מיינע קינדער וועלן זיין גוטע יידן, פּונקט ווי קינדער פֿון ענגלענדער און פֿראַנצויזן זיינען גוטע קינדער פֿון זייער פֿאָלק, ווייל זיי זיינען ביי זיך אין דער היים. אָבער ווי לאַנג מיר זיינען אין גלות קען אונדז די באַזונדערקייט מיט דער אייגנאַרטיקייט, ווי איר זאָגט, נאָר זיין אַ שטערונג פֿאַר אונדזער לעבן און נאָר ברענגען שאָדן, נישט מער. און בכלל צו וואָס פֿאַר אַ צרות דאַרף מען עס איינגאַנצן האָבן אין די גלות-לענדער. זעט איר דאָרטן, אם ירצה השם איז ארץ ישראל, איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש.

דאָ האָט איר אַ צווייטן מוסטער פֿון אַ ייד אויף „אם ירצה השם".

⁂

נישט לאַנג צוריק האָב איך געהאַט אַ שמועס מיט אַן אַנגעזעענעם יידישן שרייבער פֿון ניו יאָרק, וועגן דעם סוד וואָס אַלע ווייסן, אויסער יידישע קאָמוניסטן און „פּראָגרעסיסטן", אַז אין סאָוועטן-פֿאַרבאַנד איז פֿאַרלענדט געוואָרן און אויסגעמעקט יעדער זכר פֿון אַ וואָרט אויף דער יידישער שפּראַך און פֿאַרשוואונדן זיינען פּלוצלינג געוואָרן אַלע יידישע שרייבער, אַרטיסטן און קולטור-טוערס. נאָך אַ לענגערן שטילשווייגן האָט מיר דער חשובער יידישער שרייבער געגעבן דעם ענין צו פֿאַרשטיין, ע"פּ פּשוטער לאָגיק אַזוי:

— עס וואָלט געווען דער גרעסטער אַבסורד צו טראַכטן אַפילו, אַז דאָס האָט צו טאָן מיט דעם מינדסטן שמץ פֿון אַנטיסעמיטיזם. אין ראַטנפֿאַרבאַנד איז דאָס אַ פֿונדאַמענטאַלע אומעגלעכקייט. אָבער (די צרה שטעקט אין דעם „אָבער") אַזוי ווי דער ראַטנפֿאַרבאַנד איז אַרומגערינגלט מיט אַ וועלט שונאים, וואָס קוקן נאָר אויס די גינסטיקע געלעגנהייט צו דערטרינקען אים אין בלוט, מוז דער סאָוועטן-פֿאַרבאַנד זיין אויף דער וואַך און זייער שטרענג, מיט אַלע האַרבסטע מיטלען זיך אויסהיטן פֿון אַן אינעווייניקסטער פֿינפֿטער

קאָלומנע. און — אַלע ווייסן, אַז קיין פאָלק און קיין גרופּע, וואָס וואוינט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָט נישט אַזוינע אָפּטע באַציאונגען מיט דער אויסערלעכער וועלט, ווי די יידן. דאָס קומט אַ דאַנק דעם וואָס יידן פון פאַרשידענע לענדער זיינען צווישן זיך דערנענטערט, צוליב דער געמיינזאַמער יידישער שפּראַך וואָס פאַרבינדט זיי. דערי־בער האָט דער סאָוועטן־פאַרבאַנד אויס פאָרזיכטיקייט, געוועזן געצוואונגען צייטוויייליק אָפּצושטעלן יעדע ליטעראַרישע און קולטו־רעלע טעטיקייט אויף דער יידישער שפּראַך. דאָס איז אַלץ צייטוויייליק, ווי לאַנג די מערב־וועלט גייט אָן מיט אירע מלחמה־צינדערישע העצעס קעגן סאָוועטן־פאַרבאַנד און עס האַלט אָן דער נערוועזער צושטאַנד פון קאַלטער מלחמה. אָבער, איר וועט זען, אם ירצה השם, גלייך ווי עס וועט זיך איינשטילן די אויפגעבלאָזענע מלחמה־פּאַניק און עס וועט זיך איינשטעלן די געהעריקע פריינטלעכע באַציאונגען צווישן מזרח און מערב, אַזוי מאָמענטאַל וועט ווידער אָנהייבן בליען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אַ פאַרצווייגטע ליטעראַטור אויף דער יידי־שער שפּראַך, צוריק ווי געווען, און די דאָרטיקע יידישע שרייבערס וועלן אם ירצה השם ווידער אַרויס אין דער עפנטלעכקייט מיט זייערע שאַפונגען און ליטעראַריש־פובליציסטישע אַרבעטן אין יידיש.

דאָ האָט איר ווידער אַ מוסטער פון אַ ייד אויף „אם ירצה השם", נומער דריי.



אין דעם יידישן חודש־זשורנאַל „ישראל" פון תל־אביב איז איבער־געדרוקט אַ פיינע איראָנישע באַמערקונג פון באַוואוסטן העברעאישן פובליציסט ז. דויד, וועגן דער שטעלונג פון מפ"ם צו די שווערע און ביטערע פּראָבלעמען פון ישראל, מיט וועלכע עס ראַנגלט זיך די ישראל־רעגירונג.

פריער ברענגט ז. דויד די ווערטער פון דער אָפיציעלער דע־קלאַראַציע פון מפ"ם: „. . . און אויב עס וועט זיך שאַפן אַ שווערע לאַגע, וועט מפ"ם אונטערשטעלן אַן אַקסל".

אויף דעם גיט צו ז. דויד פאָלגנדע איראָנישע באַמערקונג:

— אַך ווי נאַריש איז געווען פון מיין זייט צו טראַכטן, אַז מיר לעבן אין אַ ביטערן צושטאַנד, אַז די לאַגע איז אַ שווערע, אַז מיר דאַרפן מיט אָנשטרענגונג צונויפנעמען אַלע אונדזערע כוחות — חלי־

לה ! ווייזט זיך אַרויס, אַז מיר זיינען „בסדר גמור", אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדנונג. עס איז שאַ-שטיל אין ישראל. רואיק און זיכער, אָגיל ואשמח. אבי איך האָב געמיינט, אַז די אַלע יידן אין די לאַגערן ליגן אויף אונדזער קאַרק, אַז מיר דאַרפֿן זיך אויך זאָרגן וועגן דעם וואָס עס טוט זיך אין אונדזערע היימען און באַפעסטיקן זיי, אַז יידן מוזן זיך צוגרייטן צו עפּעס „אַ צווייטן פאַרמעסט", וואָס הענגט איבער אונדזערע קעפּ, אַז מיר דאַרפֿן זיך טיילן מיטן ביסן פון מויל. מיר האָבן געמיינט, אַז אונדזער שטענדיקער קאָפּ ווייטיק איז אַ בפירושער סימן פון אַן אויסנאַם-צייט, פון אַ שווערן מצב — ערשט עס הויבט זיך גאָרנישט אָן, עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז גאָר אַ שפּילעכל, אַז צוליב דעם אַלעמען לוינט זיך נישט און עס איז נאָך נישט געקומען די צייט אויף אונטערצושטעלן אַן אַקסל, נאָר אויפצופירן זיך פונקט קאַפּויער . . .

אָבער זייט זיכער, איר וואָגן-שלעפּערס (אַ מחיה ווי עס סקריפּעט, דער וואָגן !) ווען דער מצב אין ישראל וועט זיך, אם ירצה השם, ווידער פאַרערגערן — און מפּ"ם וועט דאָך טאָן אַלץ, אַז ער זאָל וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרערגערט ווערן — דאַמאָלסט מעגט איר זיכער זיין וועט מפּ"ם ניט שלאָפן. מפּ"ם וועט, בלי נדר, אונ-טערשטעלן אַן אַקסל, פונקט ווי זי האָט עס געטאָן בעת דער צייט-ווייליקער רעגירונג צום ביישפּיל . . .

דאָ האָט איר אַ מוסטער נומער פיר, פון יידן אויף „אם ירצה השם".



די פיר געבראַכטע זיינען בלויז אַ מין „מוסטראַריאָ" צו באַ-ווייזן, אַז אין אונדזער גרויסן יידישן מאַגאַזין געפינט זיך אַ ריזיקער אויסוואַל פון אַ סך אַזעלכע סחורות, פון אַזעלכע טיפּן, אין פאַרשי-דענע קאָלירן און פון אַלערליי געשטאַלטן. יידן אויף „אם ירצה השם".

# „אינטראָדופּיטענטע"

שמעו נא רבותי, לערערס, פּראָפעסאָרן, דירעקטאָרן, פּילאָלאָגן, יידיש־פאַרשער, קולטורניקעס און סתם געלערנטע לייט, איך קום צו אייך מיט אַ גרויסער בקשה: טוט מיר אַ געפעליקייט, קלערט מיר אויף וואָס עס באַדייט דאָס וואָרט „אינטראָדופּיטענטע".

איך וויים, אַז ס'איז אַ בושה צו פרעגן, וואָרן דורך דעם וועט מען דאָך באַלד זען אַז איך בין אַן עם־הארץ. אָבער — איך בין געווען אויסגעשטעלט צו צוויי בושהם: די ערשטע — אַז מיינע לייענערס זאָלן זיך דערוויסן, אַז איך בין נישט קיין אינטעליגענטער שרייבער. והאָ ראיה, איך קען נישט באַניצן קיין אינאָסטראַנע ווערטער, איך מוז ניצן בלויז פּראָסטע מאַמע־לשון־ווערטער, וואָס יעדע יידענע קען זיי פאַרשטיין. און די צווייטע בושה — צו פרעגן זיך וואָס איך וויים נישט. האָב איך פאַרציכטעט בעסער אויף דער צווייטער בושה און איך פרעג זיך יאָ. בפרט ווען איך האָב זיך דערמאָנט וואָס הילל הזקן האָט געזאָגט: „לא הביישן למד" — אַז מ'שעמט זיך צו פרעגן קען מען קיינמאָל נישט וויסן.

דעם אמת געזאָגט, האָב איך פריער — איידער כ'האָב באַשלאָסן צו ווענדן זיך צו אייך — גענוצט אַלערליי מיטלען, אַליין צו דערגיין וואָס דאָס וואָרט „אינטראָדופּיטענטע" מיינט.

לכתחילה האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, אַז דאָס איז אַ נאָמען פון אַ מין קראַנקהייט. איך האָב אָבער נישט געקענט פאַרשטיין וואָס פאַרא קראַנקהייט דאָס באַצייכנט. צי איז עס בויך־ווייטיק, קאָפּ־ווייטיק, האַרץ־ווייטיק, ציין־ווייטיק, אָדער גאָר שרייב־ווייטיק.

צי מוח־לאַז־וויטיק. האָב איך געזוכט אין מעדיצינישע ווערטער־ביכער און כ'האָב געפרעגט ביי מעדיקער פון אַלע ספּעציאַליטעטן, אָבער קיינער האָט מיר נישט געקענט דערקלערן וואָס דאָס וואָרט „אינטראַדופּיטענטע" באַדייט.

האָב איך גאָר זיך דערטראַכט, אַז דאָס מוז גאָר זיין אַ נאָמען פון אַ פּלאַנעט. האָב איך געפרעגט ביי אַסטראָנאָמען, האָבן זיי מיר אַלע פאַרזיכערט, אַז אַ פּלאַנעט מיט אַזאַ נאָמען איז נישט פאַראַן.

איז מיר דערנאָך געקומען אויפן רעיון, צו וואָס דאַרף איך וויסן דעם באַדייט פון וואָרט? איך וועל ביי יענעם שרייבער, וואו כ'האָב דאָס וואָרט געפונען, אויסבאָרגן עס אַזוי ווי עס גייט און שטייט, און אַליין זיך באַניצן מיט דעם. אין יעדער צווייטער שורה וועל איך אַריינהאַקן „אינטראַדופּיטענטע". און איך האָב שוין פאַנטאַזירט ווי גרויס אינטעליגענט איך וועל זיין אין די אויגן פון מיינע לייענער. שטעלט אייך פאָר „אינטראַדופּיטענטע", אַך ווי מוזיקאַליש דאָס קלינגט! אָבער מיין שרייבערישער געוויסן האָט מיר נישט געלאָזט דאָס טאָן, ווייל איך קען דורך דעם מיאוס אַריינ־פאַלן.

וואָרן, לאָמיר זאָגן, איך שרייב אַזוי:

„צוויי סוועטער־פאַבריקאַנטן האָבן אַ לאַנגע צייט געהאַט צוויי־שן זיך אַן אינטראַדופּיטענטע, איז געקומען אַ דריטער פאַבריקאַנט, זייערס אַ פריינד, און האָט זיך אין דער אינטראַדופּיטענטע אַריינ־געלייגט".

ווייזט זיך גאָר דערנאָך אַרויס, אַז אינטראַדופּיטענטע איז אַ נאָמען פון אַ שיינער מעקסיקאַנער אַרטיסטין... נו, ווי וואָלט איך אויסגעזען מיט מיין באַניצן דאָס „אינאַסטראַנע" וואָרט?

איך האָב אויך געטראַכט פון באַנוצן מער באַקאַנטע „אינאַס־טראַנע" ווערטער ווי „וחלקלקות", „ויתפרקון", „וישתייזבון", „נהו־רא מעליא", „עצמות יבשות", „אחיתופל", „דובר־מישרים" און נאָך אַזוי ווייטער... אָבער ניין! אונדזער לייענער־עולם איז צו אינ־טעליגענט, אַז ער זאָל זיך לאָזן פאַרנאַרן מיט אַזעלכע ווערטער. ער וועט באַלד דערשמעקן, אַז דאָס האָט אַ שייכות מיט לשון קודש און נישט מיט אינטעליגענטישקייט.

דעריבער בעט איך, רבותי, אַזוי ווי איך ווייס אַז דער כבוד פון יידישן שרייבער איז ביי אייך זייער חשוב; און די האַרציקע ליבשאַפט פון איין שרייבער צום צווייטן איז דאָך באַרימט, בעט איך אייך, ראַטעוועט די רענאָמע פון אַ יידישן שרייבער און קלערט מיר אויף וואָס עס מיינט דאָס וואָרט „אינטראָדופיטענטע". גיט מיר די געלעגנהייט צו קענען פיגורירן ביי מיינע לייענער אַלס אינטעליגענטער שרייבער.

אויב איר וועט מיר אַנטקעגנקומען מיט אָט דער ביטע מיינער, וועל איך אייך שפּעטער בעטן צו דערקלערן מיר נאָך ענלעכע אײַנ־אַסטראַנע ווערטער, מיט וועלכע עס באַניצן זיך אינטעליגענטע שרייבערס, און אַז איך וועל האָבן אַ גענוגנדיקן באַגאַזש פון אַזעלכע ווערטער וועל איך שוין וויסן וואָס כ'האָב צוטאָן. איר וועט שוין זען!

# יאָ, מען שפּילט טעאַטער

1) אַ גרויסער סוחר, אַן אָנגעזעענער גביר, אַ געזעלשאַפטלעכער פּאַרנעם, דרייט געשעפטן אויף מיליאָנען, וואַרפט זיך מיט טשעקן און דעוויזן, אַ טויזנטער ביי אים איז פּונקט ווי ביי אַ צווייטן אַ פּעזע אָדער נאָך ווינציקער, אַז איר רעדט מיטן דאָזיקן יידן פאַרוואַרפט ער אייך מיט געשעפטס-פּלענער און מיט אונטערנעמונגען, וואָס זייערע רעאַליזירונגען דערגרייכן אין די שווערע מיליאָנען; דער דאָזיקער גרויסער סוחר שטייט אין האַנדלס-באַציאונגען מיט אַלע עקן וועלט. אַז מ'שמועסט — אַ ייד אַ מולטי-מיליאָנער איז דאָך נישט שייך! „היפלא ממנו דבר״!

קענט איר דאָך אוודאי מיינען, אַז דאָס אַלצדינג איז אויף אַן אמת. הייבט זיך עס גאָרנישט אָן. אין דער אמתן פאַרמאָגט נישט דער „גרויסער סוחר״ קיין פּעזע ביי דער נשמה. מיט אַ גמילת חסד וואָלט מען אים דערהאַלטן ביים לעבן. אלאַ — וואָס דען? וואָס טומלט ער אַזוי און מאַכט אַרום זיך אַזאַ יאַריד?

— דאָס איז ער גאָר אַן אַקטיאָר און ער שפּילט טעאַטער!...

2) אָט פאָרט איצט אַרום איבער דער וועלט אַ ייד פון ארץ ישראל; ער פאָרט מיט אַ שווערד אין האַנט און באַווייזט מיט אותיות ומופתים, אַז די דאָזיקע שווערד שטאַמט פון גלית הפלישתי, מיט וועלכער דוד האָט גליתן אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ; מיט דער זעל-ביקער שווערד האָט דער אַלטער כהן מתתיהו החשמונאי פון שטעטל מודיעין דערשטאָכן צום טויט אַ יידישן פאַררעטער, וואָס האָט געוואָלט ברענגען אַ קרבן אויפן יידישן מזבח, פאַרן גריכישן אָפּ-

גאַט צעאוס און דערמיט האָט זיך אָנגעהויבן דער חשמונאים־אויפ־שטאַנד קעגן די גריכן; מיט דער זעלביקער שווערד האָט די הים־טאַריש־באַרימטע יידישע העלדין יהודית אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ פונעם רוימישן קריגספירער האָלאָפערנעס, וועלכער האָט באַלאַגערט ירו־שלים; מיט דער זעלביקער שווערד האָט בר־כוכבא געפירט קריג קעגן די רוימער; און מיט דער זעלביקער שווערד האָט דער דאָזי־קער יידישער „העלד" אַרויסגעטריבן די ענגלענדער פון ארץ ישראל, און אַ דאַנק אים, דעם „העלד" מיט זיין שווערד, איז געשאַפן גע־וואָרן מדינת ישראל; און דער דאָזיקער „העלד" האַלט אין איין פּאָכען מיט דער דאָזיקער היסטאָרישער שווערד און ער פּאַרזי־כערט, אַז מיט דער זעלביקער שווערד וועט ער נאָך, מיט גאָטס הילף, פאַרטרייבן אַלע אַראַבער פון עבר הירדן און פון ישראל — אוודאי און אוודאי; שוין אין איין וועגס וועט ער מיט דער זעלבי־קער שווערד פאַרטרייבן אַלע אַראַבער אויך פון סיריע און לבנון און שאַפן אַ גרויסע יידישע אימפּעריע, אַזוי ווי אין די צייטן פון דוד ושלמה. מיט איין וואָרט — מיטן כוח פון דער דאָזיקער הים־טאַרישער שווערד וועט ער נאָך באַווייזן נסים ונפלאות, נישט נאָר קעגן די גויים, נאָר אויך אַפילו קעגן די אומגעוואונטשענע יידן אין ישראל.

קענט איר דאָך אוודאי מיינען, אַז דער דאָזיקער „העלדישער" ישראל־ייד, גלויבט אַליין כאָטש איין וואָרט פון דעם אַלעם וואָס ער זאָגט. עס הייבט זיך גאַרנישט אָן.

— דאָס איז ער גאָר אַן אַקטיאָר, די שווערד זיינע איז גאָר אַ פּאַפּירענע, און — ער שפּילט טעאַטער! . . .

3) אָט איז געקומען אין מעקסיקע אַן אַמעריקאַנער יונגעטשקער ראַביטשיקל, נאָר וואָס פון איי אַרוים. האָט דאָס דאָזיקע יונגע ראַביילע אַראָפּגעבראַכט קיין מעקסיקע די נייע רעפאָרם־תורה פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

און ער שרייט און ער דרשנט און ער ווייזט אויף, אַז דער היינ־טיקער שוואַכער דור נעבעך איז נישט בכוח צו טראָגן אויף זיך דעם שווערן יאָך פון דער אַלטער תורה, לכן האָט ער אַ תורה אַ נייע, אַ גרינגע ווי אַ פעדער; אַ תורה וואָס פאַרפליכטעט צו גאַרנישט, וואָס באַשווערט נישט מיט גאַרנישט, זי צווינגט נישט צו גאַרנישט און זי לאָזט אירע „מעמבערס" פולשטענדיק צורו. די דאָזיקע נייע

תורה בעט נאָר אירע „מעמבערס", אויב מ'וויל, אַז זיי, די יידן פון פוילן און ליטע וואָס וואוינען אין מעקסיקע, זאָלן אַפּריכטן זייער גאָטעסדינסט אויף ענגליש און ווער ס'קען נישט קיין ענגליש וועט שוין דער ראַביי דאָס פאַר אים דערליידיקן. און די גאָטעס-דינסטן דאַרפן „שטאַטפינדן" אום זונטיק, ווען די מעמבערס האָבן צייט, און ווען אויך אונדזערע ברידער-קריסטן ריכטן אָפּ זייערע „מיסאַס". דאַוונען דאַרף מען מיט די בלויזע קעפּ, דאָס דאַרף מען טאָן אי צוליב רעספּעקט פאַרן טאַטן-גאָט און אויך אַלס רעספּעקט פאַרן זון-גאָט, וואָרן עס קען זיך דאָך מאַכן ווען דער ראַביי, דער יידישער גלח, וועט זיך דאַרפן בייטן מיטן קריסטלעכן גלח, ס'הייסט, אַז דער גלח וועט קומען אין יידישן טעמפּל אַפּריכטן תפילות פאַר יידן און ער, דער ראַביי, וועט גיין אין דער קריסטלעכער קירכע אַפּריכטן די תפילות פאַר גויים, איז פאַרשטענדלעך, אַז די יידן דאַרפן זיך נישט פירן ווי די אַלטע אָפּגעשטאַנענע, אומקולטורעלע כודיאָס האָבן זיך געפירט, אַז בעתן דאַוונען האָבן זיי אַזוי אומאָנשטענדיק צוגעדעקט די קעפּ. דער ראַביי וועט אויך ביים גאָטעס-דינסט אַפּריכטן אַ „סוירמאָן" (אַ דרשה בלע"ז) וואו ער וועט אויפקלערן דאָס גרויס-קייט פון קריסטוס, דעם משיח וואָס איז שוין געקומען, און אויפ-ווייזן, אַז יידן און קריסטן זיינען אייגנטלעך לייבלעכע ברידער.

אָפּגעדאַוונט און אָפּגעסוירמענט זיינען שוין די מעמבערס פריי אויף אַ גאַנצער וואָך, ביז צום צווייטן זונטיק, צו טאָן וואָס נאָר זייער הארץ גלוסט, אָן קיין שטער און אָן קיין אָפּהאַלט. אויסער נאָר די שיינע ווייבלעך און מיידלעך, וועמען דער ראַביי איז גרייט אויפ-צונעמען אינמיטן דער וואָך אויך.

קענט איר דאָך אוודאי מיינען, אַז דאָס דאָזיקע יונגע ראַביי-טשיקל מיינט עס אויף אַ רעכט צו אָן אמת. עס הייבט זיך גאָרנישט אָן. די פרומע יידן האָבן לגמרי נישט וואָס זיך צו שרעקן פאַר אים, פאַרן ראַביטשיקל הייסט עס, אַז ער וועט עס חלילה אין מעק-סיקע אומברענגען די אַלטע תורה מסיני און אָראָפּפירן יידישע קינדער פון אַלטן דרך הישר. ס'איז אַ ליגנט. דאָס ראַביטשיקל מיינט עס גאָרנישט און וויל עס גאָרנישט.

— דאָס איז ער גאָר אָן אַקטיאָר, וואָס זוכט אַ שידוך מיט אַ גרויסן נדן; דערווייל אָבער, ביז וואָס ווען, שפּילט ער אין מעקסיקע טעאַטער"...

4) צי עס שטעלט זיך אוועק אַ רעדנער און שיסט מיט אַ פלאַם-פייערדיקע דרשה, אַז די וועלט קען קיין תקומה נישט האָבן אין אַ קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, אַז אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג ליגט דער שורש פון אַלע אומגליקן, צרות און פּלאָגן וואָס קומען אויף דער וועלט, אַז דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלאָטאַציע-סיסטעם פירט צו מלחמות, צו בלוט-פאַרגיסונגען, צו אַלע פאַר-ברעכנס און צו אַלע פאַרדאָרבנקייטן אין דער געזעלשאַפט, דערי-בער — שרייט אויס דער רעדנער — איז דער חוב פון יעדן אָנשטענ-דיקן מענטש צו שטיין אין קאַמף זיך צו באַפרייען, מיט אַלע מעג-לעכקייטן, פון אָט דער עקלהאַפטיקייט וואָס הייסט קאַפּיטאַליזם.

דער עולם צוהערער זיצט, הערט, גאַפט, שטוינט און פרעגט:

— ס'טייטש, ער, דער פלאַם-פייערדיקער רעדנער אַליין איז דאָך אַ קאַפּיטאַליסט און עקספּלאָטאַטאָר, ער האָט דאָך זיינע אייגענע קאַפּיטאַלן זיך דערוואָרבן אָדער בעסער געזאָגט — אָנגערויבט פון עקספּלאָטירן אָרעמע אַרבעטס-מענטשן.

אָבער שרעקט אייך נישט, ליבע צוהערער, זייט נישט אַזוי נאאיוו. דער רעדנער מיינט עס גאָרנישט דאָס וואָס ער פּרעדיקט.

— דאָס איז ער גאָר אַן אַקטיאָר און ער שפּילט טעאַטער! . . .

5) צי עס קומט אַ יידישער שרייבער פון ניו-יאָרק קיין ישראל, צעגעוואַלדעוועט ער זיך און ער צעקלאָגט זיך אויף דער ביטערער מערכה פון אונדזער ליבן יידיש אין ישראל. ער צעוויינט זיך מיט ביטערע טרערן אויף דעם גורל פון אונדזער טייערן יידישן מאַמע-לשון וואָס ווערט נעבעך פאַרלענדט אין ישראל, אין אונדזער ווידער באַנייטן היימלאַנד. זיין האַרץ פּלאַצט אים שיר נישט פון ווייטיק צוזעענדיק וואָס פאַר אַ תכלית מ'האָט געמאַכט אין מדינת ישראל פון אונדזער יידיש, אין וועלכן מ'האָט דורות-לאַנג אַריינגעבראַכט אַזוי פיל יידישע קולטור-שאַפונגען.

דאָס צוהערנדיק וועקט זיך ביי די ישראל-בירגער אַ פאַרלאַנג צו פרעגן:

— פאַרוואָס וויינסטו נישט, דו גרויסער ליבער יידישער שריי-בער, מיט די זעלביקע טרערן, ביי דיר אין ניו-יאָרק? פאַרוואָס שרייסטו נישט ביי דיר אין דער היים אויפן גורל פון יידיש, וואָס

גייט מיט אזעלכע האסטיקע טריט צום אונטערגאנג? פארוואס אין דיין אייגן הויז, וואס איז אונטער דיין רשות, קענען דיינע קינדער קיין יידיש נישט און דו ביסט געצוואונגען צו רעדן מיט זיי ענגליש?

אבער, זאלן מיר מוחל זיין די הארעפאשנע און שעפערישע ישראל־בירגער פאר זייער נאאיוויטעט. דער נעמלעכער גרויסער יידישער שרייבער מיינט עס גארנישט ערנסט מיט זיינע טרערן.

— דאס איז ער גאר אן אקטיאר און ער שפילט אזוי טעאטער!...

# כשרן אַ חזיר...

אַמאָל איז אַ ייד, לאַ עלינו, קראַנק געוואָרן אויפן הארץ און שווער קראַנק געוואָרן. דאָקטוירים האָבן איינגעזען אַז ס׳איז שלעכט. די קרענק איז זייער אַן ערנסטע, האָבן זיי — צו די אַלע מעדיצינען וואָס זיי האָבן געגעבן דעם קראַנקן — געפאָדערט אַז דער קראַנקער זאָל אומבאַדינגט עסן כאַמאַן (חזיר-פלייש). דער חולה האָט דאָס דערהערט האָט ער אויפגעציטערט, — וואָס הייסט, אַ ייד וועט עסן חזיר-פלייש, ער וועט בעסער שטאַרבן איידער פאַראומווירדיקן דעם קערפּער זיינעם מיט בשר-קווינטש. זיינען די קינדער פון קראַנקן אַוועק צום רב, דערציילט אים די גאַנצע מעשה, אַז זייער פאָטער שטייט אונטער סכנה צו שטאַרבן, אויב ער וועט נישט עסן חזיר-פלייש, און זיי בעטן ביים רב, אַז ער זאָל מתיר מאַכן זייער פאָטער, צוליב פּיקוח נפש, צו עסן חזיר-פלייש. דער רב האָט איינגעזען אַז עס איז טאַקע אַזוי, אַז אַ יידנס לעבן איז טייערער און העכער פון אַלץ, האָט ער דעם חולה מתיר געמאַכט צו עסן חזיר. דער קראַנקער ייד האָט דאָס דערהערט, זאָגט ער — אוי, אַז דער רב האָט מתיר געמאַכט וועט ער עסן, אָבער ער וויל אַז דער חזיר זאָל ווערן געשאָכטן, געבוידיקט און כשר געמאַכט, כדת וכדין. לויפן די קינדער ווידער אַוועק צום רב, פרעגן ווי אַזוי מ׳שעכט און מ׳כשרט אַ חזיר.

ענטפערט דער רב:

— אָ, דאָס קינדער, ווייס איך שוין נישט. מתיר מאַכן חזיר, אין פאַל פון פּיקוח נפש, דאָס קען איך נאָך. אָבער כשרן אַ חזיר, אָט דאָס קען איך שוין נישט!

אַ שיינע מעשה — האַ — יאָ?

אַז די שפּראַכלעכע און זיטלעכע אַסימילאַציע רײַסט זיך אַרײַן מיט שטורעם, דורך אַלע שפּאַרונעס אין אונדזער יידיש הויז אַרײַן, דאָס איז אַ פאַקט, וואָס זשע דאַרף מען און מען מוז טאָן צו דעם ?

קודם כל דאַרף עס באַטראַכט ווערן ווי אַן אומגליק, ווי אַ קראַנקהייט ווי אַ בייז אַנשיקעניש, רחמנאַ ליצלן אַזוי דאַרף עס באַטראַכטן יעדער יידישער מענטש, אַלע יידישע עלטערן, יעדער יידי־שער געזעלשאַפטלעכער טוער, יעדער יידישער שרייבער, יעדער יידישער לערער און דערציער. אַז דער דיאַגנאָז איז געשטעלט איז שוין לייכטער צו געפינען אַ רפואה צו דער קראַנקהייט. און פּונקט ווי אין מעדיצין איז די אויפגאַבע פון דאָקטאָר נישט נאָר צו באַ־רואיקן דעם קראַנקנס ווייטיק, נאָר צו באַקעמפן גרינטלעך די קראַנקהייט; אויך אַזוי, מיט די זעלביקע מעטאָדן, מוז מען צוגיין צו דער אַסימילאַציע-קראַנקהייט. און דער דאָזיקער דאָקטאָר — אויב ער איז נאָר אַ דאָקטאָר — וואָס טוט דאָס נישט, איז ער אַ פאַרברעכער.

ערלעך האָט געהאַנדלט יענער אַלטער רב, וואָס האָט געזאָגט אַז ער קען נאָר מתיר מאַכן חזיר אין אַ נויטפאַל, אָבער כשרן חזיר קען ער אויף קיין פאַל נישט.

געפינען זיך אָבער אַזעלכע ביי אונדז, וואָס נישט נאָר זיינען זיי מתיר דעם חזיר, נאָר זיי כשרן נאָך אויך דעם חזיר, זיי כשרן אָט די טרייפענע אַסימילאַציע. זי גיבן אַרום אַ הכשר מיט אַ שטעמפּל אויף דעם. זיי דערקלערן עפנטלעך, אַז אויסלעבן זיך אין אַ פרעמ־דער — נישט יידישער שפּראַך, פירן זיך אין פרעמדע — נישט יידישע — זיטן, איז נישט נאָר מותר, נאָר אויך כשר. „אבי דאָס האַרץ איז יידיש" — זאָגן זיי — איז שוין גענוג, איז שוין גוט, כשר און פיין.

זאָלט איר וויסן זיין — מיינע פריינט — אַז, זיי די יידישקייט דאָקטוירים, האָבן געשטעלט אַ פאַלשן דיאַגנאָז. זיי האָבן נישט באַטראַכט, אָדער נישט געוואָלט באַטראַכטן, אַז אַזאַ „יידיש האַרץ" וואָס איז צעפרעסן פון דער אַסימילאַציע-קראַנקהייט אז אַ געפער־לעך קראַנק האַרץ, וואָס אויב מ'זאָל עס נישט קורירן ראַדיקאַל און אין צייט, מוז פירן צו אַ זיכערן טויט.

און אַזאַ דאָקטאָר. וואָס האָט אַזוי פאַלש געשטעלט דעם דיאַגנאָז אויף דער אַסימילאַציע־קראַנקהייט, איז אַ „פּייקער״, אַ שווינדלער און פאַרברעכער.

אָבער לײַדער — צום גרויסן באַדויערן — אַרבעטן צווישן אונדז אַזעלכע דאָקטוירים, אַזעלכע פאַרברעכער, אין געשטאַלט פון לע־רער, פון רבנים, פון דערציער און יוגנט־פירער.

מײַנע פרײַנט, ברענגט אַהער אַט יענעם ערלעכן, אַלטן רב, זאָל ער זײַ אויספּאַטשן און אַרויסוואַרפן, פאַר דעם וואָס זײַ כשרן דעם טרייפענעם חזיר.

ברענגט אַהער אַן ערלעכן יידישן פּראָפעסאָר, זאָל ער, בײַ אַט די פּייקער־דאָקטוירים צונעמען דאָס רעכט צו פּראַקטיצירן, פאַר זייער שטעלן אַ פאַלשן דיאַגנאָז אויף דער געפערלעכער אַסימילאַ־ציע־קראַנקהייט און פאַר זייער דערפירן שווערע האַרץ־קראַנקע צו אַ זיכערן טויט.

אָבער ווער זאָל דאָס טאָן און ווער וועט דאָס טאָן ?

# קריטיק בלע״ז

מען דערציילט, אַז אַ יונגער שרייבער־דערציילער האָט דער־לאַנגט צו אַ קריטיקער זיין נאַרוואָס דערשינענעם ערשטלינג־בוך, אַז יענער זאָל אַרויסזאָגן זיין מיינונג וועגן דעם.

ווען דער יונגער שרייבער איז דערנאָך געקומען צום קריטיקער אויסצוהערן זיין מיינונג „לשבט או לחסד״, איז דער קריטיקער אַרוים מיט אַ קורצן פסק־דין. „דאָס בוך טויג נישט״ !

— אָבער, הער קריטיקער, — פרעגט דער יונגער שרייבער מיט אַ ציטערנדיקער שטימע — ווייזט מיר כאָטש אָן פאַרוואָס דאָס בוך טויג נישט.

איז דער קריטיקער אַריין אין גרימצאָרן:

— איר פרעגט נאָך פאַרוואָס; אָט שרייבט איר אין אַ דער־ציילונג, זייט צוויי און דרייסיק, „אַ מענטש מיט אַ פוסטן קאָפּ״. נו, איז דאָס מעגלעך אַ מענטש מיט אַ פוסטן קאָפּ ? אַ קאָפּ האָט דאָך געהירן מיט אַ געהירן־שיידל וואָס באַשטייט פון אַכט ביינער. אַ קאָפּ האָט דאָך אַ שאַרבן און אַ מוח, און נאָך און נאָך. אַ שרייבער, וואָס שילדערט מענטשן־געשטאַלטן, דאַרף דאָס ערשטע קענען אַנאַ־טאָמיע, אויב נישט— טאָר ער נישט זיך אונטערנעמען צו שרייבן דערציילונגען.

נאָך דעם ווי דער שרייבער האָט רואיק אויסגעהערט די גאַנצע לעקציע פונעם קריטיקער, האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט און געענטפערט:

— פּאַרוואָס פּאַרשטייט איר נישט, הער קריטיקער, אַז ס'איז יאָ פּאַראַן אַ פּוסטער קאָפּ, אָט נעמט זיך אַליין פאַר אַביישפּיל.

⁂

מיט יאָרן צוריק האָט, אין אַ היגן זשורנאַל, איינער געשריבן אַ דערציילונג. איז דאָרטן געווען אַזאַ זאַץ: „שפּעט אין דער נאַכט ביים ברעג פון טייך,ביידע זיינען געזעסן איינגעקלאַמערט איינער אין צווייטן. דער שוים פון די טייך-כוואַליעס האָט, אונטער דער שיין פון דער לבנה, אויסגעזען ווי צעגאָסענער זילבער".

איז אַ קריטיקער אַרויס מיט אַ געוואַלט:

— ס'טייטש, ווי שרייבט מען עם אַזאַ אַבסורד ? צעגאָסענער זילבער האָט דאָך פינף און נייניציק גראַד היץ, טאָ ווי קען שוים פון אַ קאַלטן טייך זיין ווי דער צעגאָסענער זילבער?! אַ שרייבער-דערציילער דאַרף קודם כל קענען פיזישע נאַטור-געזעצן, אויב נישט — דאַרף ער זיך נישט אונטערנעמען צו שרייבן דערציילונגען.

⁂

מיין ברודער מרדכי קאָראַנאַ ענדיקט זיין בוך „פון מעקסיקע ביז אילת און צוריק" מיט פאָלגנדן זאַץ: „אָט בין איך ווידער דאָ, אין דעם פּריווילעגירטן מעקסיקאַנער יידישן גן-עדן, וואו געבראָטענע קאַטשקעס וואַקסן אויף די ביימער און אַ רחבותדיקע פּוסטקייט ליגט פאַנאַנדערגעלייגט און אויסגעשפּרייט אויף לוקסוסדיקע באַקוועמלעכקייטן".

איז אַ קריטיקער אַרויס מיט „אַ גערעכטער טענה" צום מחבר און ער זאָגט, נישט אַקוראַט ווערטלעך, נאָר בערך אַזוי:

— ס'טייטש, ווי שרייבט מען עם אַזאַ אַבסורד? ווו האָט מען עם שוין געזען אָדער געהערט, אַז געבראָטענע קאַטשקעס זאָלן וואַקסן אויף ביימער. אַפילו לעבעדיקע קאַטשקעס וואַקסן דאָך נישט אויף ביימער, בפרט נאָך געבראָטענע קאַטשקעס. אַפילו אַ קינד, אַז ס'וועט לייענען אַזאַ אויסדרוק, וועט דאָך לאַכן אין די פויסטן !

איך שטעל זיך פאָר ווי דער זעלביקער קריטיקער האָט געמוזט זיך קאַטשן פון געלעכטער, ווען ער האָט געלייענט דעם „נאַרישן" אויסדרוק פון דוד איינהאָרן, אַז די בעריאָזקעלע „שעפּטשעט שטיל

אַ תפילה״. עס איז דאָך פּשוט אַן אַבסרוד, אַז אַ בוים זאָל קענען דאַווענען, דאָס וואָס אַ סך יידישע שרייבערס קענען נישט.

⁂

אַ צווייטער קריטיקער האָט אויסגעפונען, אַז אין מרדכי קאַ־ראַנאַס בוך זיינען אַ סך זאַצן נישט געשטעלט געוואָרן לויט די כללים פון סינטאַקסיס. אַזוי למשל, זאָגט זיך אין בוך, זייט 19, „איז אָבער דאָ אַ בייגעשמאַק אין דעם״. דאַרף גאָר זיין „איז אָבער אין דעם דאָ אַ בייגעשמאַק״ און נאָך אַזוי ווייטער און ווייטער, אין אַ סך שטעלן פון בוך.

דערמאַנט דאָס מיר אין אַ מעשה:

אין אַ שטעטל איז דער גבאי פון דער קצבישער קלויז געשטאָרבן. האָט די אלמנה געלאָזט שרייבן אַ ספר תורה פאַר איר מאַנס נשמה. ווען דער סופר האָט שוין געענדיקט שרייבן די ספר תורה, איידער מען איז געגאַנגען מאַכן אַ סיום הספר און פירן די הייליקייט אין דער קצבישער קלויז אַריין, האָט מען די תורה געגעבן צו אַ בעל מגיה, ער זאָל זען צי איז דאָרטן נישט אַמאָל אַריינגעפאַלן אַ גרייז. דער בעל מגיה האָט אָבער קיין שום גרייז נישט געפונען. דער בעל מגיה האָט דאָך אָבער נישט געוואָלט פאַרלירן זיין פּרעסטיזש, וואָרן וואָס פאַראַ פּנים קען האָבן אַ בעל מגיה ביי קצבים ווען ער קען קיין גרייז נישט געפינען, איז ער געפאַלן אויף אַ המצאה און געפונען אַ גרייז. אין פּרשת ויקהל, ביי די באַשטייערונגען וואָס מענער און פרויען האָבן געבראַכט פאַר דער אַרבעט פון אוהל מועד, שטייט „הביאו חח ונזם״, איז אין וואָרט „חח״ פאַראַן אַ גרייז: די צווייטע חית שטייט פאַר דער ערשטער חית.

די קצבים האָבן עס אָנערקענט און דער פּרעסטיזש פון דעם בעל מגיה איז געראַטעוועט געוואָרן.

# פורימדיק

— — — — און ביז היינט קען איך נישט פעסטשטעלן צי איז פורים יאָ אַ יום־טוב, אָדער נישט קיין יום־טוב.

אַ סך זאַכן אַזעלכע זיינען ביי מיר געבליבן אין ספק, צי זיינען זיי יאָ אָדער זיינען זיי נישט.

צום ביישפּיל: איך צווייפל אָפּט, צי איז טאַקע אָדם — אַ מענטש, צי איז טאַקע גדול — אַ גרויסער; צי איז טאַקע נקי־כפּים — מיט זויבערע הענט: צי איז טאַקע פלוני אַ כלל־טוער מיט ריינע כוונות; צי אַלמוני דער רעדנער ווייסט טאַקע וואָס ער פּלוידערט; צי איז טאַקע יעדער „גבאי" ראוי צו זיי אַ מנהיג. און צו איז טאַקע פּורים אַ יום־טוב, וכדומה נאָך אַ סך זעלבע צווייפלען וועלכע איך קען נישט פעסטשטעלן, צי זיינען זיי יאָ, אָדער זיינען זיי נישט.

וועגן אַנדערע ספקות וועלן מיר שמועסן ביי אַ צווייטער גע־לעגנהייט. איצט וועלן מיר זיך דורכשמועסן בלויז וועגן פּורים.

טיילמאָל קומט מיר אויפן געדאַנק, אַז פּורים איז גראָד גאָר אַ גרויסער יום־טוב, וועלכער איז טיף פאַרוואָרצלט אין דער יידישער נשמה, און ער לאָזט זיינע שפּורן אין יידישן פאָלקס־לעבן אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר.

אָט לאָמיר זען:

צו יעדן יום־טוב האָט מען אונדז אָנגעזאָגט: „ושמחת בחגך" — זאָלסט זיך פרייען אין דיין יום־טוב. איז ווי איינער וויל און ווי איינעם געפעלט. און אַפילו די, וואָס זיינען שוין יאָ מקיים די מצווה

פון „פרייען זיך" איז באַלד ווי עס גייט נאָר אַוועק דער יום־טוב איז אוים מצווה און אוים שמחה.

נעמט אָבער פורים, האָט מען אונדז אָנגעזאָגט: „חייב אדם לבסומי בפורים עד דלא ידע בין אָרור המן לברוך מרדכי" — דאָס הייסט, אַז מען מוז זיך פאַרשניאָשקען אום פורים אַזוי, אַז מ'זאָל נישט וויסן וואָס עס טוט זיך פון דאַנען ביז אַהער.

איז פאַרשיכורן זיך יידן אַזוי, אַז אַ גאַנץ יאָר גייט מען אַרום מיט אַ צעמישטן קאָפּ און מ'ווייסט נישט אויף וואָס פאַר אַ וועלט מ'געפינט זיך.

איינער איז פאַרשיכורט פון געלט אַזוי, אַז ער מיינט, אַז די גאַנצע וועלט דרייט זיך אַרום אים און נאָר אַרום אים.

איינער איז פאַרשיכורט פון כבוד און דער קאָפּ איז אים צעמישט געוואָרן, אַז ער ווייסט שוין נישט וואָס מיט אים טוט זיך.

איינער איז פאַרשיכורט פון אַ פרוי (צי פון פרויען) אַז דער קאָפּ זיינער איז שטענדיק אויפן עולם הדמיון.

אָן אַנדערער האָט זיך דאָס גאַנצע געשטעל פון בוידעם־שטיבל צע־פּלאָנטערט אין שיכרות פון נעכטיקע טעג, פוסטע חלומות, פאַר־נעפּלטע פאַנטאַזיעס, פון „עורבאָ פרח" אַ קראָ איז געפלויגן . . .
און אַלע זיינען פורימדיק אַ גאַנץ יאָר.

אַז איר ווילט, אָט האָט איר נאָך אַ באַווייז פון פורימדיקער השפעה אויף יידן פון אַ גאַנץ יאָר:

ווי איר ווייסט אַלע, איז אַ מינהג פון קדמונים אָן (אַנדערע זאָגן, אַז דער מינהג שטאַמט נאָך פון תרח אבי אברהם) צו פאַרמאַסקירן זיך אום פורים. אמת טאַקע, אַז דאָס איז ניט קיין דין. אַ מינהג אָבער, זאָגט מען, איז שטאַרקער פון אַ דין.

נו, האָט מען זיך איינמאָל פאַרמאַסקירט אום פורים, גייט מען אַרום אַ גאַנץ יאָר פאַרמאַסקירטע. אדרבא, קוקט זיך אַרום, יעדער איינער אין זיין סביבה, וועט איר זען, וויפל מענטשן עס דרייען זיך אַרום, אַ גאַנץ יאָר, פאַרמאַסקירטע. אָדער אפשר גאָר לאָמיר זיך אַליין אָנקוקן אין שפיגל . . .

האָט איר ווידעראַמאָל, ווי אַזוי מיר זיינען אַ גאַנץ יאָר פורימדיק.

⁂

אַז ס'איז שוין יאָ צורייד געקומען וועגן פאַרמאַסקירטע און פורימדיקע, וועל איך אייך דערציילן אַ מעשה שהיה:

עס איז געוועזן איינגעפירט יעדן פורים צו מאַכן אַ פורים־רב. מ'האָט גענומען איינעם פון המון, אַ וואַסער־טרעגער, צי אַ בעל־עגלה וכדומה, מ'האָט אים אָנגעטאָן אַ ספּאָדיק מיט אַ זיידענע זשי־פּעצע און געקרוינט אים פאַר אַ פורים־רב. אין יענעם יאָר איז דער גורל אויסגעפאַלן אויף יונה דעם קצב. קצבים האָבן שטענדיק גע־טראָגן אַ בייז האַרץ אויף די רבנים און דיינים, פאַר זייער טריף מאַכן בהמות און דורך דעם — צעטרענצלט דעם קצבס אָרעמע פאַר קערבלעך.

אַז יונה דער קצב, שוין גוט אַ פאַרשניאַשקעטער, איז געוואָרן פורים־רב האָט ער זיך גענומען אָפּרעכענען מיטן אמתן רב. ער האָט אויסגעלאָזט אויפן רב כל חמתו און זיין גאַנץ ביטער האַרץ, און אים גוט אָריינגעזאָגט אַזוי אויפן אמתן קצבישן לשון . . .

אַז יונה האָט זיך אויסגעניכטערט האָט ער דערפילט, אַז ער איז צו ווייט פאַרקראָכן אין זיין פורימדיקן צושטאַנד, איז ער גלייך אַוועק צום רב אים איבערצובעטן.

דער רב, אַ גרויסער למדן, אַן איידעלער ייד און בעל מידות, האָט געוואָלט באַרואיקן יונהס געוויסן, האָט ער געגעבן יונהן צו פאַרשטיין:

— עך, ס'איז גאָרנישט, עס מאַכט נישט, איך ווייס דאָך, ביסט געווען אַ ביסל בגילופינדיק, ווי געוויינטלעך אום פורים, האָסטו נישט געוואוסט וואָס דו רעדסט. הגם די וועלט זאָגט: „וואָס ביי אַ ניכטערן אויף דער לונג איז ביי אַ שיכורן אויף דער צונג". אויב אַזוי איז דאָך אַ פראַגע: — צו וואָס דאַרף מען בודק זיין די לונג ביי אַ בהמה, כדי צו וויסן אויב זי איז כשר, קען מען דאָך די בהמה אָנשיכורן און בודק זיין די צונג, וועט מען דאָך שוין ממילא וויסן וואָס עס טוט זיך ביי איר אויף דער לונג! איז אָבער דער תירוץ, אַז דער דאָזיקער כלל, „וואָס ביי אַ ניכטערן אויף דער צונג" איז נאָר

געזאָגט געוואָרן אויף מענטשן, אָבער נישט אויף בהמות. גיי יונה געזונטערהייט און נעם זיך נישט צום האַרצן, דערלעב איבעראַיאָר און שיכור זיך ווידער אָן.

יונה דער קצב איז אַוועק פון רב אַ דערפרייטער און מיט אַ רואיקן געוויסן.

⁂

אז מ׳רעדט שוין וועגן פורים וועל איך אייך איבערגעבן אַן אמתדיקן, פורימדיקן עפּיזאָד:

ביים סלוצקער רב (רבי איסר זלמן מעלצער ז״ל) אין הויז, וואו די ישיבה־לייט האָבן זיך, אויך אַ גאַנץ יאָר, געפילט זיך ווי אין דער היים, פלעגן די ישיבה־בחורים יעדן פורים מאַכן אַ הוליאַנקע. איין בחור פלעגט מען מאַכן פאַר אַ פורים־רב און ער האָט זיך גענומען אַ פרייהייט, זיך צו לאָזן וואוילגיין אויפן חשבון פון אַלע תקיפים און גדולים, קיינעם נישט געשאַנעוועט. געוויינטלעך פלעגט מען דעם דאָזיקן „דזשאָב" איבערגעבן אַ בחור אַ חריף, מיט אַ געשליפענער צונג און נישט קיין קליינער עזות פנים.

אין יענעם פורים האָט מען צו דעם אויסגעקליבן זעליקן דעם סטאָראָבענער, וואָס האָט באמת פאַרמאָגט אַלע אייגנשאַפטן, וועלכע האָבן אים ראוי געמאַכט פאַרן דאָזיקן אמט, אַלס פורים־רב.

מילא, אז ער האָט זיך פאַרטשעפּעט מיטן רב און אים אַריינגעזאָגט, איז דערפאַר דער רב געווען אַ ייד אַ חכם און ער האָט עס אויפגענומען גוטברידעריש־פורימדיק און ער אַליין האָט מיטגעלאַכט, מיטגעוויצלט און מיטגעשטיפט מיט אַלע. איז אָבער דאָרטן בייגעווען אויך רב פסח, דער דיין און משגיח פון דער ישיבה. דער דאָזיקער רב פסח איז, צו אַלע זיינע מעלות אַלס גרויסער למדן, געווען אויך אַ גרויסער שוטה. (אַ גאַנץ אָפטע דערשיינונג).

איז מען געקומען צו זעליגן, דעם פורים־רב, כלומרשט מיט אַ שאלת נשים. נעמט זעליג רייבן דעם שטערן און צעזינגט זיך מיט אַ צעציקלטן גמרא־ניגון:

— איז וואָס זשע זאָל איך זאָגן, זאָל איך זאָגן, אַז ס׳איז דם, האָט דאָך עס נישט די מראה, זאָל איך ווידער זאָגן אַז ס׳איז צואה, שטינקט דאָך עס נישט. איי, איי, איי, איז וואָס זשע זאָל איך זאָגן.

אין מיטן דעם גיט ער, דער פּורים־רב, אַ ווענד צו רב פּסחן.

— איז וואָס זשע זאָגט איר רב פּסח צו דעם?

רב פּסח האָט עס אַנגעקומען פאַר אַן אַפּשפּאַט אויף זיין חשבון און דורך דעם באַליידיקט דעם כבוד התורה, איז ער אַן אויפגערעג־טער צו צו זעליגן, דעם פּורים־רב, און אים דערלאַנגט אַ הילכיקן פּאַטש.

עס איז געוואָרן אַ מהומה און אַ טומל. אַלע האָבן זיך מיט אַמאָל אויסגעניכטערט. און אין מיטן פון דער גאַנצער סומאַטאָכע איז זעליג דערוויייל נעלם געוואָרן, און — ווי אין וואַסער אַריין.

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אין זעלביקן חול המועד פּסח האָט זעליג שוין באַדאַרפט באַקומען זיין סמיכה אויף רבנות, האָט קיינער נישט געוואוסט וואו זעליג איז אַהין געקומען און קיינמאָל מער שוין זיך נישט באַוויזן.

מיט יאָרן שפּעטער האָב איך זעליגן באַגעגנט אין אָדעס, אַלס אייגענטימער פון אַ גרויסער אַפּטייק, אויף דער גאַס פּרעאָברע־זשענסקאַיאַ.



עטלעכע גוטע פּורימדיקע ווערטלעך האָב איך גענאַשט ביי דניאל פּערסקין:

עס פרעגט איינער דעם צווייטן:

— משה רבינו איז געבוירן געוואָרן זיבן טאָג אין חודש אדר. איז דער ברית אויסגעקומען פערצן טאָג אין חודש אדר, פונקט אין פּורים. ווען זשע האָט מען געמאַכט דעם ברית, פאַר דער מגילה, צי נאָך דער מגילה?

— איי, סאַראַ גראָבער יונג דו ביסט. די שטאָט גושן איז דאָך געווען אַרומגענומען מיט אַ מויער, און לויטן דין דאַרף מען, אין אַ שטאָט וואָס איז אַרומגענומען מיט אַ מויער, לייענען די מגילה דעם פופצנטן אין אדר און נישט דעם פערצנטן.

די גרעסטע צוויי פּורים־נסים וואָס זיינען געשען אין שושן:

איינס — וואָס אין אחשוורושס צייטן זיינען קיין רעדנערס ניט געווען, וואָרן ווען יאָ, וואָלט אחשוורוש, ווען ער האָט נישט געקענט שלאָפן, געגאַנגען הערן אַ רעדנער און נישט געווען געזוכט דעם ספר הזכרונות, וואָלטן דאָך יידן נישט געווען געראַטעוועט געוואָרן.

צוויי — וואָס אסתר, אַ פרוי, האָט געקענט האַלטן אַ סוד. עס שטייט, אַז אסתר האָט נישט אויסגעזאָגט פון איר אָפּשטאַם, ווייל מרדכי האָט עס איר אָנגעזאָגט. באמת אַ וואונדערלעכע היסטאָרישע פּאַסירונג. און — אַ גרויסער נס.

⁂

אַ ייד אַ תלמיד-חכם האָט מיר אַמאָל געגעבן צו פאַרשטיין, פאַר־וואָס עס איז אָנגענומען צו מאַכן המן-טאַשן מיט דריי שפּיצן.

— זייער פּשוט — האָט ער מיר געזאָגט — דאָס איז קעגן די פיר אמהות: שרה, רבקה, רחל, לאה.

# איי, אַביסעלע כבוד...

...גייען זיי אַרום ווי בעטלער, מיט אָנגעבלאָזענע טאָרבעס בעטן זיך, מען זאָל אויף זיי רחמנות האָבן און אַריינוואַרפן אַ נדבה — אַביסעלע כבוד. קען מען נישט געבן קיין סך איז כאָטש עטוואָס, אַ פּיצעלע, אַ קרישקעלע, אַ ברעקעלע, אַ זשאַרקעלע, אַן עוקצל, אַ נאָגעלע, אַ האָרעלע כבוד. זיי חלשן און גייען אוים נאָך אַביסעלע כבוד, פּשוט דאָס חיות גייט זיי אויס.

מען איז זיך מבזה דעם גאַנצן לעבן, אַלץ כדי צו קריגן אַ לעק כבוד. מען טוט אָפּ כלערליי נאַרישקייטן, אבי צו דערגרייכן צו אַ טראָפּעלע כבוד. מען שטעלט זיך אוים באַדיי צום גרעסטן חוזק, אפשר וועט דאָס העלפן צו באַקומען כאָטש אַ שמיץ כבוד. מען וועט פלוידערן כל המינים פלוידערייען, אַלץ מיט דער האָפענונג אפשר וועט זיך פאָרט עמיצער מרחם זיין און שענקען אַ לעפעלע כבוד.

און וואָס קען מען אייגנטלעך האָבן צו זיי טענות, מ׳זאָל באַהיט ווערן אַז מ׳דאַרף און מ׳האָט נישט...

— זאָג מיר דעם אמת, חיים שמואל, נאָר דעם ריינעם אמת. וואָס וואָלסטן בעסער געוואָלט דערגרייכן אין לעבן, כבוד אָדער געלט?

— אך סאַראַ נאַאיווע פראַגע דו פרעגסט! ווי קען דען בכלל מע־גלעך זיין אַזאַ זאַך ווי כבוד אָן געלט. אדרבא לאָמיר זען אַז עס זאָל ווער קריגן כבוד ווען ער פאַרמאָגט נישט קיין געלט. נעם אַ קבצן, מעג ער זיין מי יודע וואָס פאַראַ גרויסער געלערנטער און קלוגער מענטש, וועט אים קיינער נישט צוטיילן קיין כבוד. זאָל ער אָבער, דער

זעלביקער מענטש, נאָר באַקומען געלט, שיט מען אים באַלד אָן מיט כבוד פון אַלע זייטן.

— כ׳מוז אָבער דיר זאָגן, חיים שמואל אַז דו פאַרשטייסט נישט קיין ענין. די מעשה איז אַזוי, אַט יענער געלערנטער מענטש, וואָס דו זאָגסט, ווי לאַנג ער פאַרמאָגט נישט קיין געלט האָט ער נישט גענוג מוט און דרייסטקייט אַרויסצוקומען מיט זיין געלערנטקייט און חכמה, ער מיינט אַז מ׳וועט זיך צו זיינע ווערטער נישט צוהערן. אָבער ווען ער באַקומט געלט קריגט ער מער מוט און דרייסטקייט, דאַמאָלסט זעט מען ערשט אַרויס זיין געלערנטקייט און מען גיט אים אָפּ דעם געהעריקן כבוד. אָבער דעם כבוד קריגט ער פאַר זיין געלט. ווען עס געפינט זיך אָבער אַ געלערנטער מענטש וואָס פאַר־מאָגט גענוג חוצפה אין זיך, אַט דעם וועט מען אָפּגעבן כבוד אפילו ווען ער האָט נישט קיין געלט.

— גיי שוין גיי מיט דיין צוגעשפיצטער און אויסגעטראַכטער טעאָריע, וואָס האָט אַבסאָלוט קיין גרונט נישט. איך וועל דיר ווייזן מענטשן וואָס זענען גרויסע טיפּשים און כאַמולעס, מיט וועמען מען קען קיין וואָרט ניט רעדן און דאָך באַשיט מען זיי מיט כבוד נאָר דערפאַר ווייל זיי זענען רייך און פאַרמאָגן אַ סך געלט.

— אַט דאָס זעסטו, חיים שמואל, איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. דאָס איז דערפאַר ווייל זיי טוען אויף אַ סך גוטע זאַכן פאַרן כלל מיט זייער געלט: זיי גיבן אַ סך צדקה; זיי שטיצן מיט אַ ברייטער האַנט געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס; זיי האַלטן אויס וויכטיקע קהלישע אַנשטאַלטן; זיי גיבן גרויסע באַשטייערונגען צו געזעלשאַפט־לעכע אונטערנעמונגען; זיי העלפן מיט זייער געלט צו דער אַנטוויק־לונג פון דער געזעלשאַפט. דערפאַר אַליין זענען זיי ווערט אַז מ׳זאָל זיי אָפּגעבן כבוד.

— און וואָס וועסטו זאָגן צו גבירים, וואָס לאָזן זיך נישט קאָסטן גאָרנישט, און אויב אפילו זיי גיבן יאָ אַמאָל עפּעס, גיבן זיי ממש גראָשענס, אבי, פאַר יוצא װעגן, פאַרוואָס גיט מען זיי אָפּ כבוד, ווען נאָר מ׳דערשמעקט אין זיי דעם ריח פון געלט?

— וועל איך דיר זאָגן חיים שמואל, אַז דאָס צאָלט מען זיי מיט כבוד אַלס אַן אַוואַנס, ווייל מען גלויבט און מען האָפט, אַז סוף כל סוף וועט מען פאָרט ביי זיי אַרויסשלעפּן אַמאָל גרויסע סומעס

לטובת הכלל. דו ווייסט דאָך ווי די וועלט זאָגט: „מען האָט נאָך מער פון אַ קאַרגן גביר איידער פון אַ ברייט האַרציקן קבצן". און טאָמער וועט נישט געלינגען ביי אַזאַ גביר אַרויס צו שלעפּן ביים לעבן וועט מען ביי אים אַרויסשלעפּן נאָכן טויט. אויף דער חברה קדישה קען מען זיך פאַרלאָזן. אויף שלעפּן זענען זיי ספּעציאַליסטן. זיי ווייסן אַז די קינדער וועלן דעם טויטן טאַטן נישט איינזאַלצן. צו חברה קדישה מוז מען אָנקומען.

— נו, איז צוליב דעם, צוליב דער בלויזער האָפענונג אויף אַמאָל.. זאָל מען אַזאַ גביר אַ חזיר שוין צוטיילן כבוד, כאָטש ער וויל עס גאָרנישט... און אַנדערע וואָס לעכצן נאָך אַ טראָפּן כבוד, מען וואָלט זיי פּשוט ביים לעבן דערהאַלטן מיט אַ קריש כבוד, צו זיי זאָל מען זיין אַזוי אומדערבאַרעמדיק, אַזוי אומענטשלעך, אַז מ'זאָל זיי נישט פאַרגינען כאָטש אַ פּיצעלע כבוד? ניין, ס'איז נישט יושרדיק, נישט אָרנטלעך און נישט אָנשטענדיק! איך דערמאָן זיך, וואָס עס האָט מיר אַמאָל דערציילט איינער אַ ייד. אַ בן תורה, אַז צום רבונו של עולם איז געקומען דער חזיר מיט אַ טענה, פאַרוואָס מ'האָט אים, דעם חזיר, צוגעשטעלט צו די בהמות טמאות, סטייטש ער גיט דאָך צו די מענטשן אַזוי פיל פלייש און אַזוי פיל פעטס, אין דער צייט וואָס די קו געהערט צו כשרע בהמות און זי גיט קוים אַביסל מילך? האָט דער רבונו של עולם געענטפערט דעם חזיר, אַז דאָס איז דערפאַר וואָס די קו גיט ביים לעבן און פון דיר, חזיר, קען מען הנאה האָבן ערשט נאָכן טויט. אָט דאָס איז ריכטיק געענטפערט. אַזוי קען נאָר ענטפערן ער, דער רבונו של עולם, אָבער מענטשן — האָבן גענומען כשרן דעם חזיר און מ'טיילט אים נאָך צו גרויסע פאַרציעס כבוד, בלויז דערפאַר ווייל ער איז אַ פעטער חזיר און ער איז אָנגעשטאָפּט מיט רייכקייט, כאָטש לעבעדיקערהייט קען קיינער פון אים קיין הנאה נישט האָבן.

— הער זשע, חיים שמואל. וועל איך דיר אויך דערציילן אַ מעשה, וואָס כ'האָב אַמאָל געלייענט אין אַ ביכל: „עס איז געווען אַ קייסערס אַ טאָכטער, אַ בת יחידה, האָט זי שטענדיק חוזק געמאַכט פון די מענטשן וואָס יאָגן זיך נאָך כבוד. זי האָט געהאַלטן אין איין טענהן, אַז אַלצדינג וואָס אַ מענטש טוט דאַרף נאָר זיין אויף גליקלעך צו מאַכן אַנדערע, נישט צו זוכן דערביי קיין שום אייגן-נוצן, אַפילו נישט צו דערוואַרטן אַז מ'זאָל אים דערפאַר באַלוינען מיט כבוד, אין דער צייט ווען דער מענטש דערוואַרט אַז מען זאָל אים

באַלוינען פאַר זיינע גוטע מעשים מיט כבוד, דאַמאָלסט איז ער שוין נישט ערלעך אין זיינע טאַטן און ווען אַ מענטש טוט גוטס מיט זיי־טיקע אייגננוציקע פניות, קענען שוין זיינע מעשים נישט אַרויסקומען פּערפעקט ווי עס געהער צו זיין, און זיינע טאַטן קומען אַרוים גע־פּעלשטע, דער סוף דערפון איז אַז אַנשטאַט זיי זאָלן פירן צו גוטס פאַר דער מענטשהייט, ברענגען זיי גאָר צו שלעכטס. דעם קייסערס טאָכטער האָט געוואָלט באַווייזן, דורך זיך אַליין, די ריכטיקייט פון איר פּרעדיקן. צוליב דעם האָט זי זיך פאַרמאַכט אין אַן אָפּגעזונדערטן צימער. זי האָט זיך אָפּגעשלאָסן און דערווייטערט פון מענטשן אַזוי, אַז קיינער זאָל צו איר נישט קענען צוקומען און וועלן חלילה איר אָפּגעבן כבוד. דאָרטן, אינם אָפּגעשלאָסענעם צימער, האָט דעם קייסערס טאָכטער גענומען שרייבן לידער. זי האָט באַזונגען די שיינ־קייט פון דער וועלט, די רייכקייט פון דער נאַטור, די דערהויבנקייט פון גייסט, די גליקלעכקייט פון ליבע, וואָס איין מענטש דאַרף פילן צום צווייטן, און די אַנגענעמלעכקייט פון געפיל ווען מען טוט גוטס פאַר יענעם אָן דעם מינדסטן אייגננוצן. דער ציל פון אָט די לידער האָט באַדאַרפט זיין, אַז מענטשן זאָלן לייענען, זיך קוויקן מיט זיי און אַזוי אַרום זיך צוגעוויינען ווי אַזוי אמתדיק הנאה צו האָבן פון לעבן. אַזוי איז דעם קייסערס טאָכטער געזעסן פאַרמאַכט און אָפּגע־שלאָסן חדשים לאַנג און האָט געהאַלטן אין איין שרייבן אירע לידער. ווען איר לידער־בוך איז פאַרענדיקט געווען; איז דעם קייסערס טאָכ־טער אַרוים פון איר פאַרמאַכטקייט און זי האָט צונויפגערופן אַלע שרים פון מלך און אַזוי גרויסע לייט, אַז זיי זאָלן אַרויסזאָגן זייער מיינונג וועגן די לידער אירע, און אויף וויפל זיי די לידער, קענען גליקלעך מאַכן די מענטשן פון דער וועלט.

ווען דעם קייסערס טאָכטער האָט געענדיקט לייענען, האָט קיינער, פון די אַלע פאַרזאַמלטע, נישט אַפּלאַדירט און קיינער האָט וועגן זיי נישט אָפּגערופן זיך מיט קיין איין וואָרט. האָט דאָך שוין דעם קייסערס טאָכטער פאַרשטאַנען, אַז די לידער אירע האָבן נישט אוים־גענומען, האָט זי גאָרנישט געזאָגט, שווייגנדיק האָט זי פאַרלאָזט די פאַרזאַמלטע געסט און איז אַוועק צוריק אין איר אָפּגעזונדערטן צימער. שפּעטער מיט עטלעכע שעה האָט מען געפונען דעם קייסערס טאָכטער אָן אויפגעהאַנגענע ביי זיך אין „צימער" — נו וואָס זאָגסטו,

חיים שמואל, צו דער דאָזיקער מעשה? — וואָס הייסט איך זאָג, דו גיסט דאָך אַליין צו, מיט דיין מעשה, אַז איך בין גערעכט.

— נו, ווער זאָגט דען, אַז דו ביסט אומגערעכט? אָבער — ווי איז צום גערעכטן!

# פיר קלאַסן יורשים

אין אַלטן יידישן ציוויל־קאָדעקס, וואו עס האַנדלט זיך וועגן דער לעגאַליטעט פון ירושות, ווערן יורשים איינגעטיילט אין פיר קלאַסן:

דער ערשטער יורש איז דער, וועלכער קען ירשנען דעם איבער־בלייב פון זיינע עלטערן, און ער קען אויך מאַכן ירשענען זיין איבער־בלייב צו זיינע קינדער (דאָס איז אין דער נאָרמאַלער געוויינלעכקייט).

דער צווייטער יורש איז דער, וועלכער קען ירשענען דעם איבערבלייב פון זיין נאָענטן, אָבער ער קען נישט נאָך זיך מאַכן ירשנען.

דער דריטער יורש איז דער, וועלכער קען נישט ירשנען פון זיין נאָענטן, אָבער קען מאַכן ירשענען נאָך זיך.

דער פערטער יורש איז דער, וואָס נישט ער קען ירשענען און נישט ער קען מאַכן ירשענען.

איך ברענג דאָ די פיר קלאַסן יורשים, נישט מיטן ציל אויפ־צוקלערן אַ געוויסן געזעץ פון יידישן ציוויל־קאָדעקס (ווער עס איז שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דעם קען עס גענוי געפינען אין דער גמרא בבא בתרא דף ק"ח).

מיין ציל אינם דאָזיקן אַרטיקל איז איבערצוטראָגן אָט די זעל־ביקע קלאַסיפיצירונג פון יורשים, פון מאַטעריעלע ירושות אויף גייסטיקע ירושות.

און איך מיין, אַז בלויז מיט אַ קליינער ענדערונג אין דער פאַמיליע־פאָרמירונג, קען זייער גוט זיך אַריינפּאַסן אָט די אויבנ־דערמאָנטע קלאַסיפיצירונג פון יורשים אויך אין באַצוג צו גייסטיקע ירושות.

איצט לאָמיר עס צעגלידערן, דעטאַליזירן און באַטראַכטן ווי אַזוי זעען אויס אָט די פיר קלאַסן יורשים אונדזערע אין אונדזער גייסטיק־יידישן לעבן:

פאַראַן אַ יורש וועמען עס איז געלונגען צו ירשענען פון זיינע עלטערן, ד"ה — פון די פאַרגאַנגענע דורות, אַ גרויסע און רייכע גייסטיקע ירושה; ער האָט אין זיך אַריינגעזאַפּט די ברייטע און פאַרנעמפולע קולטור־אוצרות, וואָס דור נאָך דור האָט געבויט און געשאַפן, ציגל נאָך ציגל, ריי נאָך ריי, אַלץ העכער און העכער, ביז ריזיקע קולטור־בנינים זיינען אויפגעוואַקסן, בנינים וועלכע האָבן פאָרמירט און געשטאַלטיקט אונדזער אייגנטלעכן יידישן לעבן, האָבן אויסגעשמידט אונדזער באַזונדעראַרטיקן יידישן כאַראַקטער, האָבן געפעסטיקט אונדזער דערהאַלטונגס־כוח, האָבן צעמענטירט די יידישע אייניקייט און צוזאַמענהאַלטונג אַפילו ווען אין שטח־ווייטער צעשפּרייטונג, האָבן אונדז אָפּגעזונדערט גייסטיק פון דער אַרומיקער וועלט און אונדז נישט דערלאָזט צו אויסמישונג און אונטערגאַנג.

אַ פיינע ירושה — דאַכט זיך — געירשנט, האַ! און אַ יורש וואָס האָט געקענט אַזאַ רייך פאַרמעגן אויפנעמען און עס אָפּהיטן איז — דאַכט זיך — אַ גאַנץ פיינער יורש אויך, נישטאָ, מיין איך, מיט אַזאַ יורש וואָס זיך צו שעמען.

אַלץ טאַקע אמת. איז אָבער די צרה מיט זיינע יורשים וועמען מאַכן ירשענען די דאָזיקע רייכע ירושה קען ער נישט.

וועט איר פרעגן:

— ס'טייטש, פאַרוואָס?

איז די מעשה, וואָס די גאַנצע צייט זינט ער, דער דאָזיקער יורש, האָט דערוואַרבן די רייכע ירושה און זי אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ, האָט ער גאָר פאַרגעסן, אַז עס וועט קומען אַ צייט ווען ער וועט אַמאָל, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, דאַרפן

מאַכן ירשענען דאָס דאָזיקע רייכע פאַרמעגן צו זיינע קינדער. און צו דעם האָבן געמוזט קומען צוויי פאַרבערייטונגען: ערשטנס האָט דער קומענדיקער דור געמוזט ווערן ווי געעריק צוגעגרייט, כדי פעאיק צו זיין אויפצונעמען און פאַרוואַלטן מיט אַזאַ ריזיק פאַרמעגן, און דאָס פאַרמעגן אַליין האָט אויך געמוזט ווערן אַזוי אַנטוויקלט, צוגעגרייט און איינגעריכטעט, אַז פאַר דעם נייעם דור — וועלכער איז געבוירן און אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין אַ נייער צייט, מיט נייע באַגריפן, מיט נייע אַנשויאונגען, מיט נייע לעבנס אויפפאַסונגען און מיט ניי־אַרויסגערופענע לעבנס נויטן — זאָל די אַלטע, רייכע ירושה פון טאַטן זיין צוגענגלעך, באַליבט און דערהאַלטונגס־פעיק.

דערצו איז נויטיק געווען, אַז דער טאַטע זאָל וועלן און פעאיק זיין צו פאַרשטיין די שטרעמונגען, די ריכטונגען און די נויטן פון דער נייער צייט, די צייט פון זיינע קינדער, ד״ה — פון דעם נייעם מענטש וואָס לעבט און שאַפט אין דער נייער צייט.

איז אָבער צום אומגליק דער טאַטע געבליבן פאַרשטיינערט אין זיין ירושה. און אין זיין גאַנצער גרויס איז ער איינגעשלאָפן איבער דעם רייכן הויפן גאָלד פון דער אַלטער רייכער ירושה.

איז איינער געבליבן שטעקן ביי „שור שנגח את הפרה״; אַן אַנדערער איז דערגאַנגען ביז „הדת והחיים״ און „תיקונים בדת״ און אַ דריטער איז דערקראָכן ביז פאַרהייליקטע פּרצעס, „הינער חלומות״ — און שוין. דאָ איז דער טאַטע איינגעשלאָפן...

אָט אַזעלכע טאַטעס קענען נישט מאַכן ירשענען צו זייערע קינדער גאָר נישט, ווען זיי מיט די קינדער האָבן אַפילו קיין געמיינזאַמע שפּראַך נישט און קענען זיך באַנאַנדער לגמרי ניט פאַרשטיין.

דאָס איז דער קלאַס יורש, וואָס האָט נאָר געקענט ירשענען, אָבער מאַכן ירשענען קען ער נישט.

נאָך אַ קלאַס יורש קומט, וועלכער — צי ווייל ער איז נישט פעאיק געווען, צי ווייל ער האָט נישט געוואָלט אָדער צוליב אַנדערע סיבות — האָט ער פון דער אַלטער, רייכער, יידיש־גייסטיקער ירושה גאָרנישט אָדער זייער ווינציק געירשנט. זיין גאַנצן גייסטיקן קאַפּיטאַל האָט ער אַליין, דורך פאַרשידענע וועגן און פון פאַרשידענע

פלעצער, זיך אַליין דערוואָרבן און דאָס דערוואָרבענע — פאַריידישט. אמת טאַקע דער קאַפּיטאַל זיינער איז גאַנץ ווייט פון צו זיין יידיש־רייך, אָבער דאָס דאָזיקע קליינע פאַרמעגן וואָס ער האָט זיך, מיט אייגענער שווערער מי, דערוואָרבן האָט אים נישט געלאָזט רוען. עס האָט אים שטענדיק געמאַטערט דער געדאַנק, ווי אַזוי דאָס צו קענען איבערלאָזן פאַר די קינדער גאַנצערהייט, און די קינדער זאָלן עס, נאָך אים, חלילה נישט צעטרענצלען, האָט ער אין זיין גאַנצן לעבן געזוכט אַ וועג און אַ שפּראַך, דורך וועלכע ער זאָל מיט די קינדער — מיטן נייעם דור — קענען קומען אין באַרירונג און פאַרשטענדעניש. און אַז מ׳זוכט געפינט מען.

אַזאַ טאַטע שטאַרבט רואיק, ווייל ער האָט די פולע זיכערקייט, אַז אי די קינדער זיינען גוט צוגעגרייט, אי דאָס פאַרמעגן איז גוט אַנטוויקלט און צוגעפּאַסט, אַזוי אַז עס וועט גאָרנישט גיין לאיבוד און די קינדער וועלן מיט אָפענע אָרעמס דאָס פאַרמעגן אויפנעמען און דערמיט גוט פאַרוואַלטן.

אָט דאָס איז דער קלאָס יורש, וועלכער האָט נישט געקענט ירשענען, אָבער ער קען מאַכן ירשענען.

דער דריטער קלאָס יורש איז דער „אויסגעהאַלטענער" עקשן מיט די פאַרשטאָפּטע אויערן. אַזוי איז ער געווען אין די יונגע יאָרן זיינע און אַזוי איז ער פאַרבליבן אויך אויף דער עלטער.

אין דער יוגנט האָט ער מיט פאַרביסענער עקשנות פאַרשטאָפּט די אויערן, אַז צו אים זאָל חלילה נישט דערגיין, נישט קיין קלאַנג, נישט קיין אָפּקלאַנג און נישט קיין ווידערקלאַנג אַפילו פון אונדזער אַלטער קולטור־ירושה, ווייל „דאָס איז סם", „דאָס איז אָפּיום", „דאָס איז אַ בינטל אַלטע צעפוילטע שמאַטעס" און נאָך אַזעלכע עפּיטעטן.

נו, פאַרשטייט עס אַז ער איז געבליבן אויפן גאַנצן לעבן אַ גייסטיקער קבצן אין זיבן פּאָלעס.

אויף די עלטערע יאָרן, שוין אַן אויסגעטריקנטער, אַן איינגע־שרומפּענער, אַן איינגעדאַרטער און אָפּגעפּאָרענער, האָט ער ערשט דערזען זיין ווייסטע אָרעמקייט, האָט ער ערשט איצט אָנגעהויבן צו באַגערן זיך אָנצוכאַפּן אין עפּעס אַ ברעג, אין עפּעס אַ שאָטן פון דער יידישער רייכער ירושה, אָבער — צו שפּעט געקומען. די עכטע

און אמתע יידישע ירושה, דאָס אמתע יידישע קולטור־פאַרמעגן איז שוין לאַנג אַריבער אין אַנדערע הענט, אין בעסערע און אין זיכערע. אָבער ביי דער עקשנות מיט די פאַרשטאָפּטע אויערן איז ער דאָך פאַרבליבן. און פונקט ווי אין דער יוגנט האָט ער פאַרשטאָפּט די אויערן, כדי נישט צו הערן קיין קלאַנג אַפילו פון זיין טאַטנס רייכן קולטור־אוצר, אַזוי האַלט ער נאָך איצט פאַרשטאָפּט די אויערן כדי נישט צו הערן קיין ווידערקלאַנג אַפילו פון זיינע קינדער, פון דער נייער צייט, פון דעם יונגן דור, וועלכער שטעלט פעסטע טריט צו אַ ניי יידיש לעבן, געבויט אויפן באַזיס פון אונדזער אַלטער רייכער ירושה און מיטן כוח פון אונדזער אַלט־נייעם ריזיקן גייסטיקן פאַרמעגן.

אָט דאָס איז דער קלאָס יורש, וועלכער נישט ער האָט געקענט ירשענען און נישט ער קען מאַכן ירשענען.

עס איז אָבער אויך פאַראַן אַ קלאָס יורש, וועלכער האָט — באַלד ווי ער האָט איבערגענומען די גרויסע און רייכע יידיש־גייסטיקע ירושה פון זיין טאַטן — שוין געזאָרגט וועגן דעם, ווי מעגלעך צו מאַכן אַז דעם זעלביקן פאַרמעגן זאָל ער אויך קענען מאַכן ירשענען צו זיינע קינדער, צום נאָך אים אָנקומענדיקן דור. ער האָט כסדר די ירושה געפלעגט, אַנטוויקלט און זי אויסגעריכטעט אַזוי, אַז זי זאָל זיין צוגעפּאַסט צום לעבן. ווי אַ גוטער און געטרייער פאַרוואַלטער האָט ער אַכטונג געגעבן, אַז קיין זאַך פונם געירשנטן אינווענטאַר זאָל נישט פאַרעלטערט ווערן, נאָר שטענדיק זאָל אַלץ בלייבן פריש, נוצבאַר און צופרידנשטעלנדיק. ער האָט כסדר נאָכגעפאָלגט דעם גאַנג פון דער צייט און דעם פאַרלאַנג פון דער צייט און געזען אַז דאָס גאַנצע פאַרמעגן זאָל פאַרווענדט ווערן אינם באַרימטן „והי בהם".

אויך די קינדער, די קומענדיקע יורשים, האָט ער פאַרגעברייט אַזוי, אַז זיי זאָלן זיין ראוי אַזאַ ריזיק פאַרמעגן אויפצונעמען און אַז זיי זאָלן פאַרשטיין, ווי אַזאַ פאַרמעגן אויפהאַלטן און אָפּהיטן. אויך האָט ער זיי צוגעגרייט צו וויסן ווי מיט אַזאַ פאַרמעגן צו פאַרוואַלטן.

ער האָט אין פאַרויס געשאַפן דעם באָדן פאַר דער געהעריקער האַרמאָניע, וואָס זאָל שפּעטער הערשן צווישן דעם איבערלאַזנדיקן גייסטיקן קאַפּיטאַל מיט די קומענדיקע יורשים.

אַט דאָס איז דער קלאַס יורש, וועלכער אי ער האָט געקענט ירשענען, און אי ער קען מאַכן ירשענען.

אויב ביי מאַטעריעלע ירושות איז אַט דער קלאַס יורש, וואָס קען ירשענען און מאַכן ירשענען, פון די וויכטיקע און נאָרמאַלע גע־ווינטלעכקייטן, איז עס אָבער ביי גייסטיקע ירושות שוין גאָרנישט פון די אַזוי אָפטע און נאָרמאַלע געוויינטלעכקייטן.

אָבער בלויז נאָר אַ דאַנק די וואָס געפינען זיך יאָ, איז אונדזער קיום ווי אַ פאָלק דערמעגלעכט געוואָרן ביז היינט. און אַ דאַנק זיי וועט אונדזער קיום זיך ווייטער אַזוי ציען און ציען ביז אין דער אייביקייט אַריין.

# אַנטלויפֿן פֿון לעבן און די נקמה פֿון לעבן

חבר חיים בן־דור, אַ חשובער גאַסט אין מעקסיקע, האָט געפֿירט זייער אַן אינטערעסאַנטן שמועס וועגן דער „מוסר־שיטה אין דער ליטע". ער האָט — אין דעם איבער צוויי שעהדיקן שמועס — ברייט צעגלידערט און אַנאַליזירט די צילן, די וועגן, די פֿירונגען און די אויפֿטואונגען פֿון די אַמאָליקע מוסרניקעס, אַ שיטה וואָס איז געווען פֿאַרשפּרייט אין ליטע און אין ווייס־רוסלאַנד.

דער דאָזיקער שמועס האָט אויפֿגעוועקט אין מיר אַלטע, שוין כמעט איינגעדרימלטע, געדאַנקען וועגן דער דאָזיקער שיטה, וועלכע כ'האָב אַליין מיטגעמאַכט אין די יאָרן ווען כ'בין געווען אַ ישיבה־בחור אין דער שטאָט סלוצק, מינסקער גובערניע. אין דער ישיבה פֿון הרב הגאון ר' איסר־זלמן מעלצער ז"ל.

אָט די געדאַנקען וויל איך דאָ איבערגעבן.

צוויי נייע יידישקייט־שיטות האָבן אין פֿאַריקן יאָרהונדערט פֿאַרכאַפּט אַ גרויסן טייל יידן אין מזרח־אייראָפּע: חסידות און מוסר־שיטה. ביידע האָבן געהאַט פֿאַר זיך, אויבערפֿלעכלעך גענומען, כמעט דעם זעלביקן ציל: אויפֿצוהייבן גייסטיק און מאָראַליש דעם יידישן מענטשן; אַרויסשלעפּן אים פֿון חומרדיקן לעבן, וואָס איז דורכגענומען מיט אַלערליי תאוות און פּרימיטיווע אינסטינקטן, און איינפֿלאַנצן אין יידישן מענטש באַגריפֿן פֿון העכערקייט, פֿון געטלעכקייט פֿון דערהויבנקייט, פֿון גייסטיקער עולם האצילות; אַז דער מענטש זאָל פּסיכאָלאָגיש אין זיך דערפֿילן, אַז ער איז דער בחיר היצורים, אַז ער איז נישט גלייך צו יעדער אַנדערער באַשעפֿעניש, דעריבער דאַרף ער נישט, טאָר נישט און קען נישט לעבן מיט די זעלבע פּרי־

מיטיווע און ווילדע אינסטינקטן מיט וועלכע עס לעבן אַנדערע באַשעפּעניש, נאָר ער מוז אויף זיך אַרבעטן כדי צו פאַרדינען דעם נאָמען מענטש וואָס איז באַשאַפן געוואָרן בצלם אלוהים.

כאָטש אויבערפלעכלעך קען זיך טאַקע אויסדאַכטן, אַז דיביידע שיטות „חסידות" און „מוסר" זענען געווען ענלעך אין זייערע ציל, זענען אָבער זייערע פאַרשידענע וועגן געווען ווייט איינע פון צוויי־טן ווי פון מזרח צו מערב, ריכטיקער וואָלט געווען צו זאָגן — ווייט ווי פון הימל צו דער ערד. די פאַרשידנקייט פון זייערע וועגן האָט געפירט צו דעם, אַז אַפילו די צילן זייערע זיינען זיך געוואָרן ווייט פאַנאַנדערגעשיידט און דערווייטערט. אַפילו אויך אין נאָכוואוקס, אין די שפּעטערע דורות, ביז היינטיקן טאָג, שווין אין אַנדערע טראַנס־פאָרמאַציעס, מערקן זיך גאַנץ בולט די שפּורן פון יענע קאָלאָסאַלע אונטערשיידן אין זייערע פּרינציפּיעלע וועגן פון די אַמאָליקע צוויי באַזונדערע שיטות.

חסידות איז אַנשטאַנען אין דער אוקראַינע און האָט זיך פאַר־שפּרייט איבער אוקראַינע און פּוילן, איבערהויפּט אין פּוילן; מוסר איז אַנשטאַנען אין דער ליטע און האָט זיך פאַרשפּרייט איבער ליטע און ווייס־רוסלאַנד.

חסידות איז, אין איר גרונט־פּרינציפּ און אין איר גאַנצן מהות, געגאַנגען פאַריסן מיטן קאָפּ אין די הימלען; די גאַנצע דאַאיקע נאַרישע וועלט האָט פאַר חסידות אינגאַנצן אויפגעהערט צו עקזיס־טירן; אַפילו די אייגענע ערדישע גופים האָבן ביי חסידים אויפגע־הערט צו עקזיסטירן; דער עיקר איז געווען „עבודת הבורא" — דינען גאָט און צו דערהייבן די נשמות צו דער מדרגה פון מלאכים; דעם ערדישן גוף דאַרף מען נאָר נאָכגעבן אויף אַזוי פיל, אויף וויפל ער איז אימשטאַנד צו דערהאַלטן די נשמה וואָס זי איז דער עיקר אינם געבלי פון מענטש.

און דינען דעם בורא דאַרף מען גאַרנישט מיט מעשים, עס איז דורכאויס גענוג דאָס צו טאָן מיט הארץ, מיט מוח און מיט ריינער מחשבה; צוליב דעם איז נישט נויטיק נישט קיין תורה, נישט קיין שולחן ערוך מיט פון פאַרויס אָוועקגעשטעלטע באַגרענעצטע דינים און מצוות מעשיות. צו אַזאַ מין „עבודת הבורא" האָט, לויט דער חסי־דישער שיטה, געקענט דערגרייכן יעדער איינער, אַפילו אַן עם הארץ וואָס האָט קיין שורה עברי נישט געקענט.

חסידות האָט אַראָפּגענידערט פון די הויכן די ווערט פון דעם תלמיד-חכם, דעם קענער, דעם למדן, וועלכער איז אַלע יאָרן געווען דערהויבן אין יידישן לעבן. די שיטה האָט געהאַלטן, אַז אויב איינער קען לערנען איז עס זיינס אַ פּריוואַט-זאַך, פּונקט ווי איינער קען אַן אַנדער וויסנשאַפט אָדער אַ פאַך. מיטן רבונו של עולם האָט עס לגמרי גאָרנישט צו טאָן, און מיט עבודת הבורא — אוודאי נישט.

דערפאַר האָט חסידות דערהויבן די ווערט פון צדיק, וועלכער האָט זיך אַרויפגעהויבן צו דער מדרגה, צו זיין אַ בן בית אין דער הימלישער וועלט. און די אַלע וואָס זיינען זיך מתדבק באַהאַפטן מיטן צדיק זענען שוין דורך דעם אַליין געוואָרן אַ טייל פון זיין מדרגה.

האָבן זיך טאַקע אין דער חסידישער וועלט געפּרוכפּערט און געמערט עמי הארצים, גראָבע יונגען, אָן תורה און אָן יידיש וויסן, וועלכע האָבן פּונקט ווי דער צדיק געהאַלטן די אויגן שטענדיק פאַרגלאָצט צום הימל. און כדי וואָס מער זיך אויסצוטאָן פונעם רעאַלן ערדישן לעבן האָט ביי חסידים פאַרנומען אַ הויכן פּלאַץ דער ענין בראָנפן און שיכרות. אַזוי אַרום אין שיכורן צושטאַנד האָט מען לייכטער געקענט פאַרוואַנדלען די ווייטע אילוזאָרישע הימלישע וועלטן אין אַ זעעוודיקער ווירקלעכקייט.

און אפשר איז גאָר דער עם הארץ, וואָס איז נישט געווען באַלאָדן און געפּענטעט מיט תורה, דינים, סייגים, גזרות און חומרות, געווען אַ בעסערער עלעמענט אויף איבערצוגעבן זיך אין גאַנצן צו די אויסגעטרוימטע הימלישע וועלטן און אויף בעסער צו באַגרייפן דעם צדיקס דרכים און בעסער צו באַנעמען דעם צדיקס צעדרייטע אויסטייטשונגען פון די תורה-פּסוקים...

אַנדערש אָבער, לגמרי אַנדערש, איז געווען די שיטה פון „מוסר", וואָס איז געווען פאַרשפּרייט אין ליטע און אין ווייס-רוסלאַנד.

זי, די דאָזיקע שיטה, האָט נישט אָפּגעריסן דעם מענטש פון דער ערד און געשלעפּט אים אין די הימלען אַריין, נייערט — אויף דער זעלביקער ערד וואו דער מענטש גייט און לעבט, האָט מוסר געלערנט, דאַרף דער מענטש זיך דערהייבן גייסטיק; ער דאַרף פון זיך אויסוואָרצלען די אַלע מיאוסע, שעדלעכע זיטן, וואָס האָבן זיך פאַרנעסטעט אינעם מענטש.

דער יצר הרע האָט זיך פאַרלייגט אויפן מענטש צו האַלטן אים אין שטאַנד פון אַ ווילדער חיה, ער נוצט אויס אַלערליי, פאַרטלען נישט צו דערלאָזן דעם מענטש זיך אויפצוהייבן צו דער מדרגה פון מענטש, מוז דעריבער דער מענטש פירן אַ ביטערן און שווערן קאַמף, מיט אַלע כוחות און איבער די כוחות, קעגן יצר הרע, כדי זיך אַרויסרייסן פון זיינע הענט. מען מוז קעמפן מיט זיך אַליין כדי מבטל מאַכן און זיך אַליין אויפוויזן, אַז זיי פירן צו גאַרנישט, אַז צו דערשטיקען אין זיך די אַלע נאַרישע און ווילדע תאוות; מען מוז אויף כוח פאַרניכטן אין זיך די מיאוסע מידה פון כעס; מען מוז בגוואַלט אונטערדריקן אין זיך די שווידערלעכע מידות פון קנאה און שנאה; מען מוז זיך ראַטעווען פון דער געפאַר פון כבוד-זוכן, ווי פון פייער מוז מען אַנטלויפן פון כבוד; און איבערהויפּט מוז דער מענטש זיך פאַרהיטן פון דער גרויסער און אומגליקלעכער קראַנקייט, וואָס הייסט גאווה. וואָרן די דאָזיקע פעסט, גאווה, פירט צו אַלע אומגליקן, יסורים, צרות און פורעניות וואָס דער מענטש ברענגט אויף זיך.

כדי צו זיין בכוח דאָס אַלצדינג צו דערגרייכן און כדי צו זיין זיכער, אַז דער קאַמף קעגן יצר הרע זאָל זיין אַ זיגרייכער, זענען פאַראַן עטלעכע וועגן.

קודם כל — תורה: מען דאַרף זך באַמיען צו זיין מיט לייב און לעבן אַריינגעלאָזט אין תורה-לערנען, און ניט סתם אַזוי לערנען — זוברעווען די ווערטער פון דער תורה, נייערט זיך באַמיען צו פאַרטיפן זיך, פאַרשטיין און משיג זיין מיטן שכל אַלצדינג וואָס מ׳לערנט. דאָס איז דער עיקר העיקרים.

צווייטנס — אהבת הבריות: זיך באַמיען איינצופלאַנצן אין זיך אין אומבאַגרענעצטער פאָרעם די מידה פון ליב האָבן יעדן אַנדערן מענטש, פּונקט אַזוי גוט ווי זיך אַליין: טאָן פאַר יענעמס וועגן, אונטער אַלע אומשטענדן, פּונקט אַקוראַט ווי מ׳וואָלט געטאָן פאַר זיך אַליין.

דריטנס— שכל: אין קאַמף קעגן יצר הרע דאַרף מען אָנווענדן אַ שטאַרקער געווער, ווי ער באַנוצט. ער, דער יצר הרע, באַנוצט זיך דאָך מיט אַ געווער פון רייצן די פרימיטיווע חיהשע אינסטינקטן, נישט מער; דאַרף דער מענטש אָנווענדן אַ שטאַרקערן כלי-זיין, דאָס

איז שכל. וואָרן על פי שכל האָלטן דאָך נישט אוים די אַלע שלעכטע מידות ווי תאווה, גאווה, קנאה, שנאה, כבוד. זייערע כוחות שטעקן דאָך נאָר בלויז אין אינסטינקט. אָבער מיטן כוח פון שכל קען דער מענטש די אַלע שלעכטע מידות פשוט מבטל מאַכן און זיך אַליין אויפווייזן, אַז זיי פירן צו גאָרנישט, אַז אַט די אַלע מיאוסע זיטן זענען בלויז פוסטע נאַרישקייטן, הבל הבלים, קיין נוצן ברענגען זיי נישט, און דער מענטש ברענגט נאָר, דורך זיי, אויף זיך אַליין אומגליקן מיט צרות, ווייטער גאָרנישט.

פערטנס — מצוות מעשיות: נישט מזלזל זיין אין דער קלענסטער מצוה פונקט ווי אין דער גרעסטער; דאָס איז אויך אַ שטאַרק געווער קעגן דעם יצר הרע.

און נאָך אַזעלכע שאַרפע כלי זיין, אין קאַמף קעגן דעם יצר הרע.

אָט דער דאָזיקער עקסטרעם, די מוסר־שיטה, האָט טאַקע נישט אָוועקגעריסן דעם מוסרניק פון דער ערד, האָט אָבער אים אָוועקגעריסן פון רעאַלן און נאַרמאַלן מענטשלעכן לעבן. דער מוסרניק האָט געמוזט — אין זיין שטענדיקן קאַמף מיטן יצר הרע — זיך דערווייטערן און זיך אָפּרייסן פונעם לעבעדיקן לעבן. ער האָט מורא געהאָט צו קוקן אין פנים אַריין פון דער וועלט, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט וואָרום די גאַנצע וועלט איז פול מיט שלעכטס מיקראָבן און אומעטום, אויף טריט און שריט, האָט דער מוסרניק דערשנאַפּט די אויגן פון יצר הרע וואָס לויערן אויף אים; אומעטום, אויף יעדן שטעג און וועג, האָט דער מוסרניק דערפילט איבער זיך דאָס טייוולאָנישע ברייטע מויל פון יצר הרע וואָס וויל אים איינשלינגען, און ער איז דעריבער געווען געצוואונגען פון דעם אַלעם צו אַנטלויפן און זיך פאַרמאַכן אין די אייגענע דלד אומות פון תורה ומוסר.

הצד השווה שבהן, דערמיט האָבן ביידע שיטות, „חסידות" און „מוסר" אין פאַרגלייך, וואָס ביידע האָבן, דורך זייער עקסטרעמיזם, געזוכט צו דערווייטערן, זייערע אָנהענגער און תלמידים, פון דער וועלט, פונעם אַרום, פון לעבן און זיין קאַמף, פון דער ווירקלעכקייט און אירע נאַטור־געזעצן, און האָבן געמאַכט — יעדע שיטה פאַר זיך — אַן אָפּגעזונדערטע ענגע געטאָ פאַר זייערע אָנגעשלאָסענע.

האָט דערפאַר דאָס לעבן אין ביידע דאָזיקע שיטות זיך נוקם געווען.

סיי די מיטגייער פון דער חסידות־שיטה, סיי די תלמידים פון דער מוסר־שיטה, ווי נאָר זיי זענען געקומען אין ערשטן קאָנטאַקט מיט דער דרויסענדיקער וועלט און מיטן רעאַלן לעבן, צי זיי אַליין אָדער זייערע יורשים, האָט באַלד אַ שטורעמדיק קעגן־רעאַקציע גענומען ברעכן צוימען און רייסן דאַמבעס. די קעגן־רעאַקציע איז געוואָרן אַזוי שטורעמדיק, אַזוי צעשטערעריש, אַז פון די אַלטע פאַרפאַנצערטע פעסטונגען, וואָס ביידע שיטות האָבן יאָרן־לאַנג אויפגעשטעלט זענען בלויז קוים רעשטלעך פון חורבות געבליבן.

אָבער — אויך אַפילו אין טרויעריקן פינאַל איז נאָך אַלץ גע־בליבן אַ טיפער אונטערשייד צווישן אָט די ביידע שיטות.

פון דער מוסר שיטה איז כאָטש געבליבן אַ ריח התורה און אַ תורה־גייסט, וואָס האָט זיך נישט אָפגעטאָן פון אירע תלמידים, אַפילו שוין אין דער צווייטער איבערוואַנדלונג.

פון דער הימלישער חסידות־שיטה אָבער איז געבליבן אַ וויסטע פוסטקייט.

ערשט אין אונדזער צייט, אין פינאַל ליכט פון ביידע אַמאָליקע יידישקייט־שיטות, הייבן מיר איצט אָן צו באַגרייפן די טיפזיניקייט פון געדאַנק, וואָס איז אַמאָל אַרויסגעבראַכט געוואָרן דורך רבי טרפון, רבי עקיבא און אַנדערע תנאים, אין בית ניתזה וואָס אין לוד:

זיי האָבן באַשלאָסן, אַז לערנען תורה, אַפילו ווען דאָס גייט נישט צוזאַמען מיט גוטע מעשים, איז מער ווערט איידער גוטע מעשים וואָס גייען נישט צוזאַמען מיט תורה־לערנען. וואָרן לערנען פירט סוף כל סוף צו גוטע, מעשים, אָבער די בעסטע מעשים מיט די בעסטע כוונות אַפילו, וועלכע האָבן נישט הינטער זיך דעם תורה־גרונט, פירן צו גאָרנישט, פירן סוף כל סוף צו אויסגעליידיקטער פוסטקייט.

דר. חיים זשיטלאָווסקי זאָגט אַזוי:

„געטער ווערן געבוירן אין קדושה, עלטערן זיך אין לאַנגווייליקייט, שטאַרבן אין פאַרגעסנהייט און שטייען אויף תחית המתים אין דער דיכטונג".

אוודאי ווערט אין דער דיכטערישער תחית המתים באַזינגען די חסידות שיטה פיל פיל געלייטערטער, דערהויבענער, געפליגל־

טער און געהייליקטער. דאָס האָט שוין טיילווייז באַוויזן אונדזער אומשטערבלעכער יצחק לייבוש פּרץ און אויך אַ סך אַנדערע. אָבער דאָס געהערט שוין צו דער גרויסקייט פון דעם דיכטער און צו זיין דיכטערישער קראַפט און פאַרשטעלונג, איידער צו דער היסטאָרישער ווירקלעכקייט.

# יידישקייט

שיין, באַטעמט און חנעוודיק איז יידישקייט געווען ביז מיט אַ דאָ נישט לאַנג צוריק, ווייל — נאַטירלעך. קיין ייד — וואָס דער אמת איז — האָט נישט געטראַכט פון „קיום האומה" און קיין יידענע איז נישט געווען „קיום'דיק" געשטימט; זיי האָבן אפילו נישט גע־וואוסט וואָס דאָס איז אַזעלכעס און מיט וואָס מען עסט דאָס; זיי האָבן אָפּגעהיט יידישקייט, נישט ווי אַ מיטל צו וועלכן ס'איז ציל, נאָר יידישקייט, אַליין פאַר זיך, איז געווען אַ נאַטירלעכער, אומבאַ־דינגטער, נויטווענדיקער יש אין זייער לעבן. עס איז מיט אַלע חושים אַזוי פאַרשטאַנען געוואָרן און אַזוי האָט יעדער ייד און יידענע געפילט מיט אַלע רמ"ח אברים, אַז אַנדערש ווי אָפּהיטן יידישקייט איז גאָר אומעגלעך אין דער וועלט, אַז אָן יידישקייט איז מען גאָר קיין מענטש נישט, און אַ ייד — אודאי און אודאי נישט.

און וואָס האָט געמיינט יידישקייט?

אָפּהיטן אַלע מצוות, דינים און מנהגים, וואָס זענען פאַרגעשריבן אין דער הייליקער תורה, לויט דער אויסטייטשונג פון אונדזערע מפרשים און פוסקים, ביז דעם אחרון שבאחרונים, און איבערהויפּט — לויט ווי דער דין איז אָנגעקומען געוואָרן ביי יידן. עס איז גענוג געווען, אַז איינער פון די אחרונים זאָל אַ זאָג טאָן „ונוהגין להחמיר" ד"ה — „מען פירט זיך אַז נישט" איז שוין יעדער ייד גרייט געווען זיך מוסר־נפש זיין און נישט זיין דאַקעגן.

און וואָס זענען געווען די אמתע סיבות, וואָס האָבן געהאַלטן דעם ייד צוגעשמידט צום שווערן אופן לעבן, אין ראַם פון יידישקייט? מיינט איר אפשר, אַז דער געדאַנק פון „קיום האומה", „המשך",

„היסטאָרישע אויפגאַבע" צי נאָך אַזעלכע שיינע און הויכע געפילן האָבן דעם ייד אַזוי באַגייסטערט און אים פּריוואַליק געמאַכט פאַר אַ קנעכט צו יידישקייט, — חלילה! דער ייד האָט אַפילו קיין אנונג נישט געהאַט וועגן אָט די אַלע שיינע זאַכן. נאָר גאָר איינפאַכע און פּשוטע דריי סיבות האָבן דעם ייד געצוואונגען צו זיין איינגעשלאָסן אין יידישקייט-ראַמען. דאָס זענען געווען: ערשטנס — מורא, אַ ייד האָט גאַנץ פּשוט מורא געהאַט פאַר עונש אויף יענער וועלט, אין וועלכער ער האָט אָן מינדסטן צווייפל, געגלויבט; ער איז זיכער געווען, אַז פאַרן מינדסטן אָפּנויג פון אָנגעצייכנטן יידישקייט וועג וועט מען „דאָרטן" אָנטאָן געבערענטע צרות. און מורא — דאַרפט איר וויסן — איז דער גרעסטער און מעכטיקסטער כוח, אויף איינצו־האַלטן מענטשן אין געוויסע ראַמען.

צווייטנס — די גאַרונג, שטרעבונג און בענקשאַפט נאָך אַ חלק עולם הבא, וואָרן קיין עולם הזה האָט דער ייד קיינמאָל נישט געהאַט און נישט געוואָלט האָבן. עס איז נישט אָנגעשטאַנען צו זיין פּונקט ווי עפּעס אַן „איוואַן", ווי אַן „עם הדומה לחמור". ווי קומט עס צו אַ ייד! אַלע יידישע פאַנטאַזיעס און טרוימען זענען בלויז געצילט געווען נאָר אויף „אַהין", צום „דאָרטן", צום „יום שכלו טוב". וואָרן ווי לאַנג דען איז אינגאַנצן דעם מענטשנס לעבן, משטיינס געזאָגט, „כצל עובר, וכענן פורח", „ווי אַ פאַרבייגייענדיקער שאָטן, ווי אַ דורכפליענדיקער וואָלקן". נו, האָט זיך דער ייד געטראַכט, לוינט זיך דען צוליב אַ רגע חומרישן פאַרגעניגן צו פאַרלירן דאָס אייביקע לעבן דאָרטן?

דאָס איז אויך געווען אַ ריזיקער כוח צו צוימען דעם ייד און צובינדן אים צו טראַדיציאָנעלער יידישקייט.

דריטנס — איז ביי יעדן ייד געווען שטאַרק גרויס דער פּחד פון ווערן אַרויסגעשטויסן פון דער סביבה. וואָרן טאָמער האָט זיך געפינען אַפילו אַ ייד וואָס איז שוין געווען אַביסל געכאַפּט אויף דער מעשה, אמונה האָט שוין ביי אים זיך געוואַקלט, האָט אָבער די שרעק פאַר ווערן איזאָלירט פונם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער גאַנצער סביבה, אין וועלכער ער איז טיף אַריינגעוואַקסן געווען פון קינדערווייז אָן, — געהאַלטן אים געבונדן אין דער יידישקייט-ראַם, אַפילו ווען קעגן זיין ווילן.

מיט אַט די דריי שטאָל-רייפן באַפּאַנצערט איז דער ייד געגאַנ־גען, מיט זיכערע טריט, זיין אייגנאַרטיקן יידישן וועג אין זיין גאַנץ־וואָכעדיקן לעבן. און אַזוי איז ער אויך אַריין אין זיין שבת — יום־טובדיקער גאַנצקייט; דער ייד האָט זיך געשראָקן פאַרן מינדסטן חלול-שבת; דער ייד איז נשמהדיק צופרידן געווען, ווען ער קען אָפּ־היטן „שבת כהלכתה". דער ייד האָט געציטערט פאַרן מינדסטן חשש המץ אום פסח. דער ייד האָט מורא געהאַט פאַר אַ פסולה סוכה. דער ייד האָט זיך געהיט נישט נכשל צו ווערן מיט אַ שלעכטער מחשבה אינמיטן די תפילות, אינם יום הדין און אַזוי ווייטער און ווייטער.

ווי גליקלעך און נחתדיק צופרידן איז אַ ייד געווען, ווען עס איז אים געלונגען צו פּאַקן אַן אתרוג אַ „הדר" אָדער מקיים זיין עפּעס אַ זייטיק מצוותלע!

און אַלץ איז געווען מיט דער קלאָרער און באַוואוסטזיניקער אויסרעכענונג פאַר דאָרטן: פאַרן „שכר מצווה" פאַרן „חלק עולם הבא" און מיטן ציטער פאַרן דאָרטיקן „עונש" חלילה.

אָדער בעסער געזאָגט — מענטשן, שוין לאַנג באַפרייטע פון אַט די אַלע גרונט-מאָטיוון, וועלכע האָבן ענג פאַרבונדן יידן מיט יידישקייט, און זיי בענקען נעבעך נאָך יענער שיינקייט, נאָך יענעם „הוד שבתפארת" און זיי ווילן, און נישט נאָר ווילן זיי, נאָר זיי פאָדערן פון אַנדערע יידן, אויך אַזעלכע פרייע ווי זיי, אָן אמונה און און אָן יראת שמים, אָן ציטער פאַר אַן עבירה און אָן האָפענונג אויף שכר מצווה — אַז ווידער זאָל מען אָפּהיטן יידישקייט, אָבער וואָס פאַר אַ יידישקייט, שוין נישט דאָס נאַטירלעכע גאַטספאַרכטיקע יידישקייט, נאָר עפּעס אַזאַ מין ערזאַץ-יידישקייט: „פאָלקס-יידישקייט" רופן זיי עס אָן, אַ יידישקייט וואָס זיי האָבן עס אַליין צוגעשניטן; אַ שבת וואָס באַרעכטיקט חלול שבת, וואָרן פאַרוואָס דען נישט, אָן מורא פאַרן הימל — פאַרוואָס זיך אומזיסט פייניקן? אַ פסח — וואָס באַרעכטיקט חמץ. אַ יום טוב וואָס באַרעכטיקט חלול יום טוב; ווידער — פאַרוואָס דען נישט! צו וואָס זיך אָנטאָן קייטן ווען קיינער צווינגט נישט! קומען קומט דערפון אַרויס עפּעס אַזאַ מין יידישקייט-באַשעפּע־ניש, וואָס האָט יאָ אַ פּנים און נישט קיין פּנים. עפּעס יאָ ענלעך און נישט ענלעך, און דאָך „יידישקייט", צוליב וואָס? — אַ מיטל צוליב אַ ציל, כדי אויפצוהאַלטן. וואָס אויפהאַלטן? עפּעס אַזוינס וואָס איז יאָ דאָ און ס'איז נישטאָ; וואָס מ'וויל יאָ און מ'וויל נישט; מ'דאַרף עס יאָ

און מ׳דאַרף עס נישט, און מ׳רייסט די גלייכע ווענט אויף נאָכמאַכעכץ, וואָס איז אין דער אמתן אומגעגלעך, ווייל די הויפּט־יסודות פעלן, ווען דער „עיקר חסר מן הספר״. ווען קיין אמונה איז נישטאָ, ווען די נאַטירלעכע יראת שמים איז אויסגעוועפּט, צו וואָס זשע די אַטלעסענע זשופּיציע אויף אַ טויטן גוף? עס זעט אויס ווי אַן אויסגע־פּוצטע ליאַלקע, וואָס ביים ערשטן שטופּ פאַלט זי אוים! און אַזאַ פּנים און אַזאַ דויערהאפטיקייט קען טאַקע האָבן די גאַנצע אַזוי געקרופענע „מאָדערנע יידישקייט״, אָדער ווי ד״ר חיים זשיטלאָווסקי רופט עס אָן: „די נאַציאָנאַל־פּאָעטישע ווידערגעבורט פון דער יידישער רע־ליגיע״. און ווי אַנדערע רופן עס אָן מיט אַנדערע נעמען.

אָט די דאָזיקע אויסגעליידיקטע „יידישקייט״, נאָר דעם בגד אָנגעשטאָפּט מיט שמאַטעס, דערמאָנט אין אַ גאַנגבאַרן יידישן פאָלקס־וויץ:

אַ מלמד וואָס האָט געקנעלט אַ גאַנץ יאָר, אין אַ גרויסער שטאָט, אין אַ גביריש הויז, איז אויף פּורים געקומען אַהיים, אין קליינעם שטעטל, צו זיין ווייב און קינדער.

צווישן די אַלע ניסים ונפלאות וואָס דער מלמד האָט זיך אָנדער־ציילט פון דער גרויסער שטאָט, האָט ער אויך דערציילט, ווי דאָרטן, ביי זיי, ביי די גבירים, מאַכט מען אַזאַ מין מאכל, וואָס הייסט „טיי־געכץ״. עס האָט כל מיני טעמים, עס צעגייט אין גומען און אין אַלע אברים.

— אוי, מיין ווייב, מיין ווייב, — באַלעקט זיך דער מלמד פון הנאה, בלויז ביי דערמאָנונג — אַך, ווען דו זאָלסט קענען מאַכן אַזעלכעס, וואָלט דאָס געווען גוט, איי וואָלטן מיר געהאַט אַ פריי־לעכן פּורים!

— וואָס פאַר אַ פראַגע, צי איך קען דאָס מאַכן — באַרימט זיך די מלמדכע — נאָך ביי מיין מאַמען, עליה השלום, פלעגט מען דאָס מאַכן, אויף יעדן יום טוב. אָבער, דו ווייסט מיין מאַן, צו אַ טייגעכץ דאַרף מען דאָך האָבן אייער און אייער איז דאָך היינט מיט גאָלד צוגלייך.

— גיי שוין גיי — צעשמייכלט זיך אַזוי כיטרע דער מלמד — מיינסט טאַקע אַז מען מוז אַזוי נאָכמאַכן אַקוראַט, אַ גוטע באַלע־באָסטע קען עס מאַכן אָן אייער אויך!

— אָבער מ׳דאַרף דאָך האָבן צו דעם צוקער.

— צו וואָס צוקער! כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת, כ׳האָב גאָרנישט אַזוי ליב קיין צוקער. אַפילו טיי טרינק איך גערענער אָן צוקער.

— אָבער מ׳דאַרף דאָך האָבן צו דעם בוימל.

— צו וואָס בוימל! נאָ דיר גאָר אַ נייעם אויסגעטראַכטס! אין דער גרויסער שטאָט ניצט מען בכלל היינט שוין נישט קיין בוימל. מ׳שמור־עסט אַפילו, אַז אין די גרעסטע זיס־בעקערייען ווייסט מען שוין לאַנג נישט וואָס בוימל איז אַזעלכעס.

— איז כאָטש ראַזשענקעס מיט צימרינג.

— איי מיין ווייב, זאָלסטו מיר געזונט זיין, דו קלערסט עפּעס אויס אַזעלכע אַכן, דו דענקסט אַוואַדע אַ איך מיין אַ שבתדיקן קוגל. ניין, נישט דאָס מיין איך, אַ טייגעכץ מיין איך. און ווער טוט עס אַריין אין אַ טייגעכץ ראַזשענקעס מיט צימרינג?

בקיצור הדבר, די מלמדכע האָט דאָך אָבער געוואָלט צוליב טאָן איר מאַן, וועלכער איז געווען אַ גאַסט, נאָך אַ יאָר נישט זיין אין דער היים, האָט זי פאַרקנעטן מעל מיט וואַסער און געמאַכט... „אַ טייגעכץ", רחמנא ליצלן.

דער מלמד נעמט עס צום מויל, ווערט אים אַזוי זויער און הלשותדיק, ער פאַרקרומט זיך און מאַכט משנוהדיקע גרימאַסן. און צום סוף רופט ער זיך אָן צום ווייב:

— ווייסטו וואָס כ׳וועל דיר זאָגן, פייגע רחל, די שוואַרץ יאָר ווייסט זיי די גבירים מיט זייערע מאכלים. די גוטע יאָר זאָלן מיר האָבן, וואָס דיינס אַ פשוט ביסל פערפל מיט בעבלעך איז טויזנט מאָל געשמאַקער!

# ביי דער שוועל פון גאולה

אזוי האָט מען אונדז געלערנט פון קינדווייז אָן און מיט אַזאַ האָפענונג האָבן דורות און דורות לאַנג, נאָך פאַר אונדז, געלעבט: „בניסן נגאלו ובניסן עתידון להגאל" — אין חודש ניסן זיינען די יידן אויסגעלייזט געוואָרן פון מצרים און אין חודש ניסן וועט אויך ענדלעך די לעצטע און ענדגילטיקע גאולה קומען.

איז אַז עס קומט דער פרילינג-חודש ניסן וועקט זיך אין אונדז גאולה-טרוימען, גאולה-שטרעבונגען און גאולה-האָפענונגען.

זעצן זיך אַוועק יידישע פאַמיליעס, געמיטלעך ובהרחבה. פסח ביינאַכט צום סדר, הייבט מען אָן דעם סדר-צערעמאָניאַל מיט: „השתא הכא, לשנה הבאה בארעא דישראל; השתא עבדי, לשנה הבאה בני חורין". — „היי־יאָר זיינען מיר נאָך אָט-דאָ, איבעראַיאָר וועלן מיר שוין זיין אין אונדזער ארץ ישראל; היי יאָר זיינען מיר נאָך פאַרשקלאַפט, איבעראַיאָר וועלן מיר שוין זיין פרייע מענטשן". און עס ענדיקט זיך דער סדר מיט: „לשנה הבאה בירושלים".

זעען מיר, אַז דער וואונטש פון יידישן מענטש אין גלות איז אַ טאָפּעלטער: איינמאָל וויל ער, אַז איבעראַיאָר זאָל ער שוין זיין אַ בירגער אין זיין אייגן לאַנד, ד"ה אַז יידן זאָלן שוין זיין אַ פריי זעל־בסשטענדיק פאָלק, צוגלייך מיט אַנדערע פעלקער. אָבער דאָס אַליין, ווייזט אויס, איז נאָך פאַרן יידישן מענטש נישט גענוג, ער האָט נאָך אַ פאַרלאַנג און שטרעבונג, אַז איבעראַיאָר זאָלן מיר אויך זיין פרייע מענטשן.

אין די הונדערטער יאָרן פון יידישער וואַנדערונג און שווערע נסיונות האָט דער ייד, אַפּנים, זייער אַסך געלערנט ביי דער וועלט

און ער האָט זיך אויסגעלערנט צו פאַרשטיין, אַז אמתע באַפרייאונג, טאַקע אַ גאולה שלימה, קומט נאָך נישט, צו קיין פאָלק, בלויז מיט באַקומען אַן אייגן לאַנד פאַר זיך. זעלבסטשטענדיקייט פון פאָלק אין זיין לאַנד הייסט נאָך נישט די פרייהייט פונם מענטשן. די יידישע שטרעבונג אָבער איז די גאולה שלימה. דער ייד אין זיין לעכצונג נאָך באַפרייאונג וויל נישט דורכגיין די אַלע שווידערלעכע איבלען, אין וועלכע עס לעבן און טאַפּטשען זיך אַנדערע „פרייע פעלקער" פון דער וועלט. עס פּייניקט דעם יידישן מענטש די מורא פאַר ווערן זעלבסט־שטענדיק און נישט פריי.

מיר זיינען, אין אונדזער באַוואוסטזיין, אָדער אפשר גאָר — אין אונדזער הינטערבאַוואוסטזיין, דערגאַנגען צו דער טיפער איבערציי־גונג, אַז פּריוואַט־קאַפּיטאַל, אין אַלע זיינע פאָרמען, געשטאַלטן און פאַרמעסטונגען, איז דער מקור פון אַלע צרות, אומגליקן און פורע־ניותן וואָס קומען אויף דער וועלט. אין הונדערטער יידישע ספרים, פון די נביאים אָן ביז היינט, וואו נאָר עס ווערט אַרויסגעבראַכט דער עכט־יידישער געדאַנקען־גאַנג, קומט אַרויס דער יידישער ווידער־ווילן צו פּריוואַט־אייגנטום, דורך וועלכן עס קומט צו פאַרשקלאַפונג פון מענטש צו מענטש. יוסף פלאַוויוס שרייבט וועגן די איסיים: „זיי פאַראַכטן דאָס לעבן אין רייכקייט און וואונדערבאַר איז דאָס געמיינ־שאַפטלעכקייט פון אייגנטום צווישן זיי. אַזוי, אַז צווישן זיי איז נישטאָ קיינער וואָס זאָל האָבן פּריוואַט־אייגנטום. עס איז ביי זיי אַ געזעץ, אַז ווער עס שליסט זיך אָן אין זייער געזעלשאַפט. גיט אַוועק זיין פאַר־מעגן פאַר דער געזעלשאַפט. איז צווישן זיי נישטאָ נישט די שאַנד פון אָרעמקייט און נישט דער שטאָלץ פון רייכקייט". ר' סעדיה גאון זאָגט וועגן פּריוואַט־קאַפּיטאַל אַזוי: „אַלע אומגליקן קומען צוליבן ענין פון געלט. אַלע קעניגן ווערן געקרוינט נאָר צוליב געלט. מ'זאַמלט איין דאָס מיליטער נאָר צוליב דעם צוועק. די גאַנצע הערשאַפט, קנאה, שנאה און מלחמה, ווי עס טוען די וועלף און לעמפּערטן, און דער פּיין און דער געשריי פון די אלמנות און יתומים און אַלע אַנדערע באַרויב־טע איז אַלץ צוליב געלט". דער באַרימטער גאון אין דייטשלאַנד פון פאַריקן יאָרהונדערט, דער חתם סופר, שרייבט אַזוי: „ווער איז דער פאַקטישער האַר איבער דער וועלט? — דאָס איז דער זייער, דער אַקערער, דער וואָס שניידט און בראָנעוועט, דער וואָס פלאַנצט און דער וואָס מאַכט די פלאַנצן צו וואַקסן, דער וואָס שערט די וואָל, דער וועבער און דער שפּינער — ער איז דער עיקר פון דער געזעלשאַפט.

באַשטייט אָבער די געזעלשאַפט פון עקספּלואַטירער און רויבער, זיי זיינען די האַרען וואָס פירן אָן מיטן שטאַט, די וואָס וואַרפן אָן אַ מורא אויף די מענטשן און אַלע קניען פאַר זיי. זיי מוזן אויפשטעלן גאַנצע לעגיאָנען פון מיליטער, מיט עלטסטע און עלטסטע איבער עלטסטע, וואָס פאָכען כסדר מיט דער שווערד און זיי ווייסן נאָר צו צעשטערן און חרוב מאַכן אַנדערע לענדער און טויטן די אומשולדיקע איינוואוי־נער פון פרעמדן לאַנד". אַזעלכע געדאַנקען איז צו טרעפן אין אַ סך יידישע ספרים פון אַלע צייטן.

אָט דאָס איז דער עכט־יידישער געדאַנקען־גאַנג אין באַצוג צו פּריוואַט קאַפּיטאַל און צו די פאָלגן פון זיינע פאַרמעסטונגען. דער נאַטירלעכער פּועל יוצא פון פּריוואַט־קאַפּיטאַליזם מוז זיין פאַרשקלאַ־פונג פון מענטש צו מענטש אין אייגענעם פאָלק, און אין זיין ווייטער־דיקער אויסשפּרייטונג אין ברייטערן פאַרנעם (וואָס ווייסט קיינמאָל נישט פון קיין גרענעץ און אָפּהאַלט) קומט: ווי אַ נאַטירלעכקייט, די פאַרשקלאַפונג פון קלענערע פעלקער צו די גרעסערע רייכערע פעלקער.

דאָ ליגט דער מקור פון אַלע בלוטיקע מלחמות און דאָ ליגט די גרונט־סיבה פון מענטש־חיהשער בלוט־דורשטיקייט בכלל.

זעען מיר אַלזאָ, אַז אפילו אַ פאָלק וואָס איז שוין דאַכט זיך לגמרי פריי און זעלבסטשטענדיק אין זיין אייגענעם לאַנד איז דאָך נאָך ווייט ווייט נישט פריי פון פאַרשקלאַפונג, אַזוי לאַנג ווי דער אַרבעטער־קלאַס שקלאַפט און שמאַכט אונטערן שווערן יאָך פון דעם פּראָפיטן־דורשטביים פּריוואַט־קאַפּיטאַל.

דאָס גלייכן — קליינע און שוואַכע פעלקער, וואָס זיינען דאַכט זיך מכלומרשט פריי און זעלבסטשטענדיק אין זייערע אייגענע לענ־דער, אייגענע זעלבסטשטענדיקע רעגירונגען, זיינען אין דער אמתן פעלקער פאַרשקלאַפטע אונטערן יאָך פון די טיראַנישע פּראָפיטן־אינטערעסן פון די גרויסע פּריוואַט־קאַפּיטאַלן אין די גרויסע לענדער, געשיצט דורך קאָלאָסאַלע אַרמייען מיט ריזיקע קריגס־אויסשטאַ־טונגען.

מיר יידן, אין כלל גענומען, ווען מען די ביטערע, פיינלעכע און פייערדיקע נסיונות האָבן געמאַכט אַזוי סענסיטיוו און עמפּינדלעך, ווייסן און פילן וואָס עס מיינט באמת אַ גאולה שלימה, אָפּצוטיילן פון

יענער מְכלומרשטער „גאולה" און שקלאַפעריי, כאָטש אין אייגענעם לאַנד.

דעריבער זיינען אונדזערע שטרעבונגען און האָפענונגען פּאַקטיש טאָפּלטע, וואָס זיינען אָבער אין תוך איינס. ווייל איינס אָן אַנדערן איז קיין גאולה נישט און קיין באַפרייאונג נישט. און צו אַזאַ גאולה שלימה דאַרף און מוז יעדעם נאָרמאַל פאָלק שטרעבן:

„לשנה הבאה בארעא דישראל" און „לשנה הבאה בני חורין". איבעראַיאָר זאָלן מיר זיין אין אייגענעם לאַנד און איבעראַיאָר, טאַקע אין אייגענעם לאַנד, זאָלן מיר זיין פרייע מענטשן, באַפרייט פון דעם שווידערלעכן איבל און מקור פון אַלע וועלטסאומגליקן — פון פּריוואַט־קאַפּיטאַל.

ביי היי־יאָריקע סדרים, ווען מיר שטייען שוין ווירקלעך ביי דער שוועל פון גאולה, ווען אונדזער דורותדיקע האָפענונג הייבט אָן אַריבערצוגיין פון טרוים צו ווירקלעכקייט, דאַרפן מיר שאַרפער באַטאָנען און מיט מער כוונה אויסדריקן אונדזערע פאַרלאַנגען און וואונטשן פאַר אונדזערע צוויי דערלייזונגען: „בארעא דישראל" און „בני חורין".

אָבער . . .

מיר מוזן גוט זיך נעמען אין זינען — סיי ווען מיר זיצן ביים רחבותדיקן סדר־טיש און סיי ווען מיר טראָגן די וואָכעדיקע בגדים — אַז בלויז דורך גוטע וואונטשן איז נאָך קיינער נישט געהאָלפן געוואָרן, נישט קיין יחיד און נישט קיין פאָלק.

איר ווילט אַ באַוויז — ס'טייטש איר זעט דאָך!

איז פּונקט ווי די פּולשטעניקע דעראָבערונג פון „ארעא דישראל" אויב זי וועט דערגרייכט ווערן (און זי וועט זיכער דערגרייכט ווערן בקרוב) וועט עס נאָר זיין אַ דאַנק דער לאַנג־יאָריקער, האַרטער און ביטערער אָנשטרענגונג פון אונדזערע נייע כובשי כנען, דורכגייענדיק דעם לאַנגן און שווערן וועג, דורך שוויים, בלוט, פייער און קרבנות. אַזוי מוזן די זעלביקע מאַסמיטלען אָנגעווענדעט ווערן אויך פאַר דער צווייטער העלפט פון דער גאולה, פאַר ווערן „בני חורין"... נאָר דאַמאָלסט וועט אונדזער גאולה זיין אַ גאולה שלימה, בקרוב במהרה בימינו, אמן.

# דער פרעמדער עלעמענט

יעדעס פאָלק האָט זיך זיינע סענטימענטן און זיינע אייגנאַרטיקע מענטאַליטעטן, וואָס זענען איינגעוואָרצלט פון דור־דורות און וואָס ווערן איבערגעגעבן פון עלטערן צו קינדער צוזאַמען מיט דער מו־טערס מילך. דעם פרעמדן, וואָס רייסט זיך אַריין אין די רייען פון פאָלק, איז זייער שווער תופס צו זיין געוויסע פירונגען פון דעם פאָלק, זיי זענען פאַר אים אוים אומפאַרשטענדלעך און משונהדיק, כאָטש ביי די געבוירענע קינדער פון דעם פאָלק זענען זיי נאַטירלעך און זעלבסטפאַרשטענדלעך אַזוי, אַז אַנדערש קען עס גאָרנישט זיין. אויך קוקן די קינדער פון פאָלק אויף דעם פרעמדן, אַריינגעקומענעם, ווי אויף אַ צוגעקלעפטן, איבעריקן, אומגעוואונטשענעם עלעמענט, כאָטש דער פרעמדער באַמיט זיך מיט אַלע מעגלעכקייטן אַריינצופאַסן זיך און אַריינלעבן זיך אין די אייגנאַרטיקייטן פון דעם פאָלק מיט וועלכן ער וויל זיך באַהעפטן.

אויב דאָס איז אַזוי ביי אַלע פעלקער איז דאָס אוודאי און אוודאי ביי אונדזער יידישן פאָלק. אונדזער גאַנצע עקזיסטענץ און אונדזער עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג איז געבויט אויף אַ באַזונדערן צוגאַנג צו לעבנס פראָבלעמען און אויף גאָר אַן אַנדערער אויפפאַסונג וועגן תוך פון עקזיסטענץ, און וועגן מאָראַל און עטיק וואָס דעם פרעמדן איז עס אוממעגלעך תופס צו זיין און קאָלאָסאַל שווער צו צופאַסן זיך און אַריינלעבן זיך אין דעם.

מיט גוטער און לאַגישער אויסרעכענונג האָבן אונדזערע חכמים געזאָגט: „פרעמדע זענען שווער פאַר יידן פונקט ווי אַ הויט־קראַנק־הייט" (קשים גרים לישראל כספחת), שווער פאַרביידע, סיי פאַר

די פרעמדע סיי פאַר די יידן; קענען זיך נישט קעגנזייטיק פאַרשטיין און נישט צוזאַמען מיטלעבן, ווייל די פרעמדע וועלן זיך קיינמאָל נישט פילן איינגעגלידערט אין יידישן גייסט און אין דער יידישער טראַדיציע וואָס איז אַ מורשת אבות. דעריבער איז מיט חכמה געזאָגט געוואָרן: „פאַר אַ פרעמדן איז די אויגן, אַפילו ביזן צענטן דור, זאָל מען נישט באַליידיקן זיין אָפשטאַם־ פאָלק״ (גיורא עד עשרה דרי לא תבזי ארמאה באפיה), ווייל עס טליעט נאָך אַלץ אין זיין נשמה אַ נאָענטקייט־סענטימענט צו זיין אָפשטאַם־פאָלק. און אַ פרעמדער בלייבט אַ פרעמדער.

— איז ווער הייסט אַ פרעמדער?

— האָט די לעבנס פראַקטיק געוויזן, אַז נישט נאָר בלייבט אַ פרעמדער, אין די יידישע רייען, אַ קינד פון אַ פרעמד פאָלק, נאָר אַפילו אויך אַזעלכער וואָס איז אַן אָפשטאַמיקער פון יידן אָבער זיין גאַנצע דערציאונג און זיין אויסלעבן זיך, פון קינדהייט אָן, איז געווען אין די רייען פון אַ פרעמדן פאָלק און דאָרטן האָט ער איינגעזאַפּט אין זיך די אַלע טראַדיציעס, אייגנאַרטיקייטן, סענטימענטן, געוואוינהייטן און מענטאַליטעטן פון יענעם פאָלק; נאָר געוויסע אויסערלעכע סיבות האָבן אים געטריבן, שוין אין די שפּעטערע יאָרן, צוריק צוקומען צו זיין יידישן אָפשטאַם, דאָרטן זיך באַזעצן און דאָרטן בויען זיין נייע היים. קיינמאָל וועט אָט דער פרעמדער־צוריקגעקומענער פסיכיש און גייסטיק נישט קענען הויזן צוזאַמען מיט די גרונט־סענטימענטן וואָס זענען די וויכטיקסטע באַשטאַנדטיילן פון דער יידישער עקזיסטענץ. שטענדיק וועט אָט דער פרעמדער־צוריקגעקומענער ווענדן זיינע בליקן צו די אייגנאַרטיקייטן, באַנעמונגען און אויפפאַסונגען פון יענעם פאָלק, אין וועלכן ער איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן פון זיין קינדהייט אָן. אין אַלע זיינע טאַטן און אַקטיוויטעטן, אַפילו ווען ער פירט זיי אָן לטובת דעם יידישן פאָלק, וועט אָט דער פרעמדער־צוריקגעקומענער נישט נעמען אין אַכט דעם ספּעציפיש־יידישן באַגריף וועגן יושר און צדק און נישט דעם יידיש־טראַדיציאָנעלן צוגאַנג צו אייגענע לעבנס פּראָבלעמען, נייערט — ער וועט שטענדיק נעמען פאַר אַ מאָסשטאָב דעם גוישקן באַנעם מיט וועלכן ער האָט זיך איינגעלעבט אַלע זיינע יאָרן און מיט וועלכן ער איז צונויפגעוואַקסן געוואָרן פון זיין קינדהייט אָן.

דעריבער באַגעגענען מיר, גאַנץ אָפֿט, העפטיקע צוזאַמענ־שטויסן, ביי עכט־יידישע אַקטיוויטעטן, צווישן אָט די צוויי עלע־מענטן, צווישן דעם עלעמענט וואָס איז דערצויגן געוואָרן, דירעקט אָדער אומדירעקט, על סף בית המדרש, מיטן דורותדיקן אידעאַל וועגן פאָלק, לאַנד און גאולה; אַן עלעמענט וואָס זיין נשמה איז דורכ־גענומען מיטן יידישן צער, מיט יידישע טרערן, מיט יידישן קידוש השם, מיט יידישער האָפֿענונג און מיט יידישער גאולה־שטרעבונג, און צווישן דעם גר־עלעמענט, ביי וועמען די אַלע עכט־יידישע ירושה־סענטימענטן זעען אויס ווי פֿאַנאַטיזם, אָפּגעשטאַנענקייט, ווילדע שטיק, משוגענע קאַפּריזן און אַווי ווייטער, ווייל זיי פּאַסן זיך נישט אַריין אין דעם גויישקן באַגריף פֿונם צוריקגעקומענעם גר, וועלכער זעט נאָך אַלצדינג מיט די אויגן און מיט דעם דענק־אַפּאַראַט פֿון זיי, פֿון יענע מיט וועמען ער איז איינגעלעבט געוועזן.

פֿאַרדראָסיק איז וואָס מיר באַמערקן, אַז גראַד די גויישקע איינ־שטעלונג פֿון דעם גר, וועלכער האָט מיטגעבראַכט זיין אידעאָלאָגיע פֿון דער פרעמד, קריגט אָפֿט אַ גרויסע אָנהענגערשאַפֿט צווישן היי־מישע עכט־יידישע יידן. ס׳קען זיין אַז טאַקע דערפֿאַר ווייל פרעמד, ניי, עקזאָטיש און אויסטערליש פֿאַרן יידישן גייסט און יידישן דענקען, גראַד דערפֿאַר רייצט עס און שאַפֿט אַ גרויסע אָנהענגערשאַפֿט צווישן יידן.

אויך אין דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע, וואָס האָט אייגנטלעך געזאָלט זיין דער העכסטער און רעאַלסטער אויסדרוק פֿון דער לאַנג־יאָריקער יידישער גאולה־שטרעבונג, אויך דאָ האָבן זיך צונויפֿגע־טראָגן, פֿון אָנהייב אָן, אָט די צוויי קעגנגעזעצטע עלעמענטן: דער היימישער מיט דעם פרעמדן, וועלכע קענען באַין אופן נישט לעבן בשלום קעגנזייטיק, ווייל זייערע באַזונדערע מענטאַליטעטן קענען נישט דערלאָזן קיינמאָל צו אַ פֿאַרשטענדעניש, אַפילו דאָרט וואו עס קומט אויס צו פירן געמיינזאַמע טעטיקייטן לטובת איין ציל (ווי עס קען זיך איבערפלעכלעך אויסדאַכטן).

אַפילו שוין היינט, נאָכן אַנטשטיין פֿון מדינת ישראל, וואו מיר קענען שוין פילן די אתחלתא דגאולה, אויך היינט (אפשר גראַד מער היינט) גייען נאָך אַלץ אָן די צוויסטיקייטן פֿון אָט די צוויי אויבנ־געבראַכטע עלעמענטן, ווייל עס הערשט און עס וועט תמיד הערשן אַ קעגנזייטיקע אומפֿאַרשטענדלעכקייט צווישן זיי. בפרט נאָך —

ווען צוזאַמען מיט די גרונט-אונטערשיידן פון פריער צווישן די צוויי עלעמענטן איז נאָך צוגעקומען אויך אַ רעאַלער סענטימענט פון קעשענע-אינטערעסן, וועלכע פאַרשטאַרקן נאָך מער דעם ריס צווישן אָט די צוויי פיינטלעכע עלעמענטן.

ווען אונדזער געוועזענער פּרעמיער, דוד בן-גוריון, האָט גערעדט, אין זיין באַגריסונגס וואָרט ביי דער קאָנפערענץ פון די אַלגעמיינע ציוניסטן אין ישראל, וועגן אונדזער דורותדיקער משיחישער וויזיע, וואָס מיר האָבן איבערגענומען בירושה און וואָס אויף אונדז יורשים ליגט אַ חוב צו רעאַליזירן, זענען זיינע ווערטער אויפגענומען געוואָרן פון די פאַרזאַמלטע מיט איראָנישע שמייכלען. זיי האָבן נישט געקענט באַגרייפן, אַז בן-גוריונס ווערטער זענען געקומען פון טיפן גלויבן אין דער מורשת אבות, פון דער טראַדיציאָנעלער יידישער אמונה און פון אַלט יידישן באַגריף וועגן יושר און צדק. האָבן „זיי" דעריבער אויסגעטייטשט בן-גוריונס ווערטער ווי עפּעס אַ פּאָליטישן טריק צו פאַרשטעלן רעאַליטעטן; אויף דער דאָזיקער אַרענע איז בולט אַרויסגעוויזן געוואָרן דער טיפער אָפּגרונט וואָס ליגט צווישן אָט די צוויי עלעמענטן, דעם עכט-יידישן עלעמענט און דעם אַדאַפּטירטן פרעמדן, גוישקן עלעמענט.

# ספר און בוך

קען מען דאָך מיינען, אַז די דאָזיקע צוויי טערמינען „ספר" און „בוך" באַצייכענען שטענדיק איין און די זעלביקע זאַך, נאָר אויף צוויי שפּראַכן: אויף עברית און אויף יידיש. וועט אַזאַ מיינונג זיין אַ גרונטיק־טעותדיקע.

אין דעם לאַנג־דורותדיקן באַגריף פון פאָלק האָבן זיך איינגע־וואָרצלט צוויי אַבסאָלוט — באַזונדערע אויפפאַסונגען וועגן אָט די צוויי טערמינען און אויך גאַנץ באַזונדערע באַציאונגען צו אָט די צוויי, פּונקט ווי זיי וואָלטן געווען לגמרי צוויי אומגלייכע קעגנשטאַנדן.

אַ ספר איז געווען פאַרהייליקט; אַ ספר האָט מען געעפנט מיט אַ קוש און פאַרמאַכט מיט קוש; איז אַ ספר אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד האָט מען אים אויפגעהויבן מיט פאַרכטיקייט, מיט צערטלעכ־קייט, מיט ליבשאַפט און מיט אַ קוש; מיט ניט געוואַשענע הענט האָט מען נישט געוואַגט אַ ספר אָנצורירן. צעריסענע בלעטלעך פון אַ ספר האָט מען ניט געלאָזט, חלילה, זיך וואַלגערן אויף דער ערד, מ'פלעגט זיי אָוועקטראָגן אין בית־המדרש, וואו מ'האָט געזאַמלט אין אַ באַזונדערן באַהאַלטענעם פלאַץ אָט די אַלע צעפאַלענע בלעטלעך (שיימעס) און דערנאָך פלעגט מען זיי מיט פאַראַד מקבר זיין אויפן בית־עולם.

וואָס האָט אייגנטלעך אין פאָלקס באַגריף געמיינט אַ ספר?

אַ ספר האָט באַדייט אַ פאַרזעצונג פון דער תורה הקדושה. אָדער ער פאַרטייטשט די ווערטער פון דער תורה; אָדער ער ברענגט אַרויס אַ נייעם אויפטו, וואָס דער מחבר האָט עס אַרויסגעדרונגען

פון דער תורה; אָדער ער גיט אָפּטייטשונגען צו די פריערדיקע פּאַרטייטשער פון דער תורה; אָדער ער באַהאַנדלט געוויסע אַנט־וויקלונגען פון יידישע דינים וואָס זייער מקור איז פאַראַן אין דער תורה; אָדער אויפקלערונגען וועגן דער יידישער געזעץ־געבונג מיט דער גאַנצער שפּעטערדיקער אויסטייטשונג; אָדער — סתם אַזוי שמועסן און אָנווייזונגען וועגן עכטער טראַדיציאָנעל־מסורהדיקער יידישקייט, לויט דער לערע פון אונדזערע חכמים און נאָך אַזוי ווייטער.

אָט צו די ספרים האָט מען זיך באַצויגן מיט דער זעלביקער קדושה פונקט ווי צו דער תורה הקדושה און מען האָט זיי געלערנט מיט דער גרעסטער ערנסטקייט און מען האָט זיך פאַרטיפט אין זיי, כדי זיי גוט צו פאַרשטיין, כדי זיך אָנצוזאַפּן מיט זיי און פון זיי זיך אויסלערנען ווי אַזוי אַ ייד צו זיין, מיט דער אַנדערשקייט פון אַלע אומות העולם און מיט דער ספּעציפישער, באַזונדערער, יידישער אייגנאַרטיקייט.

און ווי איז אויפגעפאַסט געוואָרן דער באַגריף „בוך״?

קודם האָט דער טערמין „בוך״, ווי באַצייכענען אַ שרייבעריש ווערק, אינגאַנצן ניט עקזיסטירט. אַ בוך האָט געמיינט אַ רעכן־בוך, וואו מען פאַרשרייבט חשבונות. עס איז יאָ געווען אַ טערמין „ביכל״, אַ מעשה־ביכל. אין נאָמען אַליין, מעשה־ביכל, איז שוין געלעגן אַ מין ביטול־באַציאונג. „עפּעס אַן אויסגעטראַכטע פּוסטע מעשה פאַר דינסט־מיידלעך״, מיט וועלכן אַ לייטישער מענטש וועט זיך ניט פאַרנעמען און נישט פּטרן אויף דעם זיין צייט.

ערשט שפּעטער האָבן צוויי דערשינענע מעשה־ביכלעך טיילווייז געענדערט דעם באַגריף און די באַציאונג צו וואָכעדיק־שרייבערישע ווערק. דאָס בוך איז העברעיש „אהבת ציון״ פון אברהם מאפּו און „די קליאַטשע״ אין יידיש פון מענדעלע מוכר ספרים האָבן ביסלעכ־ווייז אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אין דעם געדאַנק פון דער לומדישער וועלט, אַז עס זענען פאַראַן אויך אַזעלכע מעשה־ביכלעך וואָס זענען ווערט מען זאָל אויף זיי אָפּגעבן צייט צום לייענען; זיי דערגרייכן טאָקע ניט, להבדיל אלף הבדלות, צו דער מדרגה פון ספר, אָבער אויך די דאָזיקע ביכלעך קען מען ניט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט.

„אהבת ציון" האָט צו דעם זוכה געווען צוליב זיין שיינער תנ"כישער שפּראַך און זיין שילדערן יענע עפּאָכע נאָך וועלכער יידן אין גלות האָבן תמיד אַזוי געבענקט און פאַנטאַזירט.

און „די קליאַטשע" ווידער האָט זוכה געווען צו אָנערקענונג צוליב דעם וואָס עס האָט ניט באַדייט עפּעס סתם אַ מעשה, נאָר עס איז אַן אַלעגאָריע אויף די כנסת ישראל אין ביטערן גלות נעבעך, וואָס יידן האָבן שטענדיק באַקרעכצט און באַוויינט און געשטרעבט פון איר צו ווערן אויסגעלייזט.

אבי נאָר דער אָנהייב איז געמאַכט געוואָרן, דאָס אייז האָט זיך גערירט, איז שוין דער גאַנג צו דער נייער צייט און צום וועלט־לעכן בוך געוואָרן אַ לייכטערער.

דאָך ניט אַזוי גיך און ניט אַזוי גרינג איז עס אָנגעקומען דעם בית־המדרש־יונגערמאַן, דעם ספר־מענטש, צו פועלן ביי זיך אַוועק־צוגעבן צייט אויף בעלעטריסטישער ליטעראַטור, אויף סתם־מעשיות, וואָס מען קען פון זיי גאָרניט אַרויסדרינגען און אַרויסלערנען, גאָר־ניט אַריינטייטשן און אָפּפרעגן, ווי ער איז עס געוואוינט געווען שטענדיק צו באַטראַכטן זיין ספר.

אויב שוין אַפילו יאָ, אַז מ'דאַרף מיטגיין מיט דעם נייעם שטראָם — איז געווען אין באַגריף פון דעם ספר־מענטש — און מ'דאַרף זיך באַקענען מיט דער וועלט אויסער די דלד אמות פון בית־המדרש און מ'דאַרף לייענען פסול־ביכער, זאָל כאָטש זיין אַזעלכע ביכער וואָס מ'קען פון זיי עפּעס לערנען, ווי נפתלי הערץ וויזלס ביכער, חיים זעליג סלאָנימסקים ביכער, קלמן שולמאַנס ביכער, משה לייב לילענבלומס ביכער, שמעון בערנפעלדס ביכער, יוסף קלויזנערס ביכער און אַנדערע אַזעלכע ביכער וואָס מ'קען זיך אין זיי פאַרטיפן און פון זיי עפּעס דערגיין.

אָבער אַזוי צופעליק, אַזוי שטילענקערהייט, אַזוי ניט באַמערקט, האָט זיך צווישן אַלע חכמה־ביכער אויך אַריינגערוקט ראובן אשר ברוידעס מיט זיינע ראָמאַנען „הדת והחיים", „שתי הקצוות". דער ספר־יונגערמאַן האָט פון אָנהייב בלויז געכאַפּט אַן אויבערפלעך־לעכן קוק אין זיי, אָבער זיי האָבן אים שוין נישט אָפּגעלאָזט. און ער האָט דערזען, אַז אויך אַן איינפאַכער סיפור המעשה, אַ ראָמאַן — ווי עס רופט זיך — קען אויך עפענען די אויגן, אויפקלערן און

אַנטדעקן נייע באַגריפן, וואָס עס איז כדאי זיך צו פאַרטראַכטן וועגן זיי.

אַזוי האָט זיך שוין ביסלעכווייז גענומען עפענען דער גלייכער וועג צו אַנדערע ענלעכע בעלעטריסטישע ביכער, דערציילונגען און ראָמאַנען, וואָס האָבן פאַרכאַפּט, אויב שוין נישט מיט זייערע חקירה־פאַרמעסטונגען איז וויניקסטנס מיט זייערע באַשרייבונגען פון נייע האָריזאָנטן, מיט זייערע שיינע שילדערונגען פון סיטואַציעס, פון מענטשן, פון געשעענישן און פון אַזעלכע לעבנס פּאַסירונגען וואָס זענען אים פריער אינגאַנצן פרעמד געווען. אַזוי אַרום האָט דער יונגערמאַנס באַגריף וועגן שיינקייט, ברייטער זיך אַנטוויקלט. זיין לעבנס באַנעם האָט שוין דאַן אָנגענומען גאַנץ נייע פאָרמען און זיינע האָריזאָנטן האָבן זיך אויסגעשפּרייט ווייט אַריבער פון זיין ענגער, איינגעשרומפּטער סביבה.

ערשט דאַמאָלסט איז פון אָפּגעהוזקטן „ביכל" געוואָרן אַ רעס־פּעקטפולער בוך און פון אויסגעלאַכטן „מאַכער פון מעשה־ביכלעך" געוואָרן אַ ווירדיקער מחבר, צו וועמענס הויך מ'דאַרף פאַררייסן די אויגן, ווייל ער איז אַ מענטש פון אויסערגעוויינטלעכקייט.

פונדעסטוועגן איז דער „בוך" פאַרט ניט דערגאַנגען, אין באַגריף און אין באַוואוסטזיין, צו דער מדרגה פון „ספר", וועלכער איז פאַרט געבליבן איינגעהילט אין אַ סענטימענט פון קדושה. און ווען מ'האָט געזען אויף דעם העברעאישן בוך (וואָס מ'האָט רעספּעקטירט און ליב געהאַט), אַז ער ווערט באַצייכנט מיטן נאָמען ספר, האָט אַן אינערלעך געפיל אַרויסגערופן אַ פאַרשטיקטן פּראָטעסט, פּונקט ווי מ'זאָל האָבן מזלזל הקודש געווען.

איז עס געווען ווען דער ביכער־קאָנסום האָט זיך באַזירט אויף דעם אינטעליגענטן לייענער, וואָס איז געקומען צו בעלעטריסטיק מיט אַ קולטור באַגאַזש, מיטגעבראַכט פון תורה־ספרים און וויסנ־שאַפטלעכע פאַרשונגס ביכער. און דער בוך איז געקומען צום געברויכער אין עברית וואָס איז נאָנט צום דאָזיקן קלאַס לייענער, וועלכער האָט באַקומען זיין גאַנצע דערציאונג און אַנטוויקלונג אין דער דאָזיקער שפּראַך.

שפּעטער איז דער בוך שוין געוואָרן אַ מאַסן־פּראָדוקציע, אויף דער יידישער שפּראַך, און פאַר אַ נייעם עלעמענט לייענער, אַ

לייענער וועמענס קולטור־אייגנטום האָט זיך אָנגעהויבן פון דער פּאַרטייאישער פּראָקלאַמאַציע, אַ לייענער פאַר וועמען דער ספר איז שוין לגמרי פרעמד געווען און צו וועלכן ער האָט שוין קיין שום שייכות ניט געהאַט. אָט דער דאָזיקער לייענער האָט נאָר געוואוסט (וואָס די פּאַרטיי־אַגיטאַציע האָט אריינגעהאַקט אין קאָפּ אריין), אַז „ספר״ שמעקט מיט שימל, מיט אָפּגעשטאַנענקייט, מיט רעאַקציע, מיט אַלטקייט, מיט רעגרעסיע, און צו וועלכן מ׳דאַרף זיך באַנעמען מיט שפּאָט און האַס.

דאָס איז געווען אַן אָפּצאָל צו יענעם למדן־משכיל־לייענער. מיט דעם זעלביקן שפּאָט און חוזק ווי יענער האָט זיך אַמאָל באַצויגן צום בעלעטריסטישן בוך און צו זיין פאַרפאַסער, אַזוי, און נאָך אַ סך ערגער, האָט זיך דערנאָך באַצויגן דער נייער לייענער צום ספר.

אַזוי האָבן אָט די צוויי טערמינען „ספר״ און „בוך״ שטענדיק מיט זיך פאַרגעשטעלט צוויי באַזונדערע לעבנס אָנשויאונגען, צוויי פרעמדע באַגריפן, אָדער בעסער געזאָגט — צוויי ווייטע וועלטן, וואָס האָבן קיינמאָל (אויסער מיט גאָר קליינע אויסנאַמען) ניט גע־קענט הויזן צוזאַמען.

ערשט מיט דער פאַרצווייגונג און באַפעסטיקונג פון דער נייער העברעאישער ליטעראַטור אין מדינת ישראל, האָבן זיך גענומען באַווייזן סימנים פון קרובהשער פּסיכאָלאָגישער דערנענטערונג פון אָט די צוויי, די פריער ווייטע, טערמינען „ספר״ און „בוך״. דער פריערדיקער מרחק צווישן זיי, ווייזט זיך אויס, הייבט אָן פאַרווישט צו ווערן, סיי אין באַגריף און סיי אין דער באַציאונג.

מיר זעען ווי צוזאַמען מיט דער דערשיינונג פון אַ גאַנצער ריי ביכער פון בעלעטריסטיק (אין אַלע אירע צווייגן); צוזאַמען מיט אַ גאַנצער ריי וויסנשאַפטלעכע ביכער (אויף אַלע געביטן); צוזאַמען מיט אַ גאַנצער ריי היסטאָרישע און חקירה־ביכער (נייע און אַלטע־איבערגעדרוקטע) — דערשיינען אויך אַ מאַסע תורה־ספרים ווי: נייע תנ״ך־אויסגאַבעס, אין פאַרשידענע פאָרמען, מיט אַלטע און נייע פירושים; תלמוד בבלי וירושלמי מיט אַלע מפרשים: משנה תורה לרמב״ם מיט אַלטע און נייע הערות ופירושים; טורים און שולחן ערוכס; מדרשים; שאלות ותשובות; דרוש־ספרים; מגידישע ספרים; מבוא התלמוד; אורות הקודש של הרב א. י. קוק; ספר חזון איש;

חידושי תורה של הרב י. ל. מימון; תלמודישע ענציקלאָפּעדיע; אוצר הפוסקים; משנת ראשונים און נאָך און נאָך אַזעלכע ספרים. און יעדע אויסגאַבע — אין גאַר אַ גרויסער צאָל עקזעמפּלאַרן. עס איז צו גלויבן, אַז זיי זענען אויסגערעכנט פאַרשפּרייט צו ווערן צווישן די זעלביקע לייענערס פון די חול־ביכער, און עס איז וואַרשיינלעך אַזוי.

אַזוי אַרום, זעען מיר, ווערט בּיסלעכווייז געשאַפן אַ גאַר קרובהשע דערנענטערונג אין ישראל צווישן אָט די צוויי אַמאָליקע ווייטע וועלטן. ספר און בוך נעמען ווערן איינס — ביידע שוין אונטער איין געאייניקטן נאָמען „ספר", מיט גלייכע באַגריפן, מיט גלייכע רעכטן, מיט גלייכער באַציאונג און מיט גלייכן צוגאַנג. מעגלעך, אַז פאַרלויפיק קומט עס נאָך נישט פון ביידע צדדים אין אַ גלייכער מאָס, אָבער דער וועג צו גלייכהייט ווערט שוין לאַנגזאַם אויסגעפּלאַסטערט און די צייט וועט שוין די אַלע איבעריקע מחיצות אַוועקנעמען און דער נאַטירלעכער זיווג וועט ענדלעך אַרויסקומען בכי טוב...

# דער יחיד און דער כלל

איך וועל לאָזן רעדן אַ גרויסן יידישן געלערנטן, פּסיכאָלאָג און פּעדאַגאָג, ה׳ ניסן טוראָוו. זיינע רייד מעגן ווערן אויסגעהערט מיט גרוים אויפמערקזאַמקייט, עס איז פאַראַן אַ סך וואָס פון זיי צו לער־נען און זיך אויסצולערנען.

אין זיין בוך „הערכות״ — אָפּשאַצונגען (בעיות תרבות וחינוך — קולטור און דערציאונג־פּראָבלעמען) אויף זייט 95 וואו ער רעדט וועגן די באַציאונגען צווישן יחיד און כלל, זאָגט ניסן טוראָוו אַזוי: „וואָס מער עס אַנטוויקלט זיך און פאַרצווייגט זיך דאָס קולטור־געזעלשאַפטלעכע לעבן אַלץ גרעסער זיינען די פאָדערונגען פון יחיד אַריינצופּאסן זיך אינם געזעלשאַפטלעכן לעבן, און גלייכצייטיק — אַלץ קאָמפּליצירטער און לאַנגזאַמער ווערט דער גאַנג פון דער דאָזיקער צופּאסונג״.

„לאָמיר נעמען, צום ביישפּיל, די נאַטירלעכע באַדערפעניש פון מענטש צו ווען זיין אָנקענטיק, צו זיין אָנגעזען, צו זיין געשעצט ביי זיינע מיטמענטשן, צו פאַרנעמען אַ חשובן פּלאַץ אין דער געזעל־שאַפט און אויסצוצייכענען זיך מיט עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל אים אַרויסשטעלן אין פראַנט פון אַנדערע. די דאָזיקע שטאַרקע שטרעבונג האָט פון איין זייט אַ גרויסע מעלה, וואָס זי פאַרשטאַרקט דעם מענטשס פלייסיקייט, דערהייבט זיין ענערגיע, באַוועגט אים צו פילבאַדייטנדיקע אויפטואונגען און אויך — זי האַלט דעם מענטש געצאַמט און איינגעהאַלטן און דערלאָזט אים נישט, אַז ער זאָל אַראָפּפאַלן צו אַנטיגעזעלשאַפטלעכע נייגונגען. פון דער צווייטער זייט אָבער האָט די זעלביקע שטרעבונג אויך אַ גרויסן חסרון, וואָס

זי ווערט אַ שטאַרקער גורם צום לעכערלעכן יאָגן זיך נאָך ווינציקן כבוד, צו געלטגייציקייט און צו האַרטהערציקער הערשאַפט. אויך פאַרשאַפט זי דעם מענטש אַ סך נשמה-ליידן און ברענגט צו צו פאַרשידענע גייסטיקע קראַנקהייטן, וואָס זייער אמתע סיבה ליגט אין „מינדערווערטיקייט-קאָמפּלעקס" וועלכע טרייבט דירעקט צו „גרויסקייט-קאָמפּלעקס".

„לאָמיר זיך דערמאָנען אין דער לעכערלעכער געשטאַלט פון דעם „טשינאָווניק" (אין גאָגאָלס וואונדערבאַרער קאָמעדיע „דער רעוויזאָר") וועז ער שטייט פאַר דעם, כלומרשטן, הויכמעכטיקן גאַסט, וואָס איז אַראָפּגעקומען פון דער הויפּט-שטאָט. ער בעט זיך ביי אים, מיט טרערן אין די אויגן, אַז יענער זאָל חלילה נישט פאַרגעסן, ווען ער וועט קומען אַהיים, אים צו דערמאָנען פאַרן קייסער, אַז אין דעם און דעם שטעטעלע, אויף דער און דער גאַס, אין דעם הויז מיט דעם און דעם נומער, וואוינט אַ מענטש וואָס הייסט אַקאַקי אַקאַקעוויטש.. ווען מיר דערמאָנען זיך אין יענער לעכערלעכער און נעבעכדיקער געשטאַלט, זעען מיר פאַר זיך אַ סימבאָל פון דער גאַנצער חוזק-דיקייט, לייכטזיניקייט און נאַרישקייט, וואָס ליגט אין דער אַזוי שטאַרקער שטרעבונג פון יאָגן זיך נאָך „אָנגעזעענקייט" און „אָנער-קענטקייט", וואָס פאַרנעמט אַזוי פיל וויכטיקייט אין אונדזער געזעלשאַפט".

לאָמיר זיך נאָר פאַרטראַכטן וועגן די אַלע דעמאַגאָגן, טיראַנען און דעספּאָטן, וועלכע האָבן געהערשט איבער גרויסע מאַסן אין פאַרשידענע תקופות אין דער געשיכטע, און באַזונדער — אין אונדזער צייט, מוזן מיר אויפציטערן פון שרעק פאַר דער גרויסער געפאַר, וואָס עס שטייט פאַר דער געזעלשאַפט, פון אַזוינע יחידים — חוצפּהניקעס (גרויסע און קליינע), דורך זייער אומגעצאַמטער שטרע-בונג „אויסצוצייכענען" זיך און פון זייער ווילדן געיעג צו פאַרכאַפּן דעם אויבן-אָן".

„איצט לאָמיר באַטראַכטן די דורכגעפאַלענע אין לעבן, די וועלכע האָבן אין זייער שטרעבונג צו גרויסקייט נישט געקענט נאָכיאָגן זייער פאַרלאַנג, די ביי וועמען דער מינדערווערטיקייט-קאָמפּלעקס איז טיף פאַרוואָרצלט געוואָרן אין זייער נשמה. מיר באַגעגענען זיך זייער אָפט מיט אַזעלכע. גאָר אַ גרויסער טייל פון זיי מוזן שוין אָנ-

קומען צו אַ פּסיכיאַטאָרס הילף, אַז ער זאָל ווי עס איז פּרובירן צוריק ברענגען זיי צו אַ נאָרמאַלן געזעלשאַפטלעכן לעבן...״

דעריבער זאָגט ניסן טוראָוו:

„אויף דער דערציאונג, אין אַלע אירע שטאַפּלען, ליגט אַ האַרבע אויפגאַבע אַוועקצונעמען די קעגנזאַצן צווישן די שטרעבונגען פון דער געזעלשאַפט; צו שאַפן אַן ענגן קאָנטאַקט צווישן פּרט און כלל; צו צעשטערן אַלע מחיצות וואָס שטייען צווישן עגאָאיזם און אַלטרו־איזם. נאָר דאַמאָלסט וועלן זיך קאָנצענטרירן אַלע כוחות פון מענטש־לעכן מין אין אַ שותפותדיקער אָנשטרענגונג פאַר הויכע קולטור־שאַפונגען און פאַר דער דערגרייכונג פון אַלגעמיינעם מענטש־גליק אויף דער וועלט״.

# אמונה־גלויבן

אין יעדער אמונה, צי איז דאָס אַ גלויבן אין גאָט און געטלעכקייט אָדער אַ גלויבן אין אַ געוויסער אידעאָלאָגיע, זיינען פאַראַן פיר קאַטעגאָריעס צוגעהעריקע.

א) דער וואָס גלויבט מיט פולער זיכערקייט און איבערציייגונג, באמונה שלמה, אַז זיין גלויבן איז דער איינציקער און ריכטיקער.

ב) דער וואָס גלויבט אין יענעמס גלויביקייט. אַליין, הייסט עס, איז ער נישט אַזאַ שטאַרקער איבערצייגטער מאמין. ער איז אָבער איבערצייגט, אַז יענער וואָס גלויבט ווייסט וואָס ער טוט, און ווייל ער האָט גרויסן צוטרוי צו יענעם, דעם גלויביקן, דעריבער וואַרעמט ער זיך שוין אַליין אויך אונטער יענער אמונה.

ג) גלויבן מחמת געוואוינהייט: ער איז אַמאָל געווען אַ גלויבי־קער, וואָס ער האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין, אָבער צוליב דער געוואוינהייט פון יאָרן־לאַנג איז עס שוין ביי אים געוואָרן רוטין; ער איז שוין איינגעשפּאַנט, אַזוי צו זאָגן, אין דעם וואָגן פון דער אמונה, וואָס ער האָט אַמאָל געהאַט און ס׳איז אים שוין שווער פון דער דאָזיקער אַמאָליקער אמונה זיך אָפּצורייסן: בפרט נאָך — ווען ער איז, דורך דער דאָזיקער אמונה, פאַרבונדן געוואָרן מיט מענטשן מיטגלויביקע פון דעם זעלביקן גלויבן, און ווייל ער קען נישט זיך אָוועקרייסן פון יענע מענטשן און פון יענער געזעלשאַפט, קען ער שוין אויך צוליב דעם זיך נישט אָוועקרייסן פון יענער אמונה, אין וועלכער ער אַליין גלויבט שוין — נישט מער.

ד) גלויבן צוליב נוצן: דער דאָזיקער האָט אַ קלאָרע אויסרעכענונג, אַז עס לוינט אים (צוליב מאַטעריעלן נוצן, אָדער צוליב כבוד־דער־גרייכונגען) צו זיין אַנגעשלאָסן אין דער גרופּע פון געווויסע מאמינים, ווייל נאָר אַזוי אַרום האָפט ער וועט ער האָבן בעסערע שאַנסן צו צוקומען צו זיינע געשטרעבטע אַמביציעס.

⁂

עס איז קלאָר, אַז דער מאמין פון דער ערשטער קאַטעגאָריע איז דער ערלעכסטער גלויביקער; אַזעלכער קען נישט צולאָזן צום געדאַנק דעם מינדעסטן צווייפל אין זיין גלויבן; אַזעלכער קען נישט אַנערקענען קיין שום דורכפאַל אויפן געביט פון זיין גלויבן, וואָרן דאָרטן וואו ס'איז פאַראַן אויפריכטיקע און איבערצייגטע אמונה איז אַלצדינג פאַרענטפערט מיט דער איינציקער באַרעכטיקונג, אַז אַלץ וואָס איז מסתמא דאַרף אַזוי זיין און אַנדערש קען עס גאָר־נישט זיין; אַזעלכער איז גרייט צו גיין אויף קידוש השם, זיך מקריב זיין א. אַ. וו. אַזעלכער קען ניט איינגיין אויף קיין שום פשרות מיט אַן אַנדערן גלויבן, וואָס איז דער היפוך פון זיינעם; מיט אַזעלכן קען נישט געמאָלט זיין קיין שום קעגנזייטיקע אָפּמאַכן, מיט אַנדערש גלויביקע, אויפן געביט פון אמונה; מיט אַזעלכן איז אָפּטמאָל שווער דורכצוקומען, און דאָך ווערט אַזאַ מענטש רעספּעקטירט פאַר זיין ערלעכקייט, פעסטקייט און אויפריכטיקייט; אַזעלכן איז מען אָפט מוחל אַ סך אומאַנגענעמלעכקייטן, ווייל מ'ווייסט, אַז ער מיינט עס ערלעך און אויפריכטיק. און מאָדנע — גראָד אַזעלכער איז פעאיק צו פאַרשטיין אַן אַנדערש גלויביקן (כאָטש ער קען מיט אים נישט איינשטימען,) אויב נאָר ער פילט, אַז יענער מיינט עס ערלעך מיט זיין גלויבן; ער וועט אים האַלטן פאַר אַ פאַרפירטן, פאַר אַ פאַרנאַ־רישטן, אָבער פערזענלעך וועט ער נישט זוכן יענעם צו שעדיקן, צו פאַטיליקן און אומברענגען; ער וועט יענעם בלויז אידעאָלאָגיש באַקעמפן און וועט זוכן, ווי ווייט מעגלעך, יענעם ארויפצופירן אויפן דרך הישר, לויט זיין פאַרשטאַנד, אָבער ער וועט קעגן יענעם, פערזענלעך, נישט זיין קיין נוקם ונוטר. פאַרקערט — ער קען גאָר יענעם זיין אַ פערזענלעכער פריינט אין פּריוואַטן לעבן, וואָרן ערלעכע מענטשן, ע"פ רוב, פאַרשטייען זיך באַנאַנדער און רעספּעקטירן זיך קעגנזייטיק.

אַנדערש איז עס מיט דעם גלויביקן פון דער צווייטער קאַטע־גאָריע, מיט דעם וואָס איז אַליין נישט זיכער אין זיין גלויבן. דער דאָזיקער ווערט גאַנץ אָפט צעפּרעסן פון ספקות, וואָס כאַפּן זיך צו אים אַריין; עס מאַטערן אים פאַרשידענע צווייפלען, פון וועלכע ער וואָלט געוואָלט זיך באַפרייען און קען נישט; דער דאָזיקער האָט באמת חשק צו זיין אַ גלויביקער בלב תמים, אָבער עס קומען אים שוין אונטער פאַרשידענע באַווייזן און דורכפאַלן, וועלכע צעטרענ־צלען זיין אמונה און שטעלן זיין גלויבן אין אַ צווייפלהאפטן צוש־טאַנד, און כאָטש ער וואָלט געוואָלט נישט צולאָזן צו דעם, אָבער קענען זיין ווילן קריכן אים אין קאָפּ אַריין פראַגעס אויף פראַגעס, וועלכע גראָבן אונטער זיין פונדאַמענט, און לאָזן אים נישט רוען.

גראָד דעריבער — כדי צו פאַרטרייבן זיינע אייגענע ספקות און צווייפל־פּלאָנטערנישן — איז דער דאָזיקער מאמין אַ שרעקלע־כער קנאי און פאַרביסענער קעגנער צו אַנדערע גלויבנס, און אויך — אַ שווידערלעכער האסער, אַפילו פּערזענלעך, פון מענטשן אַנדערש־גלויביקע. דער דאָזיקער טיפּ מאמין קען פיזיש נישט פאַרטראָגן קיין אַנדערש גלויביקן, אין יעדן פּחד פאַרן אייגענעם צווייפלען זעט ער אינם צווייטן, וואָס גלויבט אַנדערש, אַ מין געשפּענסט, וואָס שטעלט זיך אים פאַר די אויגן ווי אַ שטן, א יצר הרע, וואָס וויל אים אַראָפּפירן פון דרך הישר, אין וועלכן ער אַליין האַלט זיך קוים.

דעריבער באַגעגענען מיר גאַנץ אָפט, אַז גראָד די אומזיכערע גלויביקע זיינען עס די פאַרביסנסטע קנאים, די פאַרפאָלגער, די שעדיקער, די פייניקער און נקמה־נעמער פון אַנדערע מענטשן, וואָס דענקען אַנדערש און גלויבן אַנדערש.

אָט די דאָזיקע מאמינים האָבן עס צוגעטראַכט דעם זאָג „ווער עס איז ניט מיט אונדז דער איז קעגן אונדז" און דעריבער איז „להשמיד, להרוג ולאבד".

ביי אַזאַ מין גלויביקן איז אויסגעשלאָסן, אַז ער זאָל קענען האָבן באַציאונגען, אַפילו פּערזענלעכע, מיט מענטשן פון אַן אַנדערן גלויבן, ווייל האס, שנאה, פאַרביטערקייט און פאַרביסנקייט שטייען שטענדיק ווי אַ מחיצה צווישן אים און אַנדערע.

***

ווידער וועגן דער דריטער קאַטעגאָריע מאמינים, די וועלכע האַלטן זיך ביי אַ גלויבן בלויז מחמת געוואוינהייט: דאָס איז בכלל אַ צעשוואומענער עלעמענט אָן אַ רוקן־ביין. דעם דאַזיקן טיפּ גלויביקן, אָדער בעסער געזאָגט — נאָכשלעפּער נאָך אַ גלויבן אין וועלכן ער גלויבט נישט, איז לייכט איינצוגיין אויף פּשרות מיט יעדן מין גלויבן אָדער אומגלויבן, אבי נאָר ער קען געפינען אַ פּלאַץ, וואו אים דאַכט, אַז ער וועט זיך קענען אויסלעבן; ביי אים איז אייגנטלעך דער גאַנצער ענין גלויבן אַ מין באַקוועמלעכקייט, ווי אַ צימעס נאָכן עסן, איז פון וועלכן צימעס מ׳קען, אין דעם מאָמענט, הנאה האָבן דאַרף מען רוקן אין מויל אַריין.

אויבערפלעכלעך גענומען קען זיך אויסדאַכטן, אַז מיט אַזאַ מין מענטש איז אַ מחיה צו האָבן באַציאונגען, פּערזענלעכע און געזעל־שאַפטלעכע; אַזעלכער איז נישט קיין פאַרביסענער, אַזעלכער איז אַ צוגעלאָזטער, אַ „מעורב עם הבריות" אַזוי צו זאָגן, מ׳קען מיט אים פאַרהאַנדלען, ער איז נישט פאַרעקשנט און נישט קריגעריש, ער קען צו אַלצדינג צובאָמבלען. איז דאָך, דאַכט זיך, גוט — אָה? איז אָבער דער חסרון מיט אַזאַ מין מענטש, וואָס מ׳ווייסט קיינמאָל נישט ווי מ׳האַלט מיט אים אין דער וועלט און מ׳קען קיינמאָל נישט הויסן וואָס ער וויל, ווייל אין דער אמתן וויל ער גאָרנישט. אויף אַזאַ טיפּ „מאמין" ווערט געזאָגט: שוין בעסער מיט אַן אָפענעם און פעסטן קעגנער איידער מיט אַ צעקראָכענעם „ניע־בע־ניע־מע". דער דאַזיקער טיפּ מענטש קען טאַקע קיין שאָדן נישט ברענגען אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, אָבער קיין נוצן — אויך נישט. ווייל דעם דאַזיקן טיפּ מענטש פעלט פעסטקייט פון כאַראַקטער, פעלט גלויבן אין זיך אַליין; דער דאַזיקער בלייבט אומעטום אַן איבעריקע צוטשעפּעניש און נאָכשלעפּעניש.

ביי טרפות איז דער דין „יתר כניטל דמי" — וואָס איבעריק איז טרפה, אַזוי גוט ווי עס וואָלט געפעלט. ביי די אַראַבער איז אויך פאַראַן אַ זאָג: וואָס איבעריק איז ערגער נאָך ווי דאָס וואָס פעלט.

⁂

איצט דער פערטער טיפּ „אָנגעהעריקער צו אַ גלויבן":

דער דאַזיקער איז שוין אַ דירעקטער שאָדן, סיי פאַרן גלויבן אין וועלכן ער קלאַמערט זיך כלומרשט און סיי פאַרן גאַנצן געזעל־

שאָפּטלעכן לעבן: דער דאָזיקער איז פּשוט אַ פֿאַרקויפֿטע נשמה, נישט וויכטיק צי ער פֿאַרקויפֿט זיך פֿאַר פּערזענלעכן מאַטעריעלן נוצן, צי ער האָט זיך פֿאַרקויפֿט צוליב כבוד, פּרעסטיזש, רעקלאַמע א. אַ. וו. פֿאַרן דאָזיקן פֿאַרשוין איז גילטיק בלויז איין כלל: „ווער עס גיט מער צו דעם געהער איך"; אַזעלכער קען זיך וואַרפֿן מיט אַ גאַנץ לייכטזיניקן געמיט פֿון איין גלויבן צום צווייטן, פֿון איין אידעאָלאָגיע צו דער צווייטער, אָן צו טאָן אַ פּינטל מיטן אויג, אויב נאָר עס לוינט זיך.

און מערקווירדיק — גראָד פֿון אַזעלכן האָבן די אַנדערש-גלויביקע (די אין וועמענס גלויבן ער האָט זיך פֿאַרלויפֿיק נאָכנישט אָנגעשלאָסן) אויסצושטיין געברענטע צרות; גראָד ער איז עס דער, וואָס איז דער ערשטער צו רודפֿן, פֿאַרפֿאָלגן און באַשמוצן די אַלע וואָס זיינען נישט מיט אים; אַזעלכער איז גרייט אויף די מיאוסטע שטיק, אויף די עקלהאפטיקסטע הינטער-פּיסלעך און אויף די ערגסטע אַוואַנטוריסטישע אומאָרנטלעכע האַנדלונגען אין באַצוג צו אַנדערע פֿון נישט זיין „גלויבן" און צו מענטשן פֿון נישט זיין „איבערצייגונג".

און עס איז גאַנץ פֿאַרשטענדלעך, פֿאַרוואָס אַזאַ פֿאַרשוין מוז זיין אַזוי אַנגרייפֿעריש מער פֿון אַנדערע, וואָרן דער דאָזיקער טיפּ מוז שטענדיק זיך אַרויסווייזן פֿאַר אַקטיוו און אויפֿטועריש; אַזעלכער דאַרף זיך תמיד אַרויסווייזן פּויפּסטלעכער פֿאַר דעם פּויפּסט, ווייל ער מוז זיך שטענדיק וואַרפֿן אין די אויגן מיט זיין „ניצלעכקייט"; ביי אים איז עס דאָך אַ ריין פּערזענלעכער ענין; אַזעלכער איז דאָך אַ ציניקער, ער לאַכט זיך דאָך אויס, אין דער אמתן, פֿון דער יאָלדישער אָרנטלעכקייט און אָנשטענדיקייט; ביי אַזעלכן זיינען אַלע וועגן און מיטלען כשר, דער עיקר איז דאָך ביי אים נאָר זיין אייגענע פּערזאָן און זיין פּערזענלעכער נוצן, ווייטער גייט אים גאָרנישט אָן, ווייטער האָט ער אַלץ אין דער ערד.

אמת טאַקע אַזאַ פֿאַרשוין דערגרייכט שטענדיק פֿאַר זיך גאַנץ גרויסן נוצן, אָבער צי דער גלויבן וועמען ער דינט און די געזעלשאַפֿט בכלל האָט פֿון אַזעלכן אַ נוצן, שטייט אונטער גאָר אַ גרויסן פֿראַגע־צייכן. דערפֿאַר אָבער דער שאָדן, וואָס אַזאַ טיפּ ברענגט מיט זיך אַריין אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, שטייט שוין גאָרנישט אונטער קיין פֿראַגעצייכן. אַזעלכער איז לכל הדעות אַ מכה אויפֿן געזעלשאַפֿטלעכן

קערפּער, וואָס אַ ספּעציאַליסט אַ כירורג וואָלט גערעטן נאָר אויס־צושניידן. וואו זשע נעמט מען דעם ספּעציאַליסט?

זיינען אָבער אָט די פּאַרשוינען כיטרע גענוג און פּאַרשטייען ווי צו פאַרבלענדן די אויגן פון דער עפנטלעכקייט, מיט חניפה־כאַבאַר ווען מ'דאַרף. האָט דאָך נאָך אונדזער מחוקק געוואָרנט: „כי השוחד יעוור עיני חכמים" — אַז כאַבאַר קען פאַרבלענדן די אויגן פון די קליגסטע. און ווי קען נאָך זיין אַ גרעסערער כאַבאַר ווי חניפה! און ווען מענטשן ווערן פאַרבלענדט, דאַמאָלסט קען מען זיי שוין פאַרשטעלן שוואַרץ, אמתדיק שוואַרץ, און איינרעדן אַז דאָס איז גאָר ווייס . . .

אפשר וועט אַמאָל קומען אַ צייט (אפשר אין משיחס צייטן) ווען ערלעכע מענטשן וועלן זיך נישט לאָזן פאַרבלענדן די אויגן. אָבער דערווייל, ליידער, גילט נאָך דער אַלטער כלל, אַז מיט חניפה קען מען איינעמען די וועלט. און אָט די פאַרקויפטע פּאַרשוינען, די מכלומרשט־אָנגעהעריקע צו אַ גלויבן, פאַרשטייען שוין זייער גוט ווי דאָס דאָזיקע מיטל אויסצונוצן, אויף אַ ברייטן מאסשטאב, פאַרן אייגענעם פּערזענלעכן געברויך...

# קאָרעקטורן

(וועכנטלעכע שמועסן)

מיט אַ סך יאָרן צוריק, בין איך לאַנגע צייט געווען אַ פרייער צוהערער ביי די תנ"ך — לעקציעס פון דוד יעלין ע"ה, וואָס ער האָט געגעבן אין לערער-סעמינאַר אין ירושלים.

מען האָט געלערנט דאַמאָלסט דעם ספר איוב. האָט יעלין דער־קלערט, אַז איוב איז געשריבן אין אַלטן אָריענטאַלישן נוסח און כדי גוט פאַרשטיין איוב דאַרף מען פאַרגלייכן, די אַרויסגעבראַכטע איוב-געדענקען און דעם גאַנצן איוב-נוסח, מיט אַזעלכע ענלעכע שטעלן וואָס ווערן געבראַכט אין די אַלטע אַראַבישע ספרים. דוד יעלין איז געווען אַ גרויסער אַראַביש-קענער און איז געווען אַ בקי אין דער אַראַבישער ליטעראַטור.

האָט דוד יעלין געבראַכט פון אַלטע אַראַבישע ספרים די זעל־ביקע געדאַנקען, דעם זעלביקן אויסדרוק און די זעלביקע זאַצן וואָס אין איוב, אָבער אין אַראַביש זענען די ווערטער קלאָרער און דער געדאַנק — פאַרשטענדלעכער. דאָס איז דערפאַר — האָט יעלין דערקלערט — וואָס געוויסע זאַצן אין איוב זענען צעדרייט און גע־וויסע ווערטער האָבן פאַרבלאָנדזשעט — צוליב עמיצנס שולד — פון איין פסוק אין צווייטן. יעלין האָט זיך דערלויבט צו מאַכן די נויטיקע קאָרעקטורן, ער האָט איינגעשטעלט די זאַצן אין דער געהעריקער אָרדנונג, די ווערטער צוריק אַוועקגעשטעלט אויף זייער ריכטיקן פלאַץ, און די פסוקים אין איוב זענען אַרויסגעקומען קלאָרער און פאַרשטענדלעכער, פונקט ווי אין דעם אַראַבישן ספר.

דערפון האָב איך געלערנט, אַז מ'קען זיך דערלויבן צו מאַכן געוויסע קאָרעקטורן אַפילו אין די פּאַרהייליקטע, קאַנאַניזירטע, אַלטע ספרים, ווען דער אמת פאָדערט עס.

איך האָב ביי זיך שוין פון לאַנג פאַרצייכנט אַ מאַסע שטעלן אין תלמוד (צו תנ"ך האָב איך מורא זיך צו צורירן). וואָס רופן אַרויס טיילמאָל פּאַרדרוס, טיילמאָל — אומפאַרשטענדלעכקייטן און טייל פון זיי רופן אַרויס, ביי משכילים־אַפּיקורסים, אַפּשפּאַט. אָבער ווען מ'זאָל מאַכן קליינע קאָרעקטורן, ווי למשל פאַרבייטן אַן אות, אָדער איבערבייטן געוויסע ווערטער פון זאַץ אינם געגע־בענעם מאמר, וואָלט דער געדאַנק אַרויסגעקומען לאָגיש און פאַר־שטענדלעך, ריכטיק און זאכלעך.

— ווער האָט עס געזאָגט, אַז „קנאת סופרים תרבה חכמה" — ד"ה אַז די קנאה צווישן שרייבער (אָדער געלערנטע) פאַרמערט וויסנשאַפט?

— דאָס האָט געזאָגט רב דימי פון נהרדעא.

הייסט עס, אַז רב דימי האָט געהאַלטן אַז עס איז פאַראַן אויך אַ פּאָזיטיווע קנאה. איז עס בפירוש אומפאַרשטענדלעך.

האָט דער רב דימי פון נהרדעא נישט געוואוסט, אַז עס איז גאָרנישטאָ אין דער וועלט אַזאַ זאַך ווי פּאָזיטיווע קנאה און אַז פון קנאה צו שנאה איז נאָר אַ נאָענטער מהלך?

האָט דען רב דימי נישט געוואוסט פון די פּסוקים: „כי קנאה חמת גבר ולא יחמול ביום נקם" (משלי ו') ד"ה אַז קנאה צערייצט דעם צאָרן פון מענטש און ברענגט צו די ערגסטע נקמה? אַן אונטער־שייד וועלכע קנאה! אָדער „רקב עצמות — קנאה. (משלי י"ד). זאָגט אויף דעם די גמרא (שבת קנ"ב) „כל מי שיש לו קנאה בלבו עצמותיו מרקיבים" ד"ה ווער עס טראָגט קנאה אין זיין האַרצן פוילן אין אים די ביינער? אַן אונטערשייד וועלכע קנאה!!

האָט דען רב דימי נישט געוואוסט אַז „ופותה תמית קנאה" (איוב ה') ד"ה אַז ווער עס לאָזט זיך פאַרפירן פון קנאה הרגעט עס אים אַוועק. אָדער „קשה כשאול קנאה" (שה"ש ח') ד"ה אַז קנאה ברענגט גרעסער אומגליק איידער דאָס פייער פון גיהנום? אַן אונטערשייד וועלכע קנאה!

האָט דען רב דימי פון נהרדעא נישט געוואוסט, אַז קנאה איז איינע פון די דריי זאַכן וואָס ברענגען אום דעם מענטש פון דער וועלט פאַר דער צייט? „הקנאה והתאוה והכבוד מוציאין את האדם מן העולם" (אבות פ"ד), אָן אונטערשייד וועלכע קנאה!

אָדער ווי רבא זאָגט (תענית ח'): „שני תלמידי הכמים שיושבין בעיר אחת ואינן נוחין זה לזה מתקאין אבף ומעלין אותו עליהן" דאָס מיינט צו זאָגן, ווען צוויי געלערנטע וואָס וואוינען אין איין שטאָט און זענען זיך נישט גינציק איינער דעם צווייטן (עס זאָל זיך נישט טרעפן ווי עס טרעפט) שאַפט זיך ביי זיי אַ קנאה־געפיל און דערמיט ברענגען זיי אַליין אויף זיך גרויסע צרות.

איז ווי זשע האָט געקענט זאָגן רב דימי פון נהרדעא אַז „קנאת סופרים תרבה חכמה", דאָס מיינט דאָך אַז עס איז אויך פאַראַן אַ פּאָזיטיווע קנאה? ווי קען עס זיין?!

אָבער לאָמיר זיך גוט איינקוקן אין דעם נוסח, ווי אַזוי רב דימי האָט עס געזאָגט (בבא בתרא ר"א): פון דאָרטן ווערט פאַרשטאַנען אַז נישט רב דימי אַליין זאָגט עס, נאָר ער ברענגט דעם דאָזיקן זאַץ ווי אַ באַקאַנטן זאָג, וואָס עס איז אַרומגעגאַנגען צווישן תלמידי חכמים. דער אָריגינעלער זאָג איז אין דער אמתן גאָר געווען: „חכמת סוופרים תרבה קנאה", דאָס מיינט צו זאָגן, אַז די חכמה פון שרייבער (אָדער געלערנטע) וואָס יעדער איינער רעדט זיך איין אַז ער איז דער גרעסטער חכם, דאָס פאַרשאַפט צווישן זיי קנאה, און דאָס איז געמיינט אין נעגאַטיוון זינען, וואָרן צו וואָס קנאה פירט איז דאָך באַוואוסט, ווי כ'האָב שוין פריער אָנגעוויזן. און אַז קיין גוטס קען קיינמאָל פון קנאה נישט אַרויסקומען.

וואָס האָט רב דימי געטאָן? ער האָט דעם באַקאַנטן זאָג פאַראַ־פראַזירט און געבראַכט אים ווי אַ שפּאַס, כדי אַרויסצוברענגען זיין מיינונג ווענגן צוויי מלמדים (זע דאָרטן ב"ב ר"א) איז דערפון האָט זיך גענומען דאָס אומגאַנג וואָרט „קנאת סופרים תרבה חכמה" וואָס שטימט אַבסאָלוט נישט מיט דער ריכטיקייט. און רב דימי אַליין האָט אויך דערפון גאַנץ גוט געוואוסט.

וואָרן קנאה, אין וועלכער פאָרעם זי זאָל נישט זיין און צוליב וועלכן ציל זי זאָל נישט קומען, איז אָן צווייפל אַ נעגאַטיווע דער־שיינונג, זי ווערט אין אַלע ספרים, פון אַלע דורות, פאַרדאַמט ווי

אַ קרענקלעכע פּלאָג, סיי פאַרן מענטש דעם יחיד און סיי פאַר גאַנצן מענטשלעכן קיבוץ, און מער ווי צו צרות און אומגליקן קען קנאה נישט פירן, אַן אונטערשייד צוליב וואָס די קנאה זאָל נישט קומען.

און דאָס איז גילטיק ביז אויף היינטיקן טאָג.

⁂

נאָך אַ קאַרעקטור:

ר׳ אלעזר זאָגט, „כל אדם שיש בו דעה לסוף מתעשר״, דאָס מיינט צו זאָגן, אַז יעדער מענטש וואָס האָט פאַרשטאַנד מוז ענדלעך ווערן רייך (סנהדרין צ״ב). איז דאָס בפירוש אַ פאַרלייקענונג פון אמת, ווייסט דאָך די גאַנצע וועלט אַז דאָס איז נישט ריכטיק. צי זעט מען דען נישט גרויסע געלערנטע און קלוגע מענטשן וואָס זענען געבליבן קבצנים דעם גאַנצן לעבן?

אָבער דאָ בעט זיך אַ קליינע קאָרעקטור. עס זענען פאַרדרייט געוואָרן ר׳ אלעזרס ווערטער. ער האָט גאָר געזאָגט פּונקט דאָס פאַרקערטע. ר׳ אלעזר איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן און אין זיין פאַרביטערטקייט קעגן די אויפגעקומענע גבירים, גראָבע יונגען, וואָס רעדן זיך איין (און מען רעדט זיי איין) אַז זיי זענען מיטאָמאָל געוואָרן גרויסע חכמים און געלערנטע מענטשן, האָט ר׳ אלעזר געזאָגט מיט איראָניע און סאַרקאַזם: „כל אדם שמעשר, לסוף יש בו דעה״. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז יעדער גראָבער נפש וואָס ווערט נאָר רייך איז ענדלעך באַקומט ער שוין שכל״ און ער באַווירקט שוין אויף מענטשן אַז זיי זאָלן אים האַלטן פאַר אַ גאַנצן חכם, געלערנטן און אַלצווייסער. אַ פאַקט האָט איר, אַז ר׳ אלעזר האָט אַזוי געזאָגט און אַזוי געמיינט, ווייל אין אַ צווייטן זאַץ (יבמות ס״ג) זאָגט דער זעלביקער ר׳ אלעזר, אויך מיט ביטערער איראָניע: „כל אדם שאין לו קרקע אינו אדם״. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז אַ מענטש וואָס פאַרמאָגט נישט קיין פאַרמעגן, קאַפּיטאַל, דער ווערט ביי דער וועלט גאָרנישט פאַרעכנט פאַר אַ מענטש . . .

און אפילו ווען ר׳ אלעזר זאָל עס נישט זאָגן, זעען מיר דאָס נישט אַליין?!

⁂

פון אַ ייד אַ חסיד, וואָס האַלט זיך אויך פאַר אַ גאַנצן למדן, האָב איך געהערט אַזאַ מין קאַרעקטור:

— עס שטייט — זאָגט ער — „פּשוט נבלות בשוק ואל תצטרך לבריות" דה: שינד אָפּ געפּייגערטע בהמות אין מאַרק, אבי זאָלסט נישט דאַרפן אָנקומען צו מענטשן. און איך זאָג אַז עס איז אַ טעות. עס דאַרף שטיין „פּשוט בריות בשוק ואל תצטרך לנבלות". ד"ה, זאָלסט בעסער שענדן די הויט פון מענטשן אבי זאָלסט נישט דאַרפן אָנקומען צו דער הילף פון נבלות...

למען האמת וויל איך דאָ מאַכן צוויי באַמערקונגען:

ערשטנס איז דער נוסח פון דאַזיקן זאָג (סיי אין בבא בתרא ק"י און סיי אין פּסחים קי"ג) לגמרי אַן אַנדערער. דאָרטן שטייט גאָר אַזוי: „שינד אַפילו אַפּ אַ נבלה אין מאַרק, כדי צו פאַרדינען פון דעם אויף צום לעבן און זאָלסט נישט זאָגן אַז איך בין אַ גרויסער מאַן און מיר פּאַסט דאָס נישט" (ווערטלעכע איבערזעצונג). דאַכט מיר אַז גראַד דאָס נויטיקט זיך נישט אין קיין שום קאָרעקטור.

צווייטנס, האָט יענער ייד, דער גרויסער חסיד און איינגערעדטער למדן, טאַקע געפּאָלגט זיין קאָרעגירטן מאמר און ער איז געבליבן אַ מענטשן־שינדער... האָט אים הייסט עס, געלוינט אַזוי, צוליב אייגענעם נוצן, צו מאַכן אַזאַ מין קאָרעקטור.

# משיחס טריט

משיח וועט קומען אַן אויסגעשמירטער אין בלוט. און אַז מען וועט אים פרעגן, „פאַרוואָס?" וועט ער ענטפערן: „איך האָב געפירט מלחמה מיט די אַרומיקע פעלקער־שונאים און כ'האָב זיי באַזיגט, דעריבער זיינען מיינע מלבושים פאַרפּאַטשקעט געוואָרן מיט בלוט. איך האָב געזען, אַז די גאולה מוז שוין אומבאַדינגט קומען, אָבער כ'האָב זיך אַרומגעקוקט, אַז איך האָב נישט קיינעם ווער עס זאָל מיר העלפן צו דעם, איך האָב נישט פון וועמען צו דערוואַרטן קיין שטיצע, האָב איך אַליין געמוזט זיך נעמען אין די הענט אַריין. האָט מיין אייגענער שטאַרקער אָרעם מיר געהאָלפן און מיין אָנגעצונדענער דאָרן האָט מיר געשטיצט. האָב איך צעטרעטן די אַרומיקע פעלקער־שונאים מיט מיין כעס, איך האָב זיי צעמישט אין מיין קאַמף און כ'האָב געלייגט אין דער ערד אַריין זייער פּרעסטיזש". (באַזירט אויף ישעיה — ס"ג).

⁂

— הערסט, מאיר, דו הערסט?

— יאָ, זיידע, איך הער.

— וואָס הערסטו, מיין קינד?

— איך הער וואָס דו רעדסט.

— און אַז איך רעד נישט, וואָס הערסטו?

— הער איך גאָרנישט.

— אַזוי, טאַקע גאַרנישט, הערסט גאַרנישט, אויב אַזוי טויג נישט. ווייסטו וואָס, מאיר, מאַך צו די אויגן דיינע, אַז דו ועסט נישט זען אַזוי פיל נאַרישקייטן אַרום זיך, אפשר וועסטו בעסער הערן.

— יאָ, זיידע, איך מאַך צו די אויגן, אַזוי ווי דו הייסט.

— נו, איצט, מאיר, וואָס זעסטו?

— איך זע גאַרנישט, זיידע.

— און וואָס הערסטו?

— יאָ, זיידע, איך הער. איך הער טריט.

— וואָס פאַראַ טריט הערסטו, מיין קינד? זיינען דאָס גיכע, פלינקע טריט, אָדער שווערע לאַנגזאַמע טריט?

— איך הער שווערע, שלעפּעדיקע און לאַנגזאַמע טריט.

— אָ! אָט דאָס איז ער!

— זיידע, ווער?

— ער, משיח. ער קומט! ער קומט!

— זיידע, ווער איז משיח? און צו וואָס קומט ער צו אונדז?

— משיח איז דער, וואָס ברענגט באַפרייאונג פאַרן יידישן פאָלק; ער קומט, פריי צו מאַכן דאָס יידישע פאָלק בכלל און יעדן יידישן מענטשן בפרט, פון צו זיין אינטערגעוואָרפן אונטער פרעמדער הער־שאַפט, אונטער פרעמדן יאָך, אונטער פרעמדער איינפלוס און אונטער פרעמדן דרוק; ער וועט באַפרייען אונדז יידן פון אַרויפגעצוואונגענע פרעמדע פירעכצן און פון אַ פרעמדן אַרט לעבן, וואָס איז נישט אינם גייסט, נישט אין דער אייגנטימלעכקייט, נישט אינם ווילן און נישט אין די אינטערעסן פון יידישן פאָלק.

— ווי אַזוי וועט ער, משיח, דאָס אַלצדינג מאַכן?

— ער, משיח, וועט אונדז אַרויסנעמען פון גלות און פירן אונדז אין אונדזער אייגענעם לאַנד, אינם לאַנד פון אונדזערע אבות, אין ארץ ישראל. דאָרטן וועלן מיר ווערן אַ פריי זעלבסשטענדיק פאָלק, מיט אַן אייגענער יידישער רעגירונג. און דאָרטן, אין ארץ ישראל, וועט בלויז אונדזער אייגענער טראַדיציאָנעל־יידישער גייסט, דער

אייגענער פאָלקס ווילן, די אייגענע נאַציאָנאַלע נויטווענדיקייטן און די אייגענע פאָלקס אינטערעסן אונדזערע, נאָר זיי וועלן דיקטירן און פאָרמירן דעם גאַנג און צונויפשטעל פון אונדזער יידישן לעבן.

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, זיידע, אַז נישט אַלץ האָב איך פאַרשטאַנען וואָס דו האָסט מיר געזאָגט, דו רעדסט אַזוי פיל שיינע ווערטער, וואָס מיר איז נאָך שווער צו פאַרשטייין. אָבער איין זאַך פאַרשטיי איך, אַז עס וועט זיין גוט פאַר יידן.

— פאַרוואָס זשע, זיידע, זע איך אַזאַ טרויער אין דיין פּנים און אַזאַ צער אין דיינע אויגן?

— ווייל איך זע, מיין קינד, אַז משיח קומט מיט פאַרבלוטיקטע מלבושים. און דאָס שרעק מיך זייער. דאָס מאַכט ציטערן מיין האַרץ און דאָס שטערט מיין פרייד.

⁂

היינט — אפילו אַ קינד און אפילו אַ טויבער אויף ביידע אויערן קען שוין היינט הערן קלאָר און שאַרף די פעסטע, ראַשיקע און געאיילטע טריט פון משיחן.

ווי האָט אַמאָל געזאָגט רבי יהושע בן-לוי: — אויב יידן וועלן ווערט זיין וועט משיח קומען „עם ענני שמיא״ — דורך הימל-וואָלקנס (עראָפּלאַן בלע״ז), נאָר אויב חלילה מיר וועלן נישט ווערט זיין וועט משיח זיך דערשלעפּן ווי אַן „עני רוכב על החמור״

— אַן אָרעמאַן, רייטנדיק אויף אַן אייזעלע.

ווייזט אויס, אַז אונדזער דור האָט יאָ זוכה געווען.

וועט איר זיך אַוודאי וואונדערן און פרעגן: — „מיט וואָס?״.

דאָ מוז איך אָנקומען צום גרויסן תנא, רבי עקיבא, נאָך אַן ענטפער. רבי עקיבא האָט געפרעגט זיינע תלמידים:

— מיט וואָס האָט דער שבט יהודה זוכה געווען, וואָס פון אים זיינען אַרויסגעקומען די יידישע מלכים?

די פאַרשידענע ענטפערס פון זיינע תלמידים האָבן אים נישט באַפרידיקט. דאַן האָט רבי עקיבא אַליין געענטפערט:

— דאָס איז דערפאַר, ווייל דער שבט יהודה האָט זיך מוסר נפש געווען, איינגעשטעלט דאָס לעבן, לטובת דעם יידישן פאָלק. ווען משה רבנו האָט געהייסן די יידן שפּרינגען אין ים אַריין, האָבן אַלע מורא געהאַט פאַרן לעבן, טאָמער וועלן זיי דערטרונקען ווערן. איז דער ערשטער אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער דער שבט יהודה.

און רבי עקיבא האָט געטייטשט דעם פּסוק „בצאת ישראל ממצרים היתה יהודה לקדשו" — ווען די יידן זיינען אַרויס פון מצרים איז עס געווען דער שבט יהודה וואָס האָט געהייליקט גאָטס נאָמען דורך מסירות נפש.

און רבי עקיבא האָט געלערנט זיינע תלמידים, אַז דעם גרעסטן זכות קען אַ ייד דערגרייכן נאָר דאַן, ווען ער איז גרייט אַוועקצוגעבן זיין לעבן פאַרן פאָלק און לאַנד.

נו, איצט וועט אייך שוין זיין פאַרשטענדלעך פאַרוואָס אונדזער דור האָט זוכה געווען צו ביאת המשיח. דאָס איז אין זכות פון אונדזער טייערער יוגנט, וועלכע גייען אין פייער, גרייט אַוועקצוגעבן זייער לעבן פאַרן פאָלק און פאַרן לאַנד.

⁂

אַזוי אַלט ווי עס איז דער יידישער גלות אַזוי אַלט זיינען די יידישע האָפענונגען אויף גאולה און אַזוי אַלט איז די יידישע אָנגעשטרענגטע דערוואַרטונג אויף משיחן.

עס איז אַ פאַקט, אַז ביים ראַדינער גאון ר' ישראל מאיר הכהן, וואָס איז גוט באַקאַנט אונטערן נאָמען פון זיין ספר „חפץ חיים", איז די זיידענע שבתדיקע קאַפּאָטע שטענדיק געהאַנגען ביי דער טיר, כדי ווען משיח וועט קומען זאָל ער באַלד האָבן די שבתדיקע קאַפּאָטע אונטער דער האַנט. אויך האָבן געמוזט אַלע תלמידים־כוהנים פון ראַדינער ישיבה, לערנען מסכת זבחים און אַלע דינים פון קרבנות און עבודה אין בית המקדש, כדי אַז ווען משיח וועט קומען זאָל ער באַלד האָבן גרייט אַ חברה כוהנים וואָס וועלן זיין געניט אין הלכות קרבנות און עבודה אין נייעם בית־המקדש.

האָט דאָך יעדער ייד געזאָגט ביים דאַווענען, אַז ער גלויבט, כאָטש משיח פאַרזאַמט זיך, פונדעסטוועגן וואַרט ער יעדן טאָג אויף זיין קומען.

מ א י ר   ק אָ ר אָ נ אָ

## וואָס דאַרפֿן אין דער אמתן זיין די אויפֿגאַבן פֿון משיחן?

אין דער טיפֿער יידישער טראַדיציע איז באַפֿעסטיקט דער גלויבן, אַז אויסער די גאולה וואָס משיח וועט ברענגען פֿאַרן יידישן פֿאָלק האָט ער נאָך אַן אויפֿגאַבע פֿאַר זיך, אַן אוניווערסאַלע: ער דאַרף אַריינברענגען גאָטס ליכט צו אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט. ער דאַרף אָפּשטויבן דעם שמוץ פֿון גנבה, גזלה, רציחה, ענגהאַרציקייט און עגאָאיזם, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט ביי די פֿעלקער פֿון דער וועלט, עפֿענען זיי די אויגן, אַז זיי זאָלן קענען זען גאָטס ליכט, און דורך דעם אַריינפֿירן זיי אין רשות פֿון יושר וצדק, אחווה ורעות, חנינה ורחמים.

די גמרא אין סנהדרין דף צ״ט, שטיצט זיך אין דעם באַווייז, אַז משיח דאַרף אַרויסשלעפּן אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט פֿון זייער געזינקענקייט, שטיצט זיך אויפֿן פּסוק אין ישעיה ס׳: „ווען פֿינצטער־ניש וועט פֿאַרדעקן די וועלט און אַ פֿאַרטונקלטקייט — די פֿעלקער, וועט אויף דיר (ישראל) שיינען גאָט און זיין כבוד וועט אויף דיר (ישראל) זיך אָנזען, און פֿעלקער וועלן גיין צו דיין ליכט און קעניגן — צום שטראַל פֿון דיין שיין.

הייסט עס, אַז נישט נאָר בלויז פֿאַר יידישער גאולה וועט משיח קומען, נאָר אויך כדי צו ברענגען ליכט (דורך ישראל) אויך פֿאַר דער גאַנצער וועלט.

נו, וועט דאָך געוויס און געוויס דאָס פֿאָלק ישראל, אין זיין באַפֿרייאונג, דינען אַלס מוסטער פֿאַר דער גאַנצער וועלט, אַ מוסטער פֿון יושר און צדק פֿון אחווה ורעות.

אָך, גרויסער גאָט, ווי האַלט מען שוין דערביי!

אָבער פֿריער פֿאַר אַלץ, אונדזער האַרציקער תפֿילה: זאָל שוין וואָס גיכער משיח אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך די פֿאַרבלוטיקטע מלבושים, זאָלן זיינע טריט צו אונדז קלינגען מיט הייליקן הלל־געזאַנג און דער שופר של משיח זאָל שאַלן צו אונדז מתוך שמחה שלימה, וואָס שנעלער — אמן.

# אַ כשרע מזוזה אויף אַ גוייִשער טיר

אַ באַקאַנטער ייד האָט מיר דערציילט אַן אויסטערלישע מעשה. מעגלעך אַז די גאַנצע מעשה איז אַן אויסגעטראַכטע, ווייל ווי איך קען אָט דעם באַקאַנטן מייִנעם האָט ער ליב צו פאַנטאַזירן, און קען פאַנטאַזירן אַזוי פיל און אַזוי לאַנג וועגן אַ געוויסער מעשה, אַז ער אַליין הייבט אָן צו גלייבן אַז ער האָט דאָס טאַקע אַליין געזען און געהערט און אַזוי דערציילט ער דאָס פאַר אַנדערע מיט דעם פולן באַוואוסטזיין, אַז ער דערציילט אַ ווירקלעכן אמת.

אָפטמאָל, פון אַזעלכע פאַנטאַזירטע און אויסגעטראַכטע מעשהס, ווערן געבוירן (ביי טאַלאַנטירטע שרייבערס, פאַרשטענדלעך) גרויסע, פאַרנעמפולע ליטעראַרישע ווערק, וואָס ווערן באַרימט אויף דער וועלט.

אָט האָט איר אַ פאַקט — אין דער גמרא בבא בתרא דף ט״ו, עמוד א׳ און ב׳, ווען געוויסע אמוראים שפּאַרן זיך וועגן דער צייט ווען איוב האָט געלעבט, קומט גאָר איינער און זאָגט, אַז „איוב לא היה ולא נברא אלא משל היה״, דאָס הייסט אַז די גאַנצע מעשה פון איוב איז אַן אויסגעטראַכטע פון עמעצן, אָבער אין דער אמתן האָט גאָר אַזאַ מעשה קיינמאָל נישט פּאַסירט, נאָר דער מחבר פון ספר איוב האָט די גאַנצע מעשה געשריבן ווי אַ משל.

קען אויך זיין אַז מיין באַקאַנטער האָט די אויסטערלישע מעשה, וועגן אַ מזוזה אויף אַ גויישקער טיר, אויסגעטראַכט צוליב עפּעס אַ משל, אָבער וואָס איז דער נמשל דערפון האָט ער נישט דערזאָגט.

איצט לאָמיר איבערדערציילן די מעשה, ווי איך האָב זי גע־הערט פון מיין באַקאַנטן יידן:

זיין בוכהאַלטער, דער וואָס פירט אים די געשעפטס ביכער — האָט מיין באַקאַנטער געגומען דערציילן — וווינט אויפן פינפטן שטאָק פון אַ גרויס הויז, אויף איינער פון די הויפט גאַסן אין מעק־סיקע־שטאָט. שטענדיק, ווען ער דאַרף זיך מיט עפּעס באַראַטן מיט זיין בוכהאַלטער, קריכט ער צו אים אַרויף מיטן עלעוואַדאָר אויפן פינפטן שטאָק אין בוכהאַלטערס ביוראָ. אַזוי שוין יאָרן לאַנג.

איינמאָל איז אין יענעם הויז קאַליע געוואָרן דער עלעוואַדאָר האָט ער, מיין באַקאַנטער, זיך געמוזט שלעפּן צופוס דורך די טרעפּ, פון שטאָק צו שטאָק, ביז צום בוכהאַלטערס ביוראָ.

אַזוי גייענדיק פּאַמעלעך איבער די טרעפּ האָט ער דערוויילֹ באַטראַכט אויף יעדן שטאָק די שילדלעך אויף די טירן פון די אַלע באַוווינער אין יענעם הויז. אויפן דריטן שטאָק דערזעט ער מיט־אַמאָל אַן אויסטערלישע זאַך: אויף איין טיר הענגט אַזאַ שילדל: „ד"ר מ. ס. פּערנאַנדעס־גאַרסיאַ, מעדיקאָ" און אויפן ביישטידל הענגט אַ מזוזה, אַן אמתע יידישע מזוזה. אַ לענגערע ווײַלע איז ער געבליבן שטיין פאַר יענער טיר און באַטראַכט און אַריינגע־טראַכט אין דער דאָזיקער רעטעניש און אויף קיין פאַל נישט גע־קענט פאַרשטיין וואָס דאָס זאָל באַדייטן. אַז אַ פּערנאַנדעס־גאַרסיאַ איז אַ קריסט איז דאָך גאָר קיין פראַגע נישט, ווי זשע קומט עס אַ יידישע מזוזה אויף זיין טיר? אַ מזוזה הענגט נאָר אויף אַ יידי־שער טיר. דאָס איז דאָך גאָר קיין פראַגע נישט, ווי זשע קומט צו אַ ייד אַזאַ נאָמען, פּערנאַנדעס־גאַרסיאַ?

איז ער אַזוי דערקראָכן מיט זיין רעטעניש ביז צום פינפטן שטאָק, צו זיין בוכהאַלטער, אַ ייד, אים דערציילט וואָס ער האָט געזען און געבעטן אַז יענער זאָל אים קלאָר מאַכן וואָס עס קען באַדייטן אָט די דאָזיקע רעטעניש.

דער בוכהאַלטער אָבער האָט אויף קיין פאַל נישט געוואָלט גלייבן, אַז דאָס זאָל זיין אמת. סטייטש — האָט דער בוכהאַלטער געזאָגט — ער קען גוט זיין שכן, דעם דאָקטאָר, ער ווייסט אַז דער דאָקטאָר איז אַ גוי גמור, אַ מעקסיקאַנער קאַטאָליק, ווי זשע קען עס זיין אַז אויף זיין טיר זאָל הענגען אַ יידישע מזוזה, וואָס זעלטן וואו אויף יידישע טירן אַפילו זאָל זיין צוגעקלאַפּט אַ מזוזה?!

כדי זיך איבערצוצייגן צי דאָס איז אַן אמת אָדער אַן אויס־דאַכטעניש, זענען זיי ביידע, מיין באַקאַנטער און דער בוכהאַלטער, אַראָפּ אויף די טרעפּ, צום דריטן שטאָק; צום בוכהאַלטערס דער־שטוינונג האָט ער דערזען, אַז מיין באַקאַנטנס פעסטשטעלונג איז אַ ריכטיקע. זענען ביידע אַזוי געשטאַנען פאַרן דאָקטאָרס טיר און מיט גרויס פאַרוואונדערונג באַטראַכט לאַנג דער דאָזיקער אומ־פאַרשטענדלעכקייט, אויף וועלכער עס איז אוממעגלעך צו געפינען אַ באַשייד.

האָט דער בוכהאַלטער פאַרגעלייגט, אַזוי ווי דער דאָקטאָר איז זיינער אַ גוטער פריינד זאָל מען צו אים אַריינגיין און אים אַליין פרעגן דעם באַדייט פון דער מזוזה ביי זיין טיר, און אַזוי איז עס געבליבן, אַז אין אָוונט, ווען דער דאָקטאָר ענדיקט די צייט פון געוויזן אַזוי פיל מענטשלעכקייט און אַזוי פיל געטריישאַפט, האָט ער אויפגענומען פּאַציענטן, וועלן זיי צו אים אַריין אויף אַן אויפקלע־רונג. כאָטש מיין באַקאַנטער האָט — ווי ער זאָגט — געזאָלט זיין אין יענעם אָוונט זייער שטאַרק פאַרנומען, האָט ער אָבער צוליב אַנגעצויגענער נייגעריקייט, אָפּגעלאָזט אַלץ מיט אַן אַנדער און איז צוזאַמען מיטן בוכהאַלטער אַוועק צו ד״ר פערנאַנדעס־גאַרסיאַ אין דער אָפּגערעדטער שעה.

און אָט וואָס דער ד״ר פערנאַנדעס־גאַרסיאַ האָט זיי דערקלערט וועגן דער יידישער מזוזה אויף דער טיר פון זיין קאַנסולטאָריע:

ער — האָט דער דאָקטאָר גענומען דערציילן זיין געשיכטע — האָט יאָרן לאַנג געוואוינט אין דער פּראָווינץ־שטאָט ק. האָט דאָרטן געהאַט אַ גרויסע פּראַקטיק און אַ באַרימטן נאָמען. האָט ער זיך איינמאָל באַגעגנט מיט זיינעם אַ קאָלעגע, אַ אוניווערסיטעט־חבר, אַן אָנגעזעענער מעדיקער אין מעקסיקע־שטאָט, האָט אים יענער צוגערעדט, אַז ער זאָל זיך אַריבערציען קיין מעקסיקע, וואו די מעגלעכקייטן זענען גרויסע און די פּערספּעקטיוון זענען ברייטע, אָבער אויף דער פּראָווינץ ווערט מען איינגעשרומפּן און מ׳בלייבט אויף שטענדיק אַ פּראָווינצער דאָקטאָרל, אָן אַ נאָמען און אָן פּערספּעקטיוון. זיין קאָלעגע האָט אַזוי פיל אין אים אַריינגערעדט ביז ער האָט זיך געלאָזט איבער רעדן.

ערשט אָנקומענדיק קיין מעקסיקע האָט ער דערזען וואָס פאַרא פאַטאַלן פעלער ער האָט געמאַכט; ער האָט פון זיין אָרעמער פּראַק־

טיק נישט געהאַט אַפילו צו באַצאָלן דאָס דירה-געלט. ער האָט זיך אַזוי געמוטשעט אַ לאַנגע צייט און דערווייל האָט ער אויפגעגעסן דאָס גאַנצע געלט וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון ק. אַ גאַנץ היפּשע סומע; פאָרן צוריק אויף דער פּראָווינץ אין ק. האָט ער זיך געשעמט, ווייל די איינוווינער פון ק. האָבן אים געבעטן אַז ער זאָל זיי נישט פאַרלאָזן און זיי האָבן אים געוואָרנט אַז אין דער גרויסער מעקסיקע וועט ער זיך רואינירן.

אין יענער צייט, ווען ער איז געווען שטאַרק פאַרצווייפלט, האָט ער זיך באַקאַנט מיט אַ ייד, אַ סוחר, פון אַלטע אייזן, זייער אַ ליבער מענטש, און יענער איז פאַר אים געווען דער גוטער מלאך. דער סוחר האָט געהאַט זיין ביורא אַט אין דאָזיקער וואוינונג וואו די קאָנסולאַטריע געפינט זיך. ער האָט דעם דאָקטאָר איבערגע-געבן די וואוינונג און אים געהאָלפן מיט געלט און מיט אָנגע-שטרענגטער מי איינצואָרדענען אַט די דאָזיקע מאָדערנע קאָנ-סולטאָריע.

ווען ער איז אַריין אין זיין נייער קאָנסולטאָריע — האָט דער דאָקטאָר ווייטער דערציילט — האָט ער געפונען אויף דעם ביי-שטידל פון דער טיר צוגעקלאַפּט אַט די דאָזיקע מזוזה. ווען ער האָט געפרעגט דעם סוחר, דעם פריינד זיינעם, צו וואָס נוצט אַט דאָס און וואָס באַדייט אַט דאָס, האָט אים יענער געגעבן צו דער-קלערן: כאָטש דאָס איז אַ ריין-יידיש-רעליגיעזער צייכן אָבער ווער עס האָט דאָס צוגעקלאַפּט ביי זיין טיר איז זיכער אין הצלחה אין אַלע זיינע געשעפטן, און דער סוחר האָט אים געראָטן אַז ער זאָל אַט די מזוזה נישט אַראָפּנעמען; כאָטש ער איז אַ קריסט — אַ קאַ-טאָליק, וועט דאָס פונדעסטוועגן אים אויך ברענגען אַ סך גליק די דאָזיקע מזוזה.

אין אַ שלעכטע מאַטעריעלער לאַגע איז ער דאַמאָלסט געווען — האָט דערציילט ווייטער דער דאָקטאָר — זיין פאַרצווייפלונג איז געווען שרעקלעך און דער סוחר, זיין פריינד, האָט צו אים אַרויס-געוויזן אַזוי פיל מענטשלעכקייט און אַזוי פיל געטריישאַפט, האָט ער אים צוליב געטאָן און די מזוזה נישט אַראָפּגענומען, כאָטש ער האָט אין אָנהייב נישט שטאַרק געגלייבט, אַז אַט די יידישע מזוזה קען אים עפּעס העלפן.

אָבער — האָט דער דאָקטאָר פאַרגעזעצט — עס איז אַריבער אַ גאַנץ קורצע צייט און ער האָט ערשט איינגעזען ווי גערעכט עס איז געווען זיין טייערער פריינד, דער סוחר. פון טאָג צו טאָג האָט זיך זיין פּראַקטיק פאַרגרעסערט.

הגם די אויפנעם שעהען הייבן זיך איצט אָן פון 4 נ. מ. איז שוין 3 אַזייגער די קאָנסולטאָריע געפּאַקט מיט פּאַציענטן. אויך זיין פּראַקטיק אין גאַס, וויזיטן אַהיים, קען ער נישט נאָכקומען. ער זעט ממש בולט ווי דאָס מזל זיינס האָט זיך געביטן צום גוטן. און דאָס וואָס ער האָט פאַרלוירן אין דער ערשטער צייט פון זיין אָנקומען אין שטאָט מעקסיקע, האָט ער שוין צוריק באַקומען הונ־דערט פאַכיק מער.

דאָס אַלצדינג — האָט דער דאָקטאָר פאַרענדיקט — האָט ער צו פאַרדאַנקען זיין פריינד דעם סוחר און אָט דער יידישער מזוזה, וואָס איז צוגעקלאַפּט ביי זיין טיר. פון היינט אָן — האָט דער דאָקטאָר צוגעגעבן — ווען מען זאָל אים געבן אַפילו טויזנטער פּעזעס וועט ער אָט די מזוזה פון דער טיר נישט אַראָפּנעמען און זיין פריינד, דעם סוחר, וועט ער אין זיין גאַנצן לעבן נישט פאַרגעסן.

# „מאַקסיטאַרם“

„מאַקסיטאַרם“ איז אַ מעדיקאַמענט, וואָס איז דערפונדן געוואָרן אין דער צייט פון דער לעצטער וועלט-מלחמה. דאָס איז אַ הייל-מיטל אַזאַ, אין פּילן, וואָס קורירט נערוון-דערשיטערונג און משוגעת. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ וווּנדערבאַר הייל-מיטל, מיט זייער גרויסע דערפאָלגן. אָבער צוזאַמען מיט די מעלות פאַרמאָגט דאָס אויך גרויסע חסרונות. עס איז אָפּהענגיק פון דעם ווי אַזוי דאָס דאָזיקע מיטל ווערט באַנוצט. אויב אין קליינע דאָזעס מאַכט דאָס די געהעריקע ווירקונג לטובת די משוגעת-ליידנדיקע, עס היילט און נאָרמאַליזירט דעם נערוון-סיסטעם. דאַקעגן אָבער, ווען דאָס ווערט גענוצט אין עטוואָס אַ גרעסערער דאָזע ברענגט עס די פּונקט פאַרקערטע ווירקונג: עס ברענגט צו אַ געפערלעכן איינבראָך פון אָרגאַניזם, דער קראַנקער פאַרלירט זיין פריידיקע שטימונג, פאַרלירט דאָס געפיל פון זעלבסטעקזיסטענץ און פאַלט אַריין אין אומעט און מרה-שחורה. דער דאָזיקער צושטאַנד ווערט באַגלייט מיט אַ געפיל פון אומרואיקייט און מיט איבערגעטריבענער חוצפה.



פאַראַן אָפט פּראָבלעמען וואָס מען מאַטערט זיך זיי צו פאַרשטיין און ס'איז שווער זיי צו לייזן. קומט אַמאָל אַ קליינער צופאַל, וואָס האָט דאַכט זיך גאָר קיין שייכות נישט צו יענע פּראָבלעמען און דאָך גיט אָט דער צופאַל אַ שיין אויף מיט אַ העליש ליכט און באַלייכט דעם וועג צו דער פּראָבלעם-לייזונג, וואָס האָט געמאַטערט אַזוי לאַנג און אויסגעוויזן צו זיין אומפאַרשטענדלעך.

עס האָט געמאַטערט אַ פראַגע: פון וואַנען נעמט זיך אַזוי פיל חוצפּה צו אָט די אַלע גבאים און גבאימלעך, פּרעזידענטן און פּרעזידענטלעך, סעקרעטאַרן און סעקרעטאַרטשיקלעך, מאַכערס און מאַכערלעך? מיר קענען דאָך זיי אַלע פון דער אַלטער היים, געווען זענען זיי דאָרטן פּשוטע, ווילע, באַשיידענע יידן: היימישע בעל עגלהס, קצבים, דאָרפגייערס, קאָוואַלעס, שוסטערס, שניידערס, סטעל־מאַכס, קרעמער אאַז"וו. יידן אָן טענות, אָן פּרעטענציעס, אָן פאַרריסענע נעז, און דאָ מיטאַמאָל אַזוי פאַרריסן ביי זיך מיט אַזוי פיל גאווה און מיט אַזוי פיל חוצפּה! פון וואַנען נעמט זיך דאָס?

אַ שווערע פראַגע, אַה יאָ?

איז געקומען אַ צופאַל און האָט אומדירעקט באַלויכטן אָט דעם ענין, אַזוי אַז דער ענטפער ווערט קלאָר ווי דער טאָג. דער צופאַל איז געקומען אין פאָרעם פון אַן אַלטן מעדיצינישן זשורנאַל. דאָרטן ווערט באַהאַנדלט די ווירקונגען פון דעם ניי־דערפונדענעם מעדי־קאַמענט, „מאַקסיטאַרם", פּילן וואָס היילן משוגעת.

ווייזט אויס, אַז מיט אָט די לייט איז געשען דאָס פאָלגנדע: ווי לאַנג זיי זענען געווען פּשוטע, ווילע און אָרעמע פאָלקס־מענטשן זענען זיי, אַזוי ווי פיזיש אַזוי אויך פּסיכיש, געווען געזונטע, נאָר־מאַלע און קלאָרזיניקע מענטשן. מיטאַמאָל האָבן אָבער אָט די דאָזיקע לייט באַקומען „מאַטניא", האָט זיך ביי זיי צעשרויפט דער מוח (נישט פאַר אייך געדאַכט) און זיי האָבן אָנגעהויבן צו קרענקען אויף „סכיזאָפרעניע", דאָס איז אַ מין מאַניקאַלע קראַנקהייט. אין אונדזער פאַל האָט זיך די קראַנקהייט אָפּגערופן אין פאָרעם פון „גרויסקייט־מאַניע". האָט די דאָזיקע קראַנקהייט (באַהיט זאָל מען ווערן) זיי געמאַטערט בייטאָג און ביינאַכט, זיי נישט געלאָזט שלאָפן און נישט געלאָזט רוען. עס האָט זיי צעפרעסן פיזיש און גייסטיק. איז וואָס זשע טוט מען אין אַזאַ פאַל? זענען זיי מסתם אַוועק צו אַ דאָקטאָר און דער דאָקטאָר האָט זיי מסתם פאַרשריבן די ניי־דערפונדענע פּילן „מאַקסיטאַרם". די דאָזיקע פּילן, וואָס היילן משוגעת; מוז מען אָבער אָט די פּילן נעמען אין קליינע דאָזעס, אויב נישט — מאַכן זיי גאָר אַ פאַרקערטע ווירקונג. איז טאַקע אַזוי געשען. אַזעלכע קראַנקע האָבן דאָך קיין געדולד נישט. האָבן זיי מסתם איינגענומען די פּילן „מאַקסיטאַרם" אין גרעסערע דאָזעס. די פאָלגן דערפון זענען וואָס די קראַנקע פאַלן אַריין אין

אַ צושטאַנד פון אומרואיקייט; שרעקן זיך פאַר זייער דערמאָנטער פאַרגאַנגענהייט; באַקומען אַן אומבאַפרידיקטע גרויסקייט-מאַניע; טראָגן זיך אַרום מיט אַ געפיל, אַז זייער ווירדע ווערט נישט גענוג אָפּגעשאַצט, און די חוצפה זייערע דערגרייכט צו אַזאַ מדרגה, אַז פאַר די אַרומיקע ווערט עס שוין אומדערטרעגלעך אויסצוהאַלטן.

אַט, אָ, דאָס איז עס! פאַרשטאַנען?

זעט איר שוין, ווי אויבן געזאָגט, אַז אַ זייטיקער צופאַל קען אַמאָל באַלייכטן און אויפקלערן גאַנץ שווערע פּראָבלעמען און קלאָר מאַכן אַ סך אומפאַרשטענדלעכקייטן.

ווייס איך, אַז אַ סך וועלן מיט דער דאָזיקער מעדיצינישער טעאָריע נישט מסכים זיין און מ׳וועט גאָר אויפווייזן, אַז די סיבות פון איבערגעטריבענער חוצפה שטאַמען גאָר פון אַן אַנדער מקור. קען זיין. איך וועל זיך נישט שפּאַרן. אָבער אַזוי ווי איך בין נישט קיין מעדיקער און כ׳האָב נישט קיין אַנונג אין די ווירקונגען וואָס פאַרשידענע מעדיצינען האָבן אויף קראַנקהייטן, בין איך געצוואונגען זיך צוהערן צו דעם וואָס מעדיקער, פאַכלייט און ספּע-ציאַליסטן, האָבן וועגן דעם צו זאָגן און דאָס אָננעמען פאַר ריכטיק, פּונקט ווי מיר טוען דאָס אין באַצוג צו אַנדערע ווינסשאַפטלעכע טעאָריעס און צו זייערע אָנווענדונגען אין דער פּראַקטיק.

# מיין תשובה אויף אַ האַרבער שאלה

אין איינעם פון זיינע טעגלעכע קאָלומס אין ניו־יאָרקער „טאָג" פרעגט ב. צ. גאָלדבערג זייער אַ האַרבע און אינטערעסאַנטע שאלה:

— פאַרוואָס גייט נישט פון לאַטיין אַמעריקע אַ שטראָם פון יידישער אימיגראַציע קיין ישראל?

מילא, די יידן פון צפון־אַמעריקע — זאָגט ער — קען מען נאָך פאַרשטיין, פאַרוואָס זיי ווילן נישט אַוועק פון רייכסטן און מעכטיק־סטן לאַנד אין דער וועלט; זיי זיינען צו טיף אריינגעוואַקסן אין לאַנד, צופיל אַריינגעבירגערט אינם לאַנד, צופיל אַסימילירט אין דעם זין פון לעבן, דעם זעלביקן סאָרט לעבן ווי די נים־יידן, — אַז מ'זאָל דערוואַרטן, אַז זיי זאָלן וועלן זיך אַ לאָז טאָן קיין ישראל; אָבער די יידן פון לאַטיין־אַמעריקע? זיי לעבן דאָך אָפּגעזונדערט פון די אַנדערע עלעמענטן אין דער באַפעלקערונג; דער ייד פון לאַטיין־אַמעריקע לעבט זיך אַ סך ווינציקער אוים מיט דער לאַטיין־אַמעריקאַנער קולטור, איידער די יידן אין צפון אַמעריקע מיט דער ענגלישער קולטור: האָט מען דאָך געקענט דערוואַרטן, אַז באַלד ביי דער אַנטשטייאונג פון דער יידישער מדינה וועט גיין אַ מאַסן־עמיגראַציע פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער קיין ישראל. צום סוף — עס הייבט זיך גאָרנישט אָן. אַפילו צווישן דער יוגנט, וואָס זיינען אָרגאַ־ניזירט אין חלוצים, איז צו באַמערקן — זאָגט ב. צ. גאָלדבערג — אַ ווייטער מרחק צווישן וועלן און טאָן. זיי רעדן מער וועגן פאָרן ווי — נעמען איינפּאַקן זיך און פאָרן.

און ב. צ. ג. זאָגט, אַז מ'וואָלט באַדאַרפט מאַכן אַ שטודיום וועגן דעם. אָביעקטיוו און גרינטלעך באַטראַכטן די סיבות, וואָס שטערן

אַ יידישע מאַסן־אימיגראַציע אין ישראל פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער.

ער אַליין גיט צו אַ השערה, אַז עס קען זיין:

**„גיכער פון אַלץ, דוכט מיר, ליגט די סיבה אין דער פּשוטער מענטשלעכער שוואַכקייט, ווייל דעם יידן אין לאַטיין־אַמעריקע לעבט זיך גאַנץ לייכט און באַקוועם. ער אַרבעט ווייניק, ער איז ווייניקער פאַרהאַרעוועט און פאַריאָגט. ער האָט על פּי רוב אַ פיינע רחבותדיקע דירה און וויפל דינסטן ער וויל, איז ער ווייט נישט קיין בעלן צו גיין פון באַקוועם צו ווייניקער באַקוועם. אים איז נאַכגישט אנגענעם דאָס צוצוגעבן, זוכט ער זיך אויס אַנדערע תירוצים. ער האָט נאָכניט אינגאַנצן אויפגעגעבן דעם געדאַנק פון וועןָ עס איז צו פאָרן קיין ישראל, אָבער דער „ווען־עס־איז" ווערט לענגער אין צייט, פון טאָג צו טאָג. ווייניקע פאָרן אָפּ בפועל ממש, און אַ טייל פון די אָפּגעפאָרענע איז געקומען צוריק"....**

ווי עס ווייזט אויס איז ב. צ. גאָלדבערג אַליין נישט שטאַרק זיכער אין זיין אָנגעגעבענער השערה און ער פאָדערט פונדעסטוועגן אַ גרינטלעכן שטודיום וועגן די אמתע סיבות, וואָס האַלטן אָפּ אין היינטיקער צייט פון פאָרן אין ישראל. איך וויל נאָך צוגעבן, אַז אַפילו אין זיין השערה, פאַרוואָס יידן פון דער רייכער צפון־אַמעריקע האָבן נישט קיין חשק צו פאָרן קיין ישראל, איז ער אויך נישט אינגאַנצן זיכער. און זיין פראַגע „פאַרוואָס?" קען זיך גאַנץ גוט באַציען גלייכצייטיק אויף ביידע אַמעריקעס.

וועל איך זיך אָננעמען מיט מוט, זיך אָנגורטן מיט דרייסטקייט און פּרובירן געבן אַ תשובה אויף דער דאָזיקער הארבער שאלה.

איך בין איינער פון דער ערשטער גרופּע, פינף און אַכציק עולים, וואָס האָט תיכף נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1919, זיך אוועקגעלאָזט פון פּוילן קיין ארץ ישראל, וואו איך האָב געלעבט אַ סך יאָרן (די רייזע האָט געדויערט אָבער צוויי חדשים, מיט אַ צעבראָכענער איטאַליענישער שלעפּ־שיף „קאַרנאַליאַ").

איך האָב זיך דאַמאָלסט שטאַרק אינטערעסירט, סיי ביז ארץ ישראל און אויך שוין אין ארץ ישראל, און כ'האָב נאָכגעפאָרשט די

סיבות, פאַרוואָס יידישע יונגעלייט, און איך בתוכם, האָבן פאַרלאָזט זייערע וואַרעמע, באַקוועמע אַלטגעזעסענע היימען, וועלכע זיינען אין יענע יאָרן זייער ווייט געווען פון באַזונדערע שרעקן און געפאַרן, מיר האָבן אַלץ איבערגעלאָזט און זיך אַוועקגעלאָזט אין ווייטן מדברדיקן ארץ ישראל, זיך געוואָרפן מיט לוסט און פרייד אויף די שווערסטע אַרבעטן פון טריקענען זומפּן, פלאַסטערן שאָסייען, פאַר־לייגן אייזנבאַן־ליניעס, בויען געביידעס, רייסן שטיינער פון די פעלזן, האַקן הציץ (דראַבנעם שטיין־שאָבער) און נאָך אַזוי ווייטער; אַרבעטן וואָס זיינען, ביי יענע באַדינגונגען, פאַרבונדן געווען מיט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען, מיט הונגער, מיט מאַלאַריע און אַנדערע קראַנקהייטן, אָן דער עלעמענטאַרסטער מעדיצינישער הילף און אָן אַ פּלאַץ אַפילו וואו צו קענען ליגן קראַנקערהייט. פונדעסטוועגן איז אַלץ האָט מען פאַרזונגען און פאַרטאַנצט מיט צעבראָשטשעטער יוגנט־פרייד, אָן דעם מינדסטן קרעכץ און אָן אַ שמץ פון באַדויערן, חלילה! — פאַרוואָס?

וויים איך זייער גוט דעם אַלטבאַקאַנטן ציוניסטישן ענטפער:

— יונגעלייט זיינען דורכגענומען געווען מיט ציוניסטישן באַ־וואוסטזיין, און נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָט זיך פונדאַסניי צעפלאַקערט אין זיי דער יידישער פּאַטריאָטיזם און עס האָט אויפגע־וואַכט די אהבת המולדת, האָט דעריבער די יוגנט זיך געוואָרפן מיט חשק צו בנין הארץ, אויפצובויען אַ היימלאַנד פאַרן היימלאָזן פאָלק, און דאָס אַליין איז געווען גענוג געווען אַז יידישע יונגעלייט, מכל קצוות תבל, זאָלן גיין אויף מסירת נפש און קרבנות־גרייטקייט לטובת דער באַנייאונג פון אונדזער אַלטנייעם היימלאַנד.

וועל איך דאָ אַרויסזאָגן אַ שטיקל אַפּיקורסות. איך באַגרינדע דאָס מיט מיין יאָרן־לאַנגער דערפאַרונג, אַז ניט בלויז אָט דער אָנגעגעבענער ציוניסטישער מאָטיוו איז געווען די אמתע סיבה פון דער דריטער עליה, און נישט פון דעם אַזוי עקשנותדיקן איינבייסן זיך פון דער יוגנט מיט ציין און נעגל דאַמאָלסט אין דעם מדברדיקן ארץ ישראל.

איך לייקן נישט, אַז אויך דער נאַציאָנאַל־ציוניסטישער באַוואוסט־זיין האָט דאָ געשפּילט אַ ראָל, אָבער — נישט מער ווי אויף אפשר צוואַנציק פּראָצענט. די אַנדערע אַכציק פּראָצענט פון דער טרייב־

קראַפט ביי דער דאַמאָלסטדיקער יוגנט, זיינען געקומען אויך פון אַנדערע קוואַלן.

יידישע יוגנט דאַמאָלסט איז באַשטאַנען אין איר גאַר גרעסטער מערהייט — ווי בכלל די מערהייט יידן — פון ישיבה־בחורים, סטודענטן, בוכהאַלטערס, האַנדלס־אַנגעשטעלטע, זיידענע יונגער־מאַנטשיקעס, קעסט־קינדער, סוחרימלעך, שטעקל־דרייערס, מע־קלערס און סתם לײדיקגייערס; וואָרן אַפילו בעלי מלאכות, האָרע־פּאַשנע האָבן געשטרעבט צו מאַכן פון זייערע קינדער „לייטישע מענטשן", וועלכע זיי זאָלן נישט זיין, אבי נישט קיין אַרבעטער חלילה.

האָט אָבער ביי דער זעלביקער יוגנט גענומען ברויזן אַן אומרו פון בנין העם; עס האָט אויפגעבאַכט אַ רעוואָלוציאָנערנדיקער גע־דאַנק, אַז דאָס יידישע פאָלק מוז זיך גרונטיק איבערבויען און ווערן אַ געזונט, נאָרמאַל, אַ פּראָדוקטיוו אַרבעטס־פאָלק און אויפן דאָזיקן באַזיס סאַנירן די ווייטערדיקע עקזיסטענץ פון יידן אַלס פאָלק. דער דאָזיקער געדאַנק איז ביי אונדז ענג פאַרבונדן געוואָרן צוזאַמען מיט דעם דערוואַכטן פאָלקס ווילן פאַר אַן אייגן היימלאַנד. זיינען מיר אַוועק קיין ארץ ישראל מיטן ציל לבנות ולהבנות, צו בויען און אַליין ווערן איבערגעבויט, ווערן פּראָדוקטיווע, נוצלעכע, אַרבעטס־מענטשן; אַליין פאַרקערפּערן מיט זיך דאָס, וואָס מיר האָבן געשטרעבט צו מאַכן פונם גאַנצן יידישן פאָלק — אַן עם עובד, אַן אַרבעטנדיקן פאָלק.

ווער עס האָט נישט מיטגעלעבט, אין יענע יאָרן, מיט אָט דעם אַרבעטנדיקן עלעמענט אין ארץ ישראל, קען גאָר קיין פאָרשטעלונג נישט האָבן פון אונדזער יענער שמחה, פון יענער חדוות החיים, פון יענער הויכער, ממש הימלעשער פרייד אונדזערער, וואָס איז געוואַקסן אין אונדזערע הערצער פון טאָג צו טאָג, ווען מיר האָבן דערפילט אין אונדזערע נשמות דעם כוח פון יצירה, די קראַפט פון בויען און שאַפן.

נישט קיין הונגער, נישט קיין קרענק, נישט קיין יסורים, נישט קיין שום גיהנומדיקע ליידן האָבן נישט געקענט אָפּשוואַכן אין אונדז די זעלבסט זיכערע געקרעפטיקטקייט און די גליקלעכע צופרידנקייט וואָס האָט זיך אין אונדז אַנטוויקלט אַלץ מערער און אַלץ שטאַרקער

פון טאָג צו טאָג, בלויז מיטן פריידיקן געדאַנק, אַז מיר ווערן איבער־געבויט, מיר ווערן געזונטע פּראָדוקטיווע אַרבעטס־מענטשן.

פאַרקערט גאָר — וואָס שווערער, וואָס אָנגעשטרענגטער, וואָס פאַרמאַטערנדיקער עס איז אונדז אָנגעקומען די אַרבעט אויסצופירן, אַלץ פעסטער און אַלץ עקשנותדיקער זיינען מיר פאַרהאַרטעוועט געוואָרן אין דער שטרעבונג צו דערגרייכן אונדזער ציל: אויפצובויען אַ געזונט יידיש אַרבעטער־פאָלק אין ארץ ישראל.

יעדער נייער שאָסיי, יעדע נייע מחצבה (שטיינהאַקעריי), יעדע ניי־אויפגעבויטע געביידע, וואָס מיר האָבן באַוויזן צו שאַפן מיט אונדזערע צעבלוטיקטע הענט, האָט נייע יצירה־פרייד אַריינגעגאָסן אין אונדזערע נשמות.

יעדן שווערן אַרבעטס־טאָג האָבן מיר, נאָך אַ גאָר אָרעמע וועטשערע, פאַרענדיקט שפּילנדיק, טאַנצנדיק און זינגענדיק, אַזוי אַרום אויסגעגאָסן דעם איבערפלוס פון שמחה וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין אונדזערע הערצער.

יעדע נייע שיף מיט הונדערטער נייע יידישע אַרבעטס־הענט האָט אונדז אָנגעפילט מיט מוטיקייט, דרייסטקייט און געקרעפטיקטקייט אַנטקעגן צו קומען אונדזער ציל, און אַן אויסשאַלונג פון נבואה האָט צו אונדז אויסגעשריגן:

— אָט ווערט געבוירן אַ ניי פאָלק, אַ פּראָדוקטיוו פאָלק, אַ שעפעריש פאָלק, אַ זעלבסשטענדיק פאָלק, אין אונדזער באַנייטן היימלאַנד!

אונדזערע פאַנטאַזיעס האָבן געקריגן פליגל און וויים צעשפּרייט האָבן זיי זיך, מיט יעדן טאָג, מיט יעדן חודש, מיט יעדן יאָר, אַלץ ווייטער און ברייטער. אָט האָבן מיר שוין געזען פאַר אונדזערע אויגן ווי דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, פון קליין ביז גרויס, וואַרפט פון זיך אַראָפּ דעם אַלטן גלותדיקן־בלאָטיקן שטויב פון קרעמעריי, מעקלעריי, שטעקלדרייעריי, ליידיקגייעריי און סתם גרינגע פאַרדינסטלעך; נאָר אַלע, אַלע, בנעורינו ובזקנינו, ווערן פאַרוואַנדלט אין איין גרויסן, אָרגאַניזירטן יידישן אַרבעטס קערפּער, וואָס גייט מיט פרייד און שטאָלץ אויפן וועג פון כיבוש העבודה און כיבוש הארץ.

אַט די דאָזיקע חלומות און פאַנטאַזיעס האָבן פאַר אונדז, אין ארץ ישראל אַנגעצונדן אַ נייעם עמוד האש, וואָס האָט אונדז געפירט, געמוטיקט און געקרעפטיקט אין אונדזער שווערער אַרבעט, און האָט אויך אָנגעצונדן די הערצער פון טויזנטער און צענדליקער טויזנטער אַנדערע יידישע יוגנטלעכע, נאָך אין גלות פאַרלויפיק, אָבער — שוין אויפן וועג צו אונדזער שותפותדיקער אַרבעט פון „לבנות ולהבנות" אין ארץ ישראל. ליכטיקע פערספעקטיוון האָבן געררייצט און מאַגנע־טיזירט די יידישע יוגנט, פערספעקטיוון פון אַ באַנייט פראָדוקטיוו געזונט און נאָרמאַל יידיש אַרבעטס־פאָלק, פערספעקטיוון וואָס האָבן געוועקט און גערופן די יידישע יוגנט בכל קצווי תבל, און די יוגנט האָט מיט וואַכע אויערן און מיט וואַרעמע הערצער זיך צוגעהערט צום רוף און מיט חשק און לוסטיקייט זיינען זיי מאַסנווייז געקומען אין ארץ ישראל.

⁂

זיינען מיר שוין היינט אין יאָר 1965. אין צווישן־צייט איז דער גרעסטער אומגליק אין אונדזער געשיכטע צו אונדז געשען, און אויך דער גרעסטער גליק אין אונדזער געשיכטע איז פאַר אונדז דערשינען: אַן אייגענע זעלבסטשטענדיקע יידישע מדינה איז אַנטשטאַנען.

ביידע קאַרדינאַלע געשעענישן האָבן אונדז צעטרייסלט, צעטו־מלט און — אויסגעניכטערט... די אַמאָליקע חלומות און פאַנטאַזיעס, וועלכע האָבן דאַמאָלסט אַזוי גערייצט און גערופן, האָבן ווינטן פאַרטראָגן ערגעץ ווייט ווייט... היינט איז בלויז רעאַלע ניכטערקייט געבליבן...

קיין מדינת ישראל איז בלויז אַן איבערוואַנדערונג געקומען, אָבער ניט קיין איבערוואַנדלונג.

די זעלביקע קרעמערס, די זעלביקע שפעקולאַנטן, די זעלביקע שמוגלערס, די זעלביקע עקספּלאָאַטאַטאָרס, די זעלביקע בערזעס, אַלץ ווי אין די אַלטע גלות־לענדער. און מ'דאַנקט נאָך דעם הימל ווען זיי קומען קיין ישראל. און זיי נעמען עס דאָמינירן מדינת ישראל.

איז וואָס זשע קען היינט זיין דער גרויסער כישוף־כוח, דאָס הייליקע צויבער־וואָרט וואָס זאָל אימשטאַנד זיין צו צינדן הערצער

און צעפּלאַמען די נשמות פון דער יידישער יוגנט אין דער ברייטער וועלט, אַ זי זאָל מיט חשק און התלהבות זיך אַוועקלאָזן אויף מסירת נפש און קרבנות־גרייטקייט קיין מדינת ישראל?

זאָלן בלויז די ווערטער „מדינה" און „מלוכה" ככל הגויים פאַר־מאָגן אין זיך אָט דעם וואונדערבאַרן כישוף־כוח? זאָלן בלויז יידיש־פּאַטריאָטישע נאַציאָנאַלע פליכטן זיין אימשטאַנד אויפצווועקן די יוגנטלעכע פון די אַמעריקעס פון זייער פּאַסיווקייט, באַקוועמלעכ־קייט און רואיקייט, ווי אַמאָל עס האָט אויפגעוועקט דער יוגנט פון כל קצווי תבל פאַר ארץ ישראל?

קומען דאָך די פאַקטן און צייגן דעם ביטערן אמת. זיי שרייען אַרויס גאַנץ שאַרף, אַז דאָס אַליין איז נישט גענוג.

אָט אָ דאָ — מיין איך — ליגן די גרונט־סיבות, פאַרוואָס מדינת ישראל האָט נישט געקענט אַרויסרופן דעם זעלביקן פייערדיקן אָפּ־קלאַנג אין די הערצער פון דער יוגנט אין די אַמעריקאַנער לענדער, אויף צו לאָזן זיך מיט התלהבותדיקער לוסטיקייט און צעפלאַמטן חשק קיין ישראל, ווי אין יענע יאָרן ווען עס האָט זיך געלאָזט די יוגנט אין מדברדיקן ארץ ישראל.

# אַרבעט און קאַפּיטאַל אין ארץ ישראל

אין גרעסטן טייל פון אונדזער לאַנגער גלות-וועג, ווען די לעב-צונג נאָך גאולה איז געווען אַן אומאויפהערלעכע, איז אונדזער פאַר-שטעלונג וועגן גאולה פאַרשטאַנען געווען אַזוי:

פיר גאולות וועלן גלייכצייטיק קומען צוזאַמען. נעמלעך — 1) גאולת העם, 2) גאולת הארץ, 3) גאולת העבודה און 4) גאולת הנפש.

לאָמיר נעמען פּאַרטייטשן אין מאַמע לשון וואָס דאָס אַלץ מיינט.

גאולת העם — דאָס יידישע פאָלק וועט באַפרייט ווערן פון פרעמדן יאָך, פון פרעמדן אַרויפצוואַנג, פון פרעמדן ווילן און פון פרעמדן איינפלוס. נייערט — דאָס יידישע פאָלק וועט ווערן פול-שטענדיק פריי; וועט אַליין הערשן איבער זיך: אַליין זעלבסשטענדיק פאַרוואַלטן מיט זיך און יעדע טואונג אינם פאָלק, פון פאָלק פאַרן פאָלק, וועט דיקטירט ווערן נאָר פון אייגענער פאָלקס-נויטווענדי-קייט און געריכטעט לויט דעם פאָלקס אייגענעם ווילן.

גאולת הארץ — ארץ ישראל וועט באַפרייט ווערן און אויסגעלייזט ווערן פון די פרעמדע פאַרכאַפּער; וועט באַפרייט ווערן פון איר אלמנה-שאַפט און פון איר פאַרפוסטקייט. נייערט — זי וועט זיך צוריק אומקערן צו אירע אור-אייגנטימער, וועלכע האָבן נישט אויפ-געהערט צו בענקען נאָך איר און די קינדער פון ישראל וועלן, מיט די אייגענע כוחות, זי ווידער באַפרוכפּערן און באַלעבן, און זי וועט ווידער ווערן די נאַטירלעכע, זעלבסשטענדיקע היים פונם פאָלק ישראל.

גאולת העבודה — אַרבעט, יגיעת כפים, וואָס איז דאָס שענסטע, דאָס איידלסטע, דאָס דערהאַבנסטע אינם מענטשלעכן וואוילזיין וועט באַפרייט ווערן פון איר געפּאַלנקייט און איר דערנידעריקטקייט; וועט אויסגעלייזט ווערן פון איר שפּלדיקער מדרגה, צו וועלכער זי האָט זיך דערקייקלט אין דער יידישער עקזיסטענץ, אין די יאָרן פון יידישן גלות־לעבן. אַרבעט, יגיעת כפים, וועט ווידער דערהויבן ווערן, אין יידישן באַוואוסטזיין, צו איר גרויסער חשיבות און וועט פאַר־נעמען דעם אויבנאָן אין דער נאָרמאַלער עקזיסטענץ פונם פאָלק, און די קינדער פון ישראל וועלן ווערן געזונטע, פּראָדוקטיווע און ני־צלעכע אַרבעטס־מענטשן, צום וואוילזיין פונם באַפרייטן פאָלק און צום וואוילזיין פונם באַפרייטן לאַנד.

גאולת הנפש — די אויסלייזונג, די באַפרייאונג און די אַרויס־הייבונג פון גייסט. און דאָס דאַרף און מוז קומען ווי אַ לעצטע קאָנ־סעקווענץ פון די פריערדיקע דריי גאולות. אַנדערש וואָלטן די אַנדערע גאולות קיין זין נישט געהאַט און קיין באַדייטונג נישט געהאַט.

און וואָס מיינט די באַפרייאונג פון גייסט?

עס האָט טיף אין דער יידישער נשמה זיך פאַרוואָרצלט אַ בענק־שאַפט נאָך אַ וועלט אַ דערהויבענע און באַפרייטע פון זעלבסטפאַר־שקאַפונג. די וועלט איז פאַרדאָרבן געוואָרן אין גיפטיקן סם פון אייביקן יאָגן זיך (און איבעריאָגן) נאָך מאַטעריעלן דערפאָלג און דאָס האָט צוגעפירט, אַז מענטש צו מענטש איז געוואָרן ווילדע חיה און דער מענטש צו זיך אַליין איז אַ שקלאַף געוואָרן. פון יחיד איז עס אַריבער צום קאָלעקטיוו: פאָלק צו פאָלק, גרופּע צו גרופּע איז געוואָרן חיהש־פאַרציקנדיק. און פון מענטש, אין אַלגעמיין, האָט זיך אָפּגע־טאָן דער צלם אלוהים.

האָט גראָד ביים געדרודפטן און געפּלאָגטן, ביים דערשלאָגענעם און אונטערדריקטן יידישן פאָלק דערוואַכט די שטרעבונג „לתקן עולם במלכות שדי" — אויפצוזהייבן דעם גייסטיקן פּרצוף פון דעם מין מענטש, דורך באַפרייען די וועלט פון פאַרשקלאַפט זיין צום עגל הזהב, אַראָפּוואַרפן פון זיך אַליין די קייטן פון זעלבסט־פאַרשקלאַ־פונג און ממילא וועט דער מענטשלעכער פּרצוף געטלעכער ווערן, מענטש צו מענטש וועט ברידערלעכער ווערן. דאַמאָלסט וועט וועלט דערפילן אין זיך די נשמת אלוהים און וועט גייסטיק דערהויבענער ווערן.

דאָס הייסט „גאולת הנפש״, וואָס איז ביים ייד, אין זיין לעבצונג נאָך גאולה, ענג פאַרבונדן געוואָרן מיט דער אייגענער פאָלקס־גאולה.

ווייסן מיר אָבער, אַז יעדע אידעע זעט אויס אַנדערש ווען זי איז אין דער סטאַדיע פון שטרעבונג און טרוים און גאַנץ אַנדערש — ווען זי איז אויפן וועג צו פאַרווירקלעכונג און גאָר אַנדערש זעט זי אויס ווען זי קומט שוין אין דער סטאַדיע פון פאַרווירקלעכטער רעאַליטעט.

גרויסע און גאָר הויכע אידעען — האָבן מיר געזען — האָבן אויפן וועג פון פאַרווירקלעכונג, ביסלעכווייז, אָנגעהויבן צו פאַרלירן פון זייער געפליגלטקייט. און ווען זיי זיינען שוין דערגאַנגען צו אַ רעאַליטעט אין לעבן האָבן זיי כמעט אינגאַנצן געביטן זייער פריער־דיקן פּרצוף, אַזוי אַז די ערשטע קעמפער פאַר די דאָזיקע אידעען וואָלטן זיי, אין דער רעאַלער פאַרווירקלעכונג, כמעט ניט געוווען דערקענט.

אַזוי איז געשען אויך מיטן ציוניזם, וועלכער האָט זיך באַוויזן אויף אונדזער האָריזאָנט, אַלס אַ רעאַלער פאַרווירקלעכער פון די אויבן־דערמאָנטע פיר גאולות, וועלכע האָבן אין אַלע דורות געלעבט אין דער יידישער לעבצונג.

ווי זינגט אויס ח. נ. ביאַליק די יידישע פאָלקס־געפילן:

איך שטיי פאַר דעם פעלד פאַר דעם רייכן, דעם רוישיקן, פריילעכן, ברייטן,
און פיל ערשט מיין אָרעמקייט איצטער, און ס׳עגבערן אין קאָפּ די געדאַנקען:
ניט איך האָב דאָס פעלד אויסגעאַקערט, ניט איך האָב מיט קערנער פאַרזייט עס,

ניט איך וועל, ניט איך, צונויפנעמען די פולע באַלאַדענע זאַנגען.
ניט איך האָב אַ וואָרעמען רעגן פאַר זיי ביי מיין גאָט אויסגעבעטן,
ניט איך האָב מיט שווייס פון מיין פנים דאָס פעלד באַדעקט ווערנדיק מיד:
ניט איך פלעג זיך פרייען צו קוקן ווי ס׳גיסן זיך אָן פול די זאַנגען,
אין שניטצייט — אויף זיי וועט ניט פאַלן מיין פריילעך, מיין קלינגענדיק ליד.
און דאָך זענט איר טייער מיר, פעלדער, פון דאַן זינט כ׳דערמאָן מיינע ברידער,
וואָס אַרבעטן, ווייט אין מיין אייגענעם, ליבן פאַרלאָזענעם לאַנד.
קען זיין, אין דער זעלביקער רגע קלינגט אויף זייער קול אין אַן ענטפער
צום ווייטן און עלנטן ברודער, וואָס לעבט אין דעם גלות, אין שאַנד!

(יידישע איבערזעצונג פון י. י. שוואַרץ)

אַז מיר פֿאַרטיפֿן זיך אין משוררס ווערטער הערן מיר ווי אין זיין שטים קלינגט אַרויס די שטים פֿון פֿאָלק, אין וועלכער ס׳זינגט זיך אַרויס די דורותדיקע גאולה־לעכצונג פֿון פֿאָלק ישראל, אַ געזאַנג אין וועלכן ס׳זיינען איינגעהילט די אַלע פֿיר גאולה־שטרעבונגען, פֿיר גאולות וואָס, אין באַוואוסטזיין פֿון פֿאָלק, מוזן זיי גלייכצייטיק קומען צוזאַמען.

נו, איז דער וועג צו פֿאַרווירקלעכונג דאַכט זיך געווען אַ גראַדליניק־אָנגעצייכנטער. און אַזוי האָט ער זיך טאַקע אָנגעהויבן:

האָבן זיך יידישע יונגעלייט געלאָזט פֿון אַלע ארבע פּינות העולם, מיט גאולה־פֿרייד אין די הערצער, אַוועק קיין ארץ ישראל. זיי האָבן פֿאַרלאָזט אַלץ מיט אַנאַנדער אין זייערע גלות־היימען. נישט חלילה אַנטלאָפֿן זיינען זיי פֿון זייערע אַלטע היימען קיין ארץ ישראל, חלילה! דאַמאָלסט האָט נאָך די ערד אין די גלות־לענדער נישט געברענט אונטער די יידישע פֿיס. נאָר אַוועק זיינען זיי פֿון זייערע אַלטע אויסגעוואָרעמטע היימען, מיטן פֿולן נאַציאָנאַל־יידישן באַוואוסטזיין, מיט פֿריידיקע גרייטקייט צו שווערסטער מסירות־נפש און קרבנות, אבי צו ברענגען פֿאַר זיך אַליין, און דורך זיך פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק, די אויבן־אויסגערעכנטע פֿיר גאולות.

אמת טאַקע, שווער איז געווען דער וועג, זייער שווער, אָבער ער האָט נישט פֿאַרביטערט. פֿאַרקערט — מיט נשמהדיקער שמחה האָט מען פֿאַרזונגען און פֿאַרטאַנצט אַלע איבלען, אַלע צרות, אַלע שווערע דורכלעבונגען, אַפֿילו די שווערע הונגער־נויטן. מיט לייכטן געמיט האָט מען אַוועקגעשאַרט און אָפּגערוימט פֿון וועג אַלע דאָזיקע שטערונגען, ווייל דער גרויסער גאולה־ציל האָט שטענדיק פֿאַר די אויגן געלויכטן ווי אַן עמוד האש און נישט דערלאָזט קיינמאָל, אין די ערגסטע מאָמענטן, אַריינפֿאַלן חלילה אין יאוש.

איז טאַקע דער וועג געוואָרן, וואָס ווייטער, אַלץ לייכטער, אַלץ גרינגער און דערפֿאָלגרייכער. האָבן זיך קאָמונע־קבוצות געשאַפֿן, חברישע קאָאָפּעראַטיוון זיך געגרינדעט. אַ יידישע אַרבעטער־געמיינשאַפֿט האָט זיך באַפֿעסטיקט, אַן דער עגל־הזהבדיקער אויבער־הערשאַפֿט און אַן אמתדיקע געמיינזאַמע אַרבעטער־ברודערשאַפֿט האָט זיך פֿאַרוואָרצלט אין דעם נייעם ארץ ישראלדיקן באָדן, פֿון

וועלכן עס האָט געזאָלט אַרויסשפּראָצן, ווי אַ מוסטער פאַר דער וועלט, אַ נייע, פּראָדוקטיווע, פרוכטבאַרע און נאָרמאַל-געזונטע

און געמיינט האָט מען אַז אַזוי וועט זיך דער נייער וועג ציען אַרבעטער-געמיינדע, אָן עקספּלואַטירער און אָן עקספּלואַטירטע. ווייטער און ווייטער, וואָס אַמאָל מער באַפעסטיקטער, מער באַזיר-טער און מער אויסגעשפּרייטער ביז...

דאָס אַלץ איז געווען אין ארץ ישראל.

ווי אָבער זעט דאָס אַלץ אויס אין מדינת ישראל? ביז וואַנען איז אין דער אמתן דער דאָזיקער אָנגעצייכנטער נייער וועג דער-גאַנגען אין דער יונגער מדינת ישראל?

# יתרוס געמען

ערשטנס — וואָס ער איז אַ שיינער בחור, מיט העלבלאָנדע האָר און בלויע אייגן, וואָס קען אָנגענומען ווערן ווי אַן עכטער פּאָלאַק. צווייטנס — וואָס אהרון שמואל קען גוט די פּוילישע שפּראַך (האָט אים זיין עלטערע שוועסטער אויסגעלערנט), כאָטש ער רעדט מיט אַ גמרא־ניגון, אָבער די כלה האָט שוין דאָס גענומען אויף זיך, אויסצובעסערן זיין פּוילישן אַקצענט. דריטנס — איז דער כלה געפעלן געוואָרן וואָס איר חתן הייסט מיט אַן עכט פּוילישן נאָמען, זשעראָמינסקי איז זיין פאַמיליע־נאָמען.

נאָך דער חתונה האָט דאָס יונגע ווייבעלע געפאָדערט צוויי זאַכן: אַז איר מאַן זאָל זיך נישט רופן מער מיט דעם זשידאָווסקן נאָמען, אהרון שמואל, נאָר ער זאָל זיך רופן אַרנאָלד. אויך האָט זי געפאָדערט אַז איר פאָטער זאָל אים אַריינגעמען אין געשעפט פון פוטערוואַרג.

סיי דער פאָטער אירער און סיי דער מאַן האָבן איר די דאָזיקע קאַפּריזן נאָכגעגעבן. זי איז דאָך ביי ביידע געווען אַ צעפּיעשטשע־טע בת־יחידקע.

אַרנאָלד האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער אַ פּעאיקן סוחר: די זעלביקע לומדישע חריפות, וואָס ער האָט פריער אַרויסגעוויזן אין לערנען, האָט ער אויך אַרויסגעוויזן אין דעם מסחר און ביידע, דער שווער און דאָס ווייבעלע, האָבן פון אַרנאָלדן גאָר אָנגעקוואָלן.

יאָר־יערלעך פלעגט אַרנאָלדס שווער פאָרן קיין לייפּציג (דייטש־לאַנד) אויף די יארידן, צוליב זיינע פוטערוואַרג־מסחרים. און ווען

אַרנאָלד איז אַריין אין שווערס געשעפטן האָט שוין דער שווער מיט־גענומען זיין פּעאיקן אײדעם קיין לייפּציג. דאָרט, אין לייפּציג, האָט מען אַרנאָלדן געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז דער נאָמען אַרנאָלד קלינגט צו יידישלעך און פֿאַר אַן אָנגעזעענעם סוחר פּאַסט נישט צו רופֿן זיך מיט אַזאַ נאָמען. שענער און גלייכער וואָלט געווען ווען ער רופֿט זיך אַרטור. ווען אַרנאָלד האָט דאָס דערציילט פֿאַר זיין ווייבל איז דאָס איר זייער געפֿעלן געוואָרן און זי האָט אויך איינגעשטימט, אַז אַרטור איז פֿאַר אַ סוחר אַ שענערער נאָמען איידער אַרנאָלד. אַזוי איז אונדזער חסידיש־לומדישער יונגערמאַן, אהרון שמואל, באַגליקט געוואָרן מיט אַ שפּאָגל נייעם נאָמען, אַרטור.

זענען אַזוי אַוועק יאָרן און אַרטור זשעראָמינסקי ווערט באַרימט אַלס גרויסער סוחר פֿון פּוטערוואַרג. צוליב זיינע געשעפֿטן איז שפּעטער אויסגעקומען אַרטורן צו פֿאָרן אָפֿט קיין פּאַריז. דאָרטן האָבן סוחרים פֿון דער זעלביקער בראַנזשע געגעבן אַרטורן צו פֿאַר־שטיין, אַז יעדער פּוילישער ייד, יעדער כאַלאַטשאַרזש, יעדער כניאָק רופֿט זיך היינט אַרטור. פֿאַר אַן אָנגעזעענעם סוחר מיט אַ וועלט־נאָמען פּאַסט זיך נישט אַזאַ פֿאַרדאָסטער נאָמען. שענער און גלייכער וואָלט געווען ווען ער רופֿט זיך ראָמען. ער האָט אַהיים־קומענדיק, דאָס אַלץ דערציילט פֿאַר זיין הייסגעליבטער פֿרוי און זי האָט פֿולשטענדיק מסכּים געווען, אַז די פּאַריזער סוחרים זענען אַבסאָלוט גערעכט. אַזוי אַרום איז אונדזער אַרטור באַגליקט געוואָרן מיט אַ נייעם שיינעם נאָמען, ראָמען.

יאָרן זענע געלאָפֿן. ראָמען זשעראָמינסקי איז וואָס אַמאָל אַלץ מער רייכער געוואָרן און זיין נאָמען, אַלס גרויסער סוחר אין דער פּוטער־בראַנזשע, איז געוואָרן שטאַרק באַרימט.

גלייכצייטיק אָבער איז פֿאַר ראָמען זשעראָמינסקין אָנגעקומען צוויי גרויסע אומגליקן: זיין פֿרוי איז געשטאָרבן און ער אַליין האָט זיך פֿאַרפּלאָנטערט אין עפּעס אַן אומריינעם געשעפֿט, צוליב וועלכן ער האָט געמוזט עוקר זיין וואָס שנעלער פֿון זיין פּוילן־לאַנד, ווייל עס האָט זיך אים נישט געגלוסט צו גיין אויף יאָרן לאַנג אין פּוילישן חד־גדיא אַריין.

ראָמען זשעראָמינסקי קומט אָן קיין אַמעריקע (פֿאַראייניקטע שטאַטן). אַביסל געלט האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך, איז ער אויך

אַמעריקע אַריין אין זיין בראַנזשע, אין פוטערוואַרג-ביזנעס, און אויך אַ צווייט מאָל חתונה געהאַט. דער נייער פרוי, אַ געבוירענע אַמעריקאַנערין, איז אָבער דער נאָמען ראָמען נישט געפעלן געוואָרן, זי האָט ליבערשט געוואָלט אַז ער זאָל הייסן מהיום והלאה אַן אַמעריקאַנער נאָמען, הארי. איז וואָס זשע טוט מען ניט צוליב אַ יונג ווייבל ?! אַזוי איז שוין געוואָרן, פון דעם ערשטן חסידיש-לומדישן אהרון שמואל, אַ ניי-געבאַקענער אַמעריקאַנער האַרי. נו, זאָל זיין האַררי, אבי צו געזונט !

האַררים הריפותדיקער-לומדישער קאָפּ פון אַמאָל און זיין שטענ-דיקער דריי קאָפּ אין זיינע געשעפטן האָבן אים נישט געלאָזט רוען. ער האָט זיך נישט געקענט באַפרידיקן בלויז מיט זיינע פוטער-ביזנעס. ער האָט אַלץ געזוכט נאָך און נאָך. מיט איין מאָל צו דערקריכן ביז אין די הויכע מיליאָנען, איז ער אַריין אין ריעל עסטייט-ביזנעס און עס האָט אים אָפּגעגליקט. האַררי איז געוואָרן רייכער פון טאָג צו טאָג, אָבער צוזאַמען מיט זיינע גרינג-באַקומענע מיליאָנען איז האַררין שוין נישט אָנגעשטאַנען זיין האַררי-נאָמען און עס האָט זיך אים פאַרוואָלט דווקא הייסן הענרי, אַזוי ווי עס הייסט דער גרויסער פאָרד, אַלץ אין איין וועג האָט שוין הענרי אויך פאַר-קירצט זיין אַלטן פאַמיליע-נאָמען, זשעראַמינסקי, וואָס איז אַמאָל התן-ווייז אַזוי שטאַרק געפעלן געוואָרן זיין ערשטער כלה. דער נייער הענרי האָט שוין זיך גערופן מיטן פאַמיליע-נאָמען דזשעראָם. אהרון שמואל הייסט שוין הענרי דזשעראָם, אין אַ מזלדיקער שעה.

איז געקומען אַ קראַך און אַלץ האָט געפּלאַצט. דער גרויסער מיליאָנערסקער בנין פון הענרי דזשעראָם, האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז געווען אויפגעשטעלט פון דינעם קאַרטאָן און אָן אַ פונדאַ-מענט, ער האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם קראַך און ער איז איינ-געפאַלן. הענרי דזשעראָם איז געבליבן פאַראָרעמט, אַ גרויסער בעל חוב, אַ באַנקראָטשיק און צו אַלעמען האָט נאָך די פרוי זיינע געפאָדערט פון אים אַ גט, נאָך וואָס דאַרף זי אַ מאַן אַ קבצן, שלע-פער, אַפילו ווען ער טראָגט אַ הויך קלינגנדיקן מיליאָנערסקן נאָמען; און הענרי דזשעראָם איז געווען אַ דזשענטלמאַן און ער האָט איר דעם גט געגעבן.

אַזוי איז העגרי דזשעראָם אַנגעקומען קיין מעקסיקע, אַ פרייער מענטש: פריי פון געלט, פריי פון אַ ווייב און פריי פון קאָפּ־שווינד־לערישע פאַנטאַזיעס.

ווייזט אויס אַז אהרון שמואלס מאַמע איז גערעכט געווען ווען זי האָט געזאָגט אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין אַ זיידן הייבעלע (אַזוי האָט מען אַמאָל געזאָגט אויף אַ מענטש וועמען דאָס מזל שפּילט צו אומעטום). האָט אים טאַקע אין מעקסיקע אויך צוגע־שפּילט דאָס מזל: נישט לאַנג נאָך זיין אַנקומען אין מעקסיקע האָט העגרי זיך באַקאַנט מיט אַ רייכער אלמנה און ער האָט מיט איר התונה געהאַט; אָבער זיין נייע פרוי האָט אים גענומען רופן, אַזוי ספּאַנטאַן, מיט נאָמען ענריקע. און אַזוי איז עס געבליבן, אונדזער אהרון שמואל, אַרנאָלד, אַרטור, ראָמען, האַררי, העגרי, הייסט שוין ענריקע.

נו, איז וואָס?! מה רעש?! משהס שווער, יתרו, האָט געמעגט האָבן זיבן נעמען? ער האָט געהייסן — רעואל, יתר, יתרו, חובב, חבר, קיני, פוטיאל. און אונדזערס אַ חסידישער חי וקיים טאָר עס נישט ?!

נאָר מיט איין זאַך איז מיר אַ רחמנות אויף אונדזער ענריקען. לאחר מאה ועשרים שנה, אַז דער מלאך דומה וועט אים נעמען אויפן צימבל און פרעגן: „מה שמך" — ווי הייסטו, וועט זיך אונ־דזער ענריקע אַזוי פּלאָנטערן צווישן זיינע זיבן נעמען אַז ער וועט נישט וויסן וועלכן נאָמען אָנצוגעבן.

אָבער צוריק געשמועסט — עס איז נישט פאַר מיינע שוואַכע כוחות צו זאָרגן זיך פאַר די לעבעדיקע זאָל איך נאָך נעמען אויף זיך צו זאָרגן פאַר די טויטע ? עס זענען פאַראַן, דאַנקען גאָט, אַזוי פיל קהלישע פאַרזאָרגערס אין מעקסיקע, זאָלן זיי דאָס אויך פאַר־זאָרגן.

# יידישקייט — וואָס מיינט עס?

ווען מ׳וואָלט געוועז שטעלן אַזאַ פראַגע צו אונדזערע טאַטעס און זיידעס וואָלטן זיי געמיינט אַז דער פרעגער איז חלילה הסר דעה, נישט ביים קלאָרן פאַרשטאַנד.

— וואָס הייסט — וואָלטן זיי געשטוינט — ווער ווייסט עס ניט וואָס יידישקייט איז, אויף דעם זענען פאַראַן פעסטע געזעצן, דינים און מנהגים, וואָס זענען איינגעשטעלט פון קדמונים אָן, לויט וועלכע אַ ייד דאַרף פירן זיין לעבן פון זיין געבוירן אָן ביז ער שטאַרבט. וואָס ער מעג יאָ עסן און וואָס ער טאָר נישט. וואָס ער מעג יאָ טאָן און וואָס ער טאָר נישט טאָן. ווען מען מעג און ווען מען טאָר נישט. אויך — ווי אַזוי, אויף וועלכן אופן עס דאַרפן אויסגעפירט ווערן געוויסע יידישע איינפירונגען, דווקא אַזוי און נישט אַנדערש. דער ייד וואָס האַלט זיך אין די דאָזיקע ראַמען און טרעט פון זיי נישט אָפּ, הייסט אַז ער היט אָפּ יידישקייט; אויב נישט — איז ער „אַ גוי" וואָס היט נישט קיין יידישקייט.

אין לעצטן סך הכל האָט עס געמיינט צו זאָגן, אַן אייגנאַרטיק, אָפּגעזונדערט יידיש לעבן, אַנדערשדיק פון אַנדערע פעלקער אין דער וועלט.

צי מיר קענען זיין איינשטימיק, היינט צו טאָג, צו לעבן אַזאַ ארט לעבן דאָס איז שוין אַן אַנדער ענין. אָבער כדי צו זיין ערלעך צו זיך אַליין מוז מען מודה זיין, אַז דאָס האָט געהייסן אמתע יידישקייט, אויב מען רעדט וועגן יידישקייט. און די וועלכע האָבן אַליין דאָס אָפּגעהיט האָבן געהאַט רעכט צו פרעדיקן און פאָדערן דאָס זעלביקע אויך פון אַנדערע יידן.

אָבער ווען עס קומען, היינט צו טאָג, מענטשן וואָס אַלצדינג איז ביי זיי כשר, אַלצדינג מעג מען און עס איז דערלויבט, קיין שטער און אָפּהאַלט עקזיסטירט נישט אויף צו פירן זיך פונקט ווי די מענטשן פון אַנדערע פעלקער, אין יעדן הינזיכט, און זיי פּרעדיקן און פאָדערן, אַז מ'דאַרף אָפּהיטן יידישקייט, מוז קומען די פראַגע: „יידישקייט — וואָס מיינט עס?"

זאָגט מען, אַז מען מיינט „וועלטלעכע יידישקייט", זעען אויס אָט די דאָזיקע צוויי שאַרפע קעגנזאַצן „יידישקייט" און „וועלטלעכקייט", ווען מ'וויל זיי צונויפשטוקעווען, פונקט מ'וואָלט געזאָגט: „אָפּגעווייסט אויף שוואַרץ".

אויב דענקען לאָגיש מוז מען דאָך נעמען אין באַטראַכט, אַז יידישקייט איז געווען, און איז, אַזאַ מין אייגנאַרטיקע לעבנספאַרעם וואָס איז מחייב צו עפּעס, וואָס פאָדערט אָפּגעזונדערטקייט, וואָס לייגט אַרויף געוויסע פליכטן און אַנדערשקייט; אָבער וואָס קען באַדייטן אַ מין „וועלטלעכע יידישקייט" וואָס איז צו גאָרנישט מחייב, פאַרפליכטעט צו גאָרניט און מען איז פטור פון אַלצדינג וואָס איז געווען און איז ספּעציפיש אייגנאַרטיק טראַדיציאָנעל יידיש?

עס קען זיין גוט פאַרשטענדלעך ווען מען נוצט דעם טערמין „וועלטלעכע יידן". יידן — וועלטלעכע מענטשן וואָס זייער גאַנצער אַרט לעבן איז אַריינגעפּאַסט אין די פאָרמען פון היינטיקע לעבן. זייער גאַנצע אָנשויאונג, לעבנס באַגריף און פאַרשטאַנד זענען אַזעלכע, וואָס לאָזן ניט קיין לאָגישן צוריקגאַנג צום מיטלאַלטערלעכן לעבן, און דאָך זענען זיי וואוילע יידן, צוגעבונדן צום יידישן פאָלק, לעבן מיט די ליידן און פריידן פון פאָלק, זענען זיך מוסר נפש פאַר אַלע פאָרמען פון דער אויפלעבונג פון פאָלק; אָבער צו וואָס צו טשעפּען צו זיי אַן אוגעלומפּערטן באַגריף פון „וועלטלעכע יידישקייט", וואָס עס עקזיסטירט גאָרנישט, מיינט גאָרנישט און קען גאָרנישט פאַרשטאַנען ווערן? צו וואָס?

קומען די חכמים-דרשנים פון „וועלטלעכע יידישקייט" און טייטשן אויס, אַז יידישקייט מיינט לערנען. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז איינער לערנט די יידישע ליטעראַטור, די אַלטע און די נייע, די יידישע געשיכטע און טראַכט וועגן די פאָרמען פון דער אַלטער

יידישקייט, דאָס איז שוין געגוג. אָט דאָס איז עס. מיט דעם קען מען שוין יוצא זיין פאַר יידישקייט.

אָט אַ דאָ מאַכן זיי אַ פאַטאַלן טעות. אמת טאַקע יידיש וויסן איז זייער וויכטיק אָן און פאַר זיך. אָבער מיר ווייסן דאָך וואָס אונדזערע חז״ל האָבן אונדז געלערנט: „גדול הלימוד שמביא לידי מעשה״ דאָס מיינט — לערנען איז וויכטיק ווען עס פירט צו יידישקייט־אויפפירונג (אין אַלטן טראַדיציאָנעלן באַגריף). אויך האָבן זיי שאַרף באַטאָנט „לא המדרש עיקר אלא המעשה״ דאָל מיינט — אַז די הויפּטזאַך איז די טאַט, די יידישע אייגנאַרטיקע לעבנס פירונגען. האָבן מיר דאָך ווירקלעך געזען אין יענע יאָרן, אַז פּראָסטע אומווויסנדע בעלי מלאכות האָבן אָפּטמאָל אָפּגעהיט יידישקייט מיט מער אייפער איידער אַנדערע לומדים...

און ווי וואָלט געווען ווען אַ מענטש פון אַן אַנדער פאָלק האָט זיך אויסגעלערנט די אַלע יידישע לימודים, אַפילו מיט דער בעסטער קענטשאַפט (מיר ווייסן פון אַ סך אַזעלכע) נו, ווערט ער דען דערמיט אַ ייד?

איז ווי קען איינעם איינפאַלן צו זאָגן, אַז יידישקייט באַשטייט בלויז פון לערנען?...

נאָך שווערער צו פאַרשטיין איז ווען מען פּרעדיקט „טראַדיציע״. וואָס מיינט דאָס? ווען מחלל שבת זיין מעג מען. עסן טרפות מעג מען. אַלץ וואָס ביי יידן איז געווען שטרענג פאַרבאָטן מאַכט מען דערפון קיין וועזן נישט. אַלץ וואָס מען מוז טאָן אַלס ייד, לאַכט מען זיך אויס דערפון. און דאָך פּרעדיקט מען אַז מ׳דאַרף אָפּהיטן די יידישע טראַדיציע. וואָס זשע מיינט דאָס? פון וואַנען אָן זאָל זיך אָנהייבן די יידישע טראַדיציע? בלויז פון די געפילטע פיש און קרעפּלעך?

אָט דער דאַזיקער פלאָנטער, וואָס מ׳וויל אַ נאָמען געבן „וועלטלעכע יידישקייט״, נעמט זיך דערפון וואָס מענטשן ווילן איבערפלאַנצן אַ געוויקס פון זיין נאַטירלעכן באָדן אויף אַ צווייטן, וואָס ניט דער אומגיסטיקער קלימאַט און נישט דער אומגיסטיקער באָדן זענען צוגעפּאַסט פאַר דעם. יידישקייט, מוז מען געדענקען, איז אַ ריין רעליגיעזער באַגריף, וואָס האָט זיך נאָר געקענט אויפהאַלטן אין אַ קלימאַט פון שטאַרקער אמונה, גלויבן און שכר ועונש אויף דער

וועלט און יענער וועלט, און אונטער מוראדיקער טעאָקראַטיש־דעספּאָטישער הערשאַפט אויף דער יידישער גאַס. צו וועלן אָבער דאָס איבערפלאַנצן אין אַן אַנדער קלימאַט, אין אַ פרייען היינט־צייטיקן קלימאַט, מיט אַ צוגאָב פון אַ נייעם כלומרשטן אומגעלומ־פערטן ביינאָמען אַלס צוגאָב און מען פּרעדיקט עס נאָך ווי אַ גע־באָט, איז עס אַן אַבסורדאַלע און גרונטלאָזע אַרבעט. צו דעם נאָך — אַ פשוטע פעלשונג.

וועלטלעכע יידן — אַ נאַטירלעכקייט. וועלטלעכע יידישקייט — אַן אַבסורד.

# מיט דער מאָס פון נעכטן

אַזוי איז שוין אין אונדזער געוווינהייט, ווען מ׳וויל פאַרדאַמען די שלעכטע זייטן פון דעם היינט, ברענגט מען שטענדיק פאַר אַ ביישפּיל דעם נעכטן, ווי שיין, ווי דערהויבן, ווי איידל, ווי מאָראַליש און אָנשטענדיק ער איז געווען, יענער נעכטן.

מען קען אָפט הערן ווי מענטשן באַקרעכצן דעם היינט מיט דער מאָס פון נעכטן:

— איי זענען עס דאַמאָלסט געווען צייטן! ווי קומט עס צום היינט! אַמאָל איז געווען רעספּעקט פאַרן געלערנטן, פאַרן תלמיד־חכם; תורה, געלערנטהייט, האָט פאַרנומען דעם אויבן־אָן אין אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן. און יידישע שרייבערס, סופרים בישראל, האָבן געלעבט צווישן זיך אין שלום ושלווה און אין חברישקייט; איינער פאַרן אַנדערן — דאָס געזונט, דאָס לעבן: און מיט וואָס פאַראַ איידלקייט, פיינקייט און ידידישקייט איין שרייבערס ווערק איז אָפּגעשאַצט געוואָרן פון אַ צווייטן שרייבער! איז ניט קיין חידוש פאַרוואָס דאַמאָלסט האָבן די לייענערס אַזוי שטאַרק דרך־ארץ געהאַט און אַזויפיל יראת הכבוד פאַרמאָגט פאַרן שרייבער, צו וועמען מען האָט אַרויפגעקוקט מיט ליבשאַפט און רעספּעקט. אָבער היינט וואָס?...

אַזעלכע ווערטער זענען מיר געוווינט צו הערן פון אַ סך היינט־באַקרעכצערס. עס איז שוין אַזוי אין דער נאַטור פון מענטש צו זען אין העלע פאַרבן אַלצדינג וואָס איז ווייט און אַלץ וואָס איז נאָנט צו זען דורך טונקעלע ברילן, כדי צו קענען דאָס פאַרמיאוסן און דערנידעריקן דורכן פאַרמעסט מיטן „אַמאָל".

ווי האָט טאַקע אין דער אמתן אויסגעזען דער „אידילישער", פאַרהערלעכטער אַמאָל ?

וועל איך דאָ ברענגען אַן אויסצוג פון אַ פּאַסקוויל, וואָס דער דאַמאָלסטדיקער אָנגעזעענער העברעאישער שרייבער, יוסף לייב פריידקין, האָט אַרויסגעלאָזט קעגן דעם באַרימטן למדן, אַלזייטיק־געלערנטן און פיל שפּראַכן־קענער, רעדאַקטאָר פון „הצפירה", נחום סאָקאָלאָוו. (די יידישע איבערזעצונג איז געמאַכט פון מיר, ווערט־לעך). דער פּאַסקוויל איז דערשינען אין וואַרשע, אין יאָר תרמ"ו.

און אָט איז דער אויסצוג פון דעם פּאַסקוויל:

„צי מיינט טאַקע נחום סאָקאָלאָוו אויסצושטעכן די אויגן פון די לייענערס, אַז זיי זאָלן נישט זען זיינע פאַלשע שטיק ? ווער פאַר־שטייט דען נישט אַז אַלע זיינע ווערטער זענען ניט מער ווי אַ פאַרבלענדעניש ? אין דער אמתן איז ער דאָך ניט קיין חובב ציון און ניט קיין שונא ציון. ער איז בלויז אַ ליבהאָבער פון כבוד, ער יאָגט זיך נאָך כבוד און געלט, דרייט ער זיך דעריבער מיט זיינע שפּעקולאַציעס לויט ווי דער ווינט בלאָזט; און נאָך דעם אַלעמען האָט ער נאָך די חוצפּה אויסצולאַכן און צו באַליידיקן אונדזערע שרייבערס און זאָגן אויף זיי אַז זיי קענען נישט קיין געשיכטע. ווי לאַנג נאָך וועט דער דאָזיקער מענטש דערנידעריקן דעם נאָמען פון אונדזערע געלערנטע, צו וועמענס קנעכלען ער דערגרייכט ניט ? ווי לאַנג נאָך וועט ער עס זיך אַזוי צעלייגן פאַר די לייענערס מיט זיינע פּוסטע נאַרישקייטן ? מיט וואָס איז עס אַזוי גרויס זיין כוח אַז ער זאָל וואַגן אָפּצושפּעטן פון אַנדערע שרייבערס וואָס ווילן אים נישט אָנערקענען ? אפשר פאַרלאַנגט גאָר אָט דער פּאַרשוין אַז מ'זאָל אים איבערגעבן צו שרייבן געשיכטע ? און אַז מ'רעדט שוין וועגן געשיכטע, קען מען דאָך אָנווייזן ווי ער צעדרייט געשיכטלע־כע געשעענישן, פאַרביט די צייטן און פאַרטוישט די פּערזאָנען. גענוג דיר, נחום סאָקאָלאָוו, אָנצוגיין מיט דיינע געדריידלעך. ליטע־ראַטור איז ניט קיין קרעמעריי. זוך זיך בעסער אויס אַנדערע געשעפטן און ברענג ניט אַריין קרעמעריי אין דער ליטעראַטור! צי איז עס דען נישט קיין געלעכטער, אַ וויטיקדיק געלעכטער, אַז אַזאַ מענטש גאָר ווי נחום סאָקאָלאָוו, וועמענס אַלע ווערטער זענען פּוסטע פּלוידערייען, זאָל וואַגן צו זאָגן אויף גרויסע שרייבערס, מענטשן מיט חכמה און וואָס זוכן שטענדיק נאָר דאָס גוטס פאַר

זייער פֿאָלק, צו זאָגן אויף זיי, אַז זיי זענען נאַרישע פֿאַנטאַזיאָרן הינטערן־אויוונדיקע בית־מדרש־בחורים. און זיין גאווה און זיין שטאָלץ איז נאָך אַזוי גרויס, אַז ער האָט זיך איינגערעדט אַז אַלע חכמים דאַרפֿן קומען צו אים זיך לערנען חכמה. אַזוי האָט ער בפירוש געמאָלדן אין דער מודעה פֿון חודש שבט ה׳תרמ״ו, אַז יעדער איינער וואָס עס וועט זיך ווענדן צו אים מיט פֿראַגעס אין ענינים פֿון תורה, וויסנשאַפֿט אָדער ליטעראַטור, וועט ער ענטפֿערן אין צייטונג אָדער אין פּערזענלעכע בריוו, רבונו של עולם! צי רעדט ער זיך טאַקע איין אַז ער איז ראוי צו זיין דער רבי פֿון אַלע יידן אין תורה, וויסנ־שאַפֿט און ליטעראַטור? — ווי עס ווייזט אויס איז ער טאַקע ניט קיין געוויינטלעכער מענטש ווי אַלע מענטשן. ער איז גאָר אַ קאָ־זיאָל מיט הערנער און זיין גאַנצער כוח באַשטייט אין פּיקען און שטעכן מיט זיינע הערנער. אָבער עס איז שוין געקומען די צייט, אַז מ׳זאָל אים אָפּהאַקן די הערנער, כדי ער זאָל נישט קענען מער שטעכן מיט זיי. דערוויילט זיך חשובע שרייבער פֿון דעם דאָזיקן הערנער־מאַן, זאָלן ניט אייערע ווערטער אַריין קומען אין זיין מיסט. דאַ־מאָלסט וועט ער אויך אויפֿהערן צו צופֿראַווען אַזעלכע געריכטן וואָס עקלען יעדן מענטש מיט פֿיינעם געשמאַק. אויב אונדזערע שרייבערס וועלן פֿאַרשטיין ווי צו רעספּעקטירן זיך אַליין און וועלן ניט אַרויסברענגען זייערע ווערטער דורך דעם דאָזיקן פֿאַרשויך, וועט דאַמאָלסט אונדזער ליטעראַטור אויפֿהערן צו זיין ווי אַ אויפֿ־געבראָכענע שטאָט, וואוהין יעדער חוצפּהניק קען אַריינקומען און איר פֿאַרשווערכן. און דאַמאָלסט וועט זיין שלום על ישראל און שלום אויף די שרייבערס״.

אָט האָט איר די „אידיליע״ צווישן יידישע שרייבערס אין דעם פֿאַרהערלעכטן „אַמאָל״, צו וועלכן מען פֿאַררייסט אַזוי די אויגן מיט בענקשאַפֿט, מיט אויסגעטרוימטער פֿאַנטאַזיע און מיט אַ תפֿילה בלחש: „ווי דערלעבט מען ווידער צו יענעם אַמאָל״.

אָבער עס איז שוין אַזוי אין דער נאַטור פֿון מענטש, צו זען אין העלע פֿאַרבן אַלצדינג וואָס איז ווייט און שוין אַוועק, כדי צו קענען דאָס פֿאַרמיאוסן און דערנידעריקן דורכן פֿאַרמעסטן מיטן היינט.

# דורך וואָס איינער רעדט

## (אַ לעקציע פון פּיסקאָלאָגיע)

צו קענען איבערגעגעבן איינער דעם צווייטן געדאַנקען, געפילן עמאָציעס, איז נישט נאָר די פּריוויליגיע פון מענטש, אויך אַנדערע בעלי חיים קענען דאָס טאָן. זיי באַנוצן פאַר דעם געוויסע סימנים, זייערע אייגענע אופנים, דורך וועלכע זיי פאַרשטייען זיך איינס דאָס אַנדערע. די פּריווילעגיע פון מענטש איז נאָר וואָס ער איז ביכולת איבערצוגעבן זיינע געדאַנקען, געפילן און עמאָציעס דורך קלאַנגען מיטן מויל, וואָס אַלע קענען הערן (אויסער אַ שטומער, וואָס מוז נעבעך אויך אָנקומען, ווי אַנדערע בעלי חיים, צו באַנוצן זיך מיט צייכנס אַנשטאָט ווערטער).

יאָ, עס זענען פאַראַן אויך רעדעוודיקע, נאָרמאַלע מענטשן, וואָס קענען נישט אַרויסברענגען אַ וואָרט פון מויל אָן דער צוהילף פון די הענט און אַנדערע קערפּערלעכע גלידער, אָבער די קלאַנגען וואָס דערגייען צו אונדזערע אויערן קומען דאָך פון אַלע מענטשן דורכ-אויס נאָר פון מויל. דאָס אַלצדינג איז גאַנץ קלאָר זעלבסט-פאַר-שטענדלעך און נאַטירלעך.

אָט איצט קומט אַ פראַגע: צי איז דאָס מויל אַ זעלבסטשטענ-דיקער אָרגאַן, וואָס איז טעטיק פריי, פולשטענדיק אַליין, אָן קיין דירעקטער אָדער אומדירעקטער השפעה פון וועלכן עס איז אַנדערן אָרגאַן, אָדער דאָס מויל איז מער נישט ווי אַ שליח פון וועמען אַן אַנדערן, אויסצופירן אַ באַפעל וואָס ווערט דיקטירט דורך יענעם ?

קען דער ענטפער, אויף דער דאָזיקער פראַגע, זיין אַ טאָפּלטער: טיילמאָל איז דאָס מויל זעלבסטשטענדיק פריי און טיילמאָל איז דאָס מויל נישט מער ווי אַ שליח.

לאָמיר ברענגען פאַקטן:

האָט איר אַמאָל געהערט רעדן דעם היגן באַרימטן קאָמיקער קאַנטינפלאַס? איך ברענג דעם פאַקט קאַנטינפלאַס נאָר ווי אייןביישפּיל. דאָס זעלביקע קענט איר טרעפן ביי אַ סך פון אונדזערע געוויסע רעדנערס, און נאָכמער — ביי די וואָס אָפּאָנירן רעדנערס. מיר זעען און הערן ווי די מיילער ביי זיי אַרבעטן פולשטענדיק פריי, זעלבסטשטענדיק, אָן דער מינדסטער השפעה פון וועמען, אַפילו נישט פון אייגענעם מוח.

דאַקעגן זעען מיר ביי אַנדערע ווי דאָס מויל פירט אויס בלויז אַ שליחות פון וועמען; קומט דאָ ווידער אַ פראַגע: — ווער זענען עס די וועמענס שליחות דאָס מויל פירט דורך?

אויף דעם קענען די ענטפערס שוין זיין פילפאַכיקע:

ביי איינעם, למשל רעדט דאָס מויל דורכן מוח (פאַראַן אַזעלכע אויך), דער מוח טראַכט און דאָס מויל ברענגט דאָס אַרויס מיט ווערטער. פאַראַן ווידער אַזעלכער וועמענס מויל רעדט אויך דורכן מוח, אָבער נישט דורך זיין אייגענעם מוח (מיר קענען קיינעם ניט באַשולדיקן אויף דעם וואָס ער פאַרמאָגט נישט), נאָר זיין מויל רעדט דורך אַ צווייטנס מוח, אַן אַנדערער האָט שוין געטראַכט פאַר אים. די עובדא פון זיין מויל איז נאָר איבערצוזאָגן דאָס וואָס אַ צווייטער פאַר אים האָט שוין געזאָגט.

איינער ווידער רעדט דורכן בויך. פאַראַן אַזעלכע פאַך־ספּעציאַליסטן בויך־רעדערס, אפשר האָט איר אַמאָל זיי געהערט אין אַ צירק. אויך אין תלמוד ווערט נאָך געבראַכט וועגן אַזעלכע בויך־רעדערס. מ׳קען זיי אויך הערן אָפט, אַפילו נישט אין אַ צירק, פאַראַן גאַנץ אָנגעזעענע רעדנערס און שרייבערס, צווישן זיי אַפילו געוויסע פּראָפעסאָרן אַזעלכע, וואָס רעדן תמיד מיט בויך־סברות.

פאַראַן אויך מיילער וואָס רעדן דורך דער נאָז: די נאָז האָט דערשמעקט ערגעץ אַ ריח פון אַ געשמאַק רכילותל, אויף דעם סמך

נעמט שוין אַרבעטן דאָס מויל, און נאָך ווי אַרבעטן. אויף דער גאַנצער פּאַרע !

אויך זענען פאַראַן מיילער וואָס רעדן דורך די אויערן: די אויערן האָבן געהערט ערגעץ, עפּעס אַ וואָרט דאָ און עפּעס אַ וואָרט דאָרט, און שוין האָט דאָס מויל צונויפגעשטעלט אַ גאַנצע מעשה מיט אַ זאָגעכץ מיט אַ צונויפגעמישטע, קאַשע, און אַנדערע אויערן האָבן עס ליב באַלד אויפצוכאַפּן פאַרן ווייטערדיקן געברויך פון זייערע מיילער.

אויך זענען עס אַמאָל די אויגן וואָס באַפעלן אַז דאָס מויל זאָל ר'עדן. למשל — די אויגן זעען עפּעס פון וועלכן דער זעער ווערט עמאָציאָנירט, איז אַמאָל דאַרפן די אויגן נישט אָנקומען צום מויל, זיי זענען אומשטאַנד אַליין צו רעדן (עס ווענדעט זיך צו וועמען...), אָבער אָפטמאָל באַפעלן די אויגן, אַז דאָס מויל זאָל איבערגעבן זייערע עמאָציעס.

איצט זענען פאַראַן מענטשן ביי וועמען די מיילער זייערע רעדן דורך דער קעשענע. די קעשענע פאַראָרדנט וואָס דאָס מויל זאָל רעדן, און לויט דער גרויס פון דער קעשענע אַזוי הויך איז דער געשטעלטער טאָן און אַזוי גרויס איז די חוצפּה פון מוילס אַרויס־געבראַכטע ווערטער.

און מערקווירדיק — גראָד אַט די דאָזיקע קעשענע־רעדערס זענען די אַמבעסטע אויסגעהערטע, זייערע ווערטער ווערן מיט דער גרעס־טער אויפמערקזאַמקייט אויפגענומען. יעדע זייערע אַרויסגעזאָגטע פראַזע ווערט געטייטשט, פאַרטייטשט און אויסגעטייטשט, און אַפילו שוין אין אַ צייט דערנאָך ווערן נאָך אַלץ זייערע „חכמהדיקע" ווערטער איבערגעזאָגט, איבערדערציילט און איבערגעדרשנט. און עס געפינען זיך נאָך מענטשן אַזעלכע (מסתמא אינטעלעקטואַלן היסטאָריקער) וועלכע באַנוגענען זיך נישט בלויז מיט דעם וואָס זיי האָבן געהערט עפּנטלעך פון קעשענע־רעדערס מויל, נאָר זיי גייען נאָך אַוועק צו אים אַהיים און פאָרשן צו דערגיין גרינטלעך, וואָס דער דאָזיקער קעשענע־רעדער האָט געמיינט מיט יענעם אַרויס־געזאָגטן וואָרט, וואָס איז געווען די כוונה זיינע פון אַ געוויסן אויס־דרוק און צו וועלכן האָט ער געצילט מיט זיין שמייכל ביים אַרויסזאָגן געוויסע ווערטער, ווייל דאָס אַלצדינג דאַרף פאַרצייכנט ווערן פאַר דער געשיכטע.

אויסער דעם — רייסט זיך גאַנץ קהל צו אַט דעם קעשענע־רעדער, צו הערן פון זיין מויל קלוגע עצות און אָנווייזונגען אין געוויסע קהלישע אַנגעלעגנהייטן.

איז אינטערעסאַנט צו וויסן ווי האָט אויסגעזען אַט דער זעל־ביקער פאַרשוין איידער זיין קעשענע האָט אים דיקטירט צו רעדן.

אַט וועל איך אים פאַר אייך פאָרשטעלן: אַ נידעריק יידל, אַן איינגעדאַרטס, מיט קעלבערנע אויגן און אַ לעקישעוואַטן פּנים, אַן אַ קריש שכל, אָן פּשוטער עלעמענטאַרער תּורה, אָן אַ לעק חכמה, אָן אַ טראָפּן מענטשלעכער עטיק און אָן דער מינדסטער אָריענטאַציע וואָס יאָ און וואָס נישט, אָבער אויך — אָן אַ קעשענע...

אַמאָל, מיט אַ צייט צוריק, איז דאָס פאַרשוינדל געקומען אויף אַ געזעלשאַפטלעכער פאַרזאַמלונג און עס האָט זיך אים פאַרוואָלט אַרויסזאָגן עפּנטלעך אַ „חכמהדיק" וואָרט, נו, פרעגט שוין גאָרנישט וואָס אין זאָל האָט זיך דאַמאָלסט אָפּגעטאָן. די חוזק־געלעכטערס מיט די שפּאָטישע נאָכגעשרייען האָבן פאַרהילעכט די לופט ביז אויף דער גאַס אַרויס. דעם פאַרזיצער איז קוים מיט צרות געלונגען איינ־צושטילן דעם פאַרזאַמלטן עולם. און דאָס פאַרשוינדל, דער לעקיש, האָט זיך נעבעך אַרויסגעטראָגן שנעל פון זאַל, ווי צען פּאָליציאַנטן זאָלן אים נאָכיאָגן.

וואָס זשע איז דאָ פּלוצלונג געשען?

דער זעלביקער עולם, דאָס זעלביקע פאַרשוינדל, די זעלביקע נאַרישע טאַמעוואַטע רייד, אָבער היינט שטייט ער און רעדט פאַרן פּובליקום, שוין נישט אַזוי שעמעוודיק, שוין נישט אַזוי נעבעכדיק געבויגן, ער שטייט שוין גאָר מיט אַ פאַריסענעם קאָפּ און ער רעדט מיט גאוותדיקער חוצפּה, מיט אַ טאָן פון „אַזוי זאָג איך", און דאָס געערטע פּובליקום שלינגט מיט הכנעה און מיט דרך־ארצדיקער געהאָרכזאַמקייט זיין יעדעס וואָרט, און טייטשט אַריין אין זיינע ווערטער סודות און רמזים, און „מסתּם ווייסט ער וואָס ער זאָגט"!
— וואָס זשע פאַרט פאַרא ניסים זענען עס דאָ פאָרגעקומען פון

דאַמאָלסט ביז היינט?

— זייער פּשוט און פּראָסט: אַמאָל האָט דאָס זעלביקע פאַרשוינדל געוואָלט רעדן מיטן מויל פון קאָפּ אַרויס און דער קאָפּ זיינער טויג,

לא עליכם, אויף טויזנט כפרות. נו האָט מען געלאַכט און געחוזיקט פון זיין רעדן. היינט אָבער רעדט שוין זיין מויל דורך דער קעשענע. נו, פאַרשטייט איר דאָך אַליין, איצט איז שוין די קעשענע ביכולת צו צווינגען דעם עולם, אַז ער זאָל פאַרשטיין ווער עס איז דער וואָס עס רעדט צו אים און מיט וואָס פאַראַ רעספּעקט מ׳דאַרף צו אַזעלכן זיך באַציען!

— פאַרשטאַנען?

# ווי מען וויל, אַזוי זעט מען

וועגן שטאַרקן כוח פון ליבע איז אַ סך שוין געשריבן געוואָרן אין אונדזערע ספרים, פון תנ״ך אָן, אַזוי וועגן איר פּאָזיטיוון כוח ווי אויך וועגן איר נעגאַטיוון כוח, אַז ליבע פאַרבלענדט די אויגן, אַז ליבע פאַרשטעלט דעם אמת, אַז ליבע פאַרקריפּלטווירקלעכע פאַקטן און נאָך אַזוי ווייטער.

און וואָס איז מיטן כוח פון שנאה?

געפינען מיר נאָר אין איין אָרט וואו עס ווערט פאַרגליכן ליבע מיט שנאה אין נעגאַטיוון פאַרמעסט. דאָס איז אין דער גמרא סנ־הדרין דף קה׳ עמוד ב׳. דאָרט ווערט געזאָגט, אַז צוליב ליבע ווערט פאַרזען גרויסקייט און אויך צוליב שנאה ווערט גרויסקייט פאַרזען.

קען מען נאָך צוגעבן, אַז אין דעם זין, פון פאַרזען און פאַרקרי־פּלען דעם אמת, שטייגט פיל איבער דער כוח פון שנאה, אַ סך, אַ סך מער ווי דער כוח פון ליבע.

פון אַלע טויזנטער פאַקטן וואָס קענען דאָס באַווייזן וועל איך ברענגען בלויז איין פאַקט וואָס קען געבן אַ בולטע און קלאָרע אָפּשפּיגלונג ווי ווייט דער נעגאַטיווער כוח פון שנאה קען פאַרפירן אַפילו אַ יידישן שרייבער, וואָס פּרעטענדירט אויף אָביעקטיוויטעט, אַזוי צו זאָגן:

דער באַרימטער העברעאישער פּאָעט, אורי צבי גרינבערג, ווייסט מען, האָט געשטעלט זיינע ערשטע טאַלאַנטפולע טריט, נאָך אין זיין אַלטער היים, אין דער יידישער שפּראַך. באַלד אָבער ווי ער איז אָנגעקומען אין ארץ ישראל, אין אָנהייב צוואַנציקער יאָרן פון

היינטיקן י״ה. איז אורי צבי גרינבערג אַריבער אינגאַנצן צו העברעאיש, וואו ער האָט פאַרנומען דעם אויבן־אָן אין דער העברע־אישער פּאָעזיע.

ערשט איצט, נאָך עטלעכע צענדליק יאָר, האָט א. צ. גרינבערג אָנגעשריבן אַ פּאָעמע ווידער אין יידיש. זי איז געדרוקט געווען אין אַ צייטונג אין תל־אביב. אין זיין אָפּטיילונג „וועלט און וואָרט״, אין ניו־יאָרקער „טאָג־מאָרגנזשורנאַל״, שרייבט דער דיכטער א. לעיעלעס וועגן אָט דער נייער פּאָעמע אין יידיש פון א. צ. גרינבערג. שרייבט ער צווישן אַנדערס אַזוי:

„עס איז דער זעלביקער אורי צבי גרינבערג פון פאַר 35 יאָר צוריק, דאָס זעלביקע הייסע וואָרט, דאָס זעלביקע אויסגעשריי־וואָרט. עס לאָזט איבער אַ רושם״.

איז דאָס, ווייזט אויס, נאָך ווינציק. דאַרף א. לעיעלעס נאָך אויסנוצן אַ געלעגנהייט צו געבן אַ שטאָך אין דער זייט דער ישראל־דיקער יוגנט, מיט אַ נאַרישן, אומגעלומפּערטן שקר־בילבול. זאָגט ער אַזוי:

„אויף דער מדינת־ישראלדיקער־יוגנט, וואָס איר נאַציאָנאַל־היסטאָרישער חוש און יידישע באַהאַוועטקייט איז שוואַך ווי אַ פליג, מוז דער רושם זיין גאָר־גאָר״.

דאָ זעען מיר ווי שנאה קען פאַרבלענדן, פאַרפירן און פאַר־קריפּלען דעם אמת. ווארן ווי דען זאָל מען אָנרופן אַזאַ ליגנט וואָס שטעכט די אויגן, ווען די ווירקלעכקייט איז פונקט דער היפוך פון דעם. אדרבה — זאָל מען געפינען אַ וועלכעס עס איז יידיש ווינקל אין דער וועלט וואו די יוגנט זאָל זיין אַזוי אָנגעזאַפּט פון קינדווייז אָן מיטן תנ״ך, מיט אַלע היסטאָרישע ערטער פון תנ״ך און מיט דער גאַנצער לאַנגער אַלזייטיקער יידישער געשיכטע, אַזוי ווי אין מדינת ישראל! טאָ ווי קען אַ יידישער שרייבער וואַגן צו זאָגן, אַז ביי דער יוגנט פון מדינת ישראל איז דער נאַציאָנאַל־היסטאָרישער חוש און יידישע באַהאַוועקייט שוואַך ווי אַ פליג!

אָדער לאָמיר נעמען פאַר אַ מאָס די צאָל ביכער וואָס ווערן אַרויסגעגעבן אין מדינת ישראל פאַר דער יוגנט (פאַר וועמען דען?) אין איין יאָר, און פאַרגלייכן מיט דער צאָל יידישע ביכער וואָס

ווערן אַרויסגעגעבן, אין אַ יאָר, צי אַפילו אין צען יאָר, אין דער גאַנצער יידישער וועלט. זאָל דאָס דינען פאַר אַ מאָס אויף צו מעסטן דעם נאַציאָנאַל־היסטאָרישן חוש און די יידישע באַהאַווענטקייט פון דער ישראלדיקער יוגנט, אין פאַרגלייך מיט דער יידישער יוגנט פון אַלע גלות־לענדער צוזאַמענגענומען.

ווי ס׳איז באַוואוסט דערשיינען ביכער אין עברית, אין מדינת ישראל, פון עלף ביז צוועלף הונדערט ביכער יאָר־יערלעך. יעדעס בוך גייט אַרויס אין פינף ביז זעקס טויזנט עקזעמפּלאַרן און טייל ביכער — אין אַ פיל גרעסערער צאָל עקזעמפּלאַרן. ווייסן מיר דאָך (פון פּראַקטיק) אַז ביכער ווערן נישט אַרויסגעגעבן אויב ס׳איז נישטאָ פאַר וועמען (אויסער — ווען דער מחבר גיט עס אַרויס אויף אייגענעם חשבון און גוטע מענטשן העלפן אים אַרויס פון רחמנות וועגן).

איצט לאָמיר זען וועלכע ביכער דערשיינען אין מדינת ישראל; איך וועל נעמען די סטאַטיסטיק פון איין יאָר, אַרויסגענומען פון דער ביבליאָגראַפיע אין שנתון הממשלה (יאָרבוך פון דער ישראל־רע־גירונג):

1) ספרי ראשונים („תנ״ך, תנ״ך־פאַרשונגען, תלמוד, תלמוד־פאַרשונגען און לומדישע ליטעראַטור מיט אַלע אירע אָפּצווייגונגען וואָס דאָס נעמט אַרוים.

2) קבלה און חסידות.

3) רעליגיע, פילאָזאָפיע, דרשות, פיוטים־שירים און אַלע פאַרשונגען וואָס דער דאָזיקער צווייג נעמט אַרום.

4) שיין־ליטעראַטור, אָריגינעלע און איבערזעצונגען.

5) קינדער־ליטעראַטור, אָריגינעלע און איבערזעצונגען.

6) פילאָלאָגישע פאָרשונגען, ענציקלאָפּעדיעס און ווערטער־ביכער.

7) קריטיק, עסייען און ליטעראַטור־באַהאַנדלונגען.

8) חינוך און זיינע פּראָבלעמען.

9) וויסנשאַפט אין אַלע אירע צווייגן.

10) קונסט און פאָלקלאָר.

11) היסטאָריע, ביאָגראַפיעס און מעמוארן.

12) פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע, לאַנד־פאָרשונגען, עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, אַרבעטס פּראָבלעמען א. אַ. וו.

13) פּראָבלעמען וועגן גלות און ישראל און זייערע געמיינזאַמע באַציאונגען.

14) פאַרשידענע זאַמלביכער און אַזוי ווייטער.

ווען עס וואָלט נישט געווען קיין קאָנסומענט וואָלט אַזאַ ביכער־פּראָדוקציע נישט צושטאַנד געקומען, ביי וועלכער די פאַרלעגער מאַכן גאָר פיינע געשעפטן מיט גרויסע ריווחים.

נו, מיט וואָס פאַרא באַצייכענונג זאָל מען שטעמפּלען די דאָזיקע בייזוויליקע פאַרלוימדונגס ווערטער: „דער נאַציאָנאַל היסטאָרישער חוש און די יידישע באַהאַוועגטקייט פון דער ישראלדיקער יוגנט איז שוואַך ווי אַ פליג"? איז נאָר פאַראַן איין פּשוטער ענטפער:

— ווי מ"וויל זען אַזוי זעט מען. דער ווילן איז דער פאָטער פון געדאַנק!

# אַ גרוס פון אַ טייערן, ליבן, אינטימען חבר

געוואוסט האָב איך, אַז אין דער יידישער אַרמיי פון ישראל איז פאַראַן אַ גענעראַל מיטן נאָמען יצחק שדה, אָבער אַז דער יצחק שדה איז מיין אַמאָליקער האַרציקער און נאָענטער חבר, יצחק לאַנדענבערג, איז מיר קיינמאָל נישט איינגעפאַלן.

געפין איך אין „דבר השבוע" פון תל־אביב אַ מעשה, וועלכע האָט מיך און מיין פאַמיליע אַזוי פריידיק איבערראַשט און האָט אַרויסגערופן זיסע דעראינערונגען פון יענעם טייערן אַמאָל, ווען מיר זיינען געווען אַזוי אינטים־חבריש איינגעלעבט מיטן הויכן יצחק לאַנדענבערג און זיין פרוי זשעניע, אין גדוד העבודה, אין ארץ ישראל.

און אָט וואָס עס ווערט דערציילט אין „דבר השבוע":

צוויי אַרבעטער, אַ ייד און אַ דרוז (פון אַראַבישן שבט „דרוזן") האָבן צוזאַמען געאַרבעט אין אַ שטיין־האַקעריי (מחצבה) אין עתלית. איינער האָט געהייסן יצחק לאַנדענבערג און דער צווייטער — אַכמעד אַבו סעיד דורזי. ביידע אַרבעטער זיינען געווען הויכע, פעסטע און העלדישע חברהלייט. דער עתליתער שטיין, אויסער וואָס ער האָט גענוצט פאַר שאָ'סייען און מאַטעריאַל פאַר געביידעס, האָט ער אויך גענוצט אַלס געלעגנהייט פאַר די דאָזיקע צוויי אַרבעטער אַרויסצווייזן זייער אמתע גבורה און האָט אויך גענוצט פאַר אַ באַזע פון איבערגעגעבענער חברישער פריינטשאַפט צווישן אָט די ביידע אַרבעטער, וועלכע האָבן יאָרן לאַנג געאַרבעט צוזאַמען, זייט ביי זייט און אַקסל ביי אַקסל.

עס איז אָבער געקומען אַ צייט און יצחק לאַנדענבערג האָט גע־ביטן זיין נאָמען אויף יצחק שדה. צוזאַמען מיטן נאָמען האָט ער אויך געביטן זיין פאַך. ער האָט זיך אָפּגעזעגנט מיט דער מחצבה אין עתלית, אויך מיט זיין פריינט אכמעד אבו סעיד און איז אַוועק.

אָבער וואָס וועט ווערן פון דער פריינטשאַפט?

האָט זיך אכמעד געמאַטערט איבער דער דאָזיקער פראַגע און געזוכט אויף איר אַן ענטפער. ביי וועמען ער האָט זיך אַלץ נישט נאָכגעפרעגט אויף זיין חבר איסחאַק, צו וויסן וואו ער איז און וואוהין ער איז עס אַזוי פּלוצלונג נעלם געוואָרן — אָבער אומזיסט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז בכלל עקזיסטירט גאָרניט אַזאַ מענטש מיטן נאָמען יצחק לאַנדענבערג. אכמעד האָט זיך גאָרנישט פאַרגע־שטעלט אַז לאַנדענבערג איז געענדערט געוואָרן אויף שדה. פּונקט ווי ער האָט נישט געוואוסט, אַז אויסער שטיין־פּראָבלעמען האָט „איסחאַק" זיך פאַרנומען אויך מיט מיליטערישע פּראָבלעמען. אכמעד האָט אויך נישט געהאַט קיין אנונג, אַז אינם אויפשטאַנד פון די דרוזן קעגן די פראַנצויזן, אין וועלכן ער, אַכמעד, האָט גענומען אַן אָנטייל האָט זיין „איסחאַק" געהאַט אַ שטאַרקע האַנט אין דעם. אַזוי האָט אַכמעד אויך נישט געוואוסט, אַז פונעם פריינטשאַפט־אָפּמאַך וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן די יידן מיט די דרוזן איז זיין „איסחאַק" געווען דער איניציאַטאָר. בקיצור — דער דאָזיקער טייל פון זיין פריינטס לעבן איז פון אַכמעדן אינגאַנצן פאַרהוילן געווען.

דערווייל איז זיך די צייט געלאָפן מיט איר לויף. יאָרן זיינען שוין אַוועק פון ווען יצחק האָט פאַרלאָזט די מחצבה פון עתלית, אָבער די אַלטע פריינטשאַפט צווישן דיביידע חברים איז נישט פאַרגעסן געוואָרן. נישט מער — זי איז פאַרזונקען געווען אין די טיפענישן פוןביידנס הערצער, אָן אַן אויסגאַנג. פון צייט צו צייט האָט זיך ביי אַכמעדן דערוועקט שטאַרקע בענקשאַפט־געפילן נאָך זיין פריינט איסחאַק, דאַמאָלסט האָט אַכמעד ליב געהאַט צו שמועסן מיט זיינע פריינט וועגן איסחאַק דעם גיבור, וועלכער פלעגט מיט זיינע צוויי פעסטע הענט אויפהייבן צוויי מענטשן מיט איין מאָל; אָדער, אַז ער פלעגט מיט די הענט אויסרייסן אַ פעלזן־שטיין. אָבער — האָט אַכמעד צוגעגעבן — ער, איסחאַק, האָט קיינמאָל נישט באַנוצט זיינע גבורה־הענט עמיצן חלילה שלעכטס צו טאָן.

איינמאָל — דאָס איז געווען אינם פעריאָד פון „ערשטן שטאפל", ווען אַזעלכע מענטשן ווי יצחק האָבן געמוזט זיך אויסבאַהאַלטן פון די פיינטלעכע אויגן פונם פרעמדן הערשער — איז אַ געהיימער אויטאָמאָביל דורכגעפאָרן דורך אַ סטעזשקע. פונם אויטאָ האָט אַרויסגעקוקט איינער מיט אַ פליכיקן קאָפּ, אַ באַברילטער און אַ באַבאָרדטער. און ער האָט אַרויסגעשריגן: „היי יאַ סעיד, גיב איבער אַ גרוס דיין טאַטן פון יצחקן. מעגלעך, אַז אין פינף טעג אַרום וועל איך זיין ביי אים". און דער אויטאָ איז שנעל אַוועק.

אַ מינוט איז סעיד געבליבן שטיין ווי צעטומלט, אָבער באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, „דאָס מוז אוודאי זיין דער „איסחאַק" וואָס דער טאַטע דערציילט זיך אַזוי פיל אָן וועגן אים„. סעיד איז שנעל געלאָפן אַהיים און אָנגעזאָגט דעם טאַטן זיינעם: „דיין פריינט איסחאַק האָט מיך געזען, געהייסן דיר גריסן און צו וויסן געבן, אַז אין פינף טעג אַרום וועט ער זיין ביי דיר".

— וואָס, — איז דער פאָטער געבליבן ווי פאַרשטיינערט — איסחאַק? פאַרוואָס האָסטו אים נישט פאַרהאַלטן און געבראַכט צו מיר?!

— טאַטע — האָט זיך דער יונג פאַרענטפערט — איך האָב נישט באַוויזן אַפילו צו ענטפערן אים, דער אויטאָ זיינער איז באַלד אַוועק מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז נאָר אַ געדיכטן שטויב האָב איך געקענט זען נאָך אים.

— הו יאַ אַבני — האָט דער פאָטער אויסגעשריען — און ווי אַזוי זעט ער אויס?

— מיט אַ באָרד און מיט ברילן, ווי אַ דאָקטאָר.

—שו?! וואָס?! — האָט זיך דער פאָטער געוואונדערט — ביפּריש! (עס קען נישט זיין!) אפשר איז עס גאָרנישט דער זעלביקער איסחאַק?

פאַרבאָרגן זיינען די וועגן פון דער אונטערערדישער אַרבעט. נישט ווייל ער האָט נישט געוואָלט האָט יצחק נישט געקענט זיין ביי זיין פריינט אין הויז אין פינף טעג אַרום. ווידער זיינען אַוועק יאָרן. אַכמעד איז שוין מיד געוואָרן פון זיינע אַרומזוכונגען און ער האָט שוין כמעט אויפגעגעבן די האָפענונג צו זען זיך ווידער אַמאָל

מיט זיין פריינט איסחאַק. דערווייל זיינען פאַרגעקומען קאַרדינאַלע געשעעענישן אין לאַנד. די ענגלענדער האָבן פאַרלאָזט ארץ ישראל און עס איז אנשטאַנען אַ מלחמה. איצט — שוין נישט קיין אָנפאַל, נאָר טאַקע אַן אמתע מלחמה. אַ סך בלוט האָט זיך געגאָסן אויפן דאָזיקן באָדן. די דרוזן זיינען עפנטלעך אַריבער אויף דער יידישער זייט. דער געהיימער פריינטשאַפטס־אָפּמאַך פון פריער איז איצט אַרויס אין דער עפנטלעכקייט.

אין איינעם פון די דאָזיקע מלחמה־טעג, איז ווידער דורכגעפאָרן אַן אויטאָמאָביל דורך די סטעזשקעס פון באַרג כרמל. ווידער האָט זיך דער אויטאָ אָפּגעשטעלט נעבן אַ פאַרבייגייענדיקן דרוז און ווידער האָט אַ שטימע אַרויסגעשריגן פון אויטאָ:

— מין פין אינטי, יאַ זעלמאַ? (פון וואַנען ביסטו, מיין פריינט?)

האָט דער דורכגייער אָנגעקוקט דעם וואָס רעדט צו אים און דערזען אַ מיליטערמאַן מיט אַ פליכיקן קאָפּ, אַ באַברילטער, אַ באַבאָרדטער און אויף די ברייטע אַקסלען זיינע — דריי גילדענע ווײנטרויב־צווייגלעך.

טראַכט זיך דער דורכגייער: „האַדאַ זאַבט קאַביר" (דאָס מוז אוודאי זיין אַ גרויסער הערשער „זיכער אַ בריגאַדיר").

— איך בין פון דאַליט אַל כרמל, הער בריגאַדיר — האָט דער דורכגייער געענטפערט מיט אַ ציטערנדיק קול.

— גיב איבער אַ גרוס צו אַכמעד דורזי, דעם שטיין־העקער פון עתלית, פון זיין חבר יצחק און דאַ גיב אים איבער אָט דאָס פּאַפּירל מיט מיין אַדרעס.

באַלד איז דער אויטאָ פאַרשוואונדן, לאָזנדיק נאָך זיך אַ געדיכטן שטויב.

דאָס פּאַפּירל מיטן אַדרעס איז צו אַכמעדן נישט אָנגעקומען, עס איז פאַרלוירן געוואָרן אין וועג. אָבער דער לעבעדיקער גרוס איז צו אים יאָ אָנגעקומען. האָט אַכמעד באַשטימט מער נישט צו פאַרלאָזן זיך אויף נסים. ער האָט אַוועקגעשיקט זיין זון סעיד קיין חיפה און שטרענג אים באַפוילן: „זאָלסט זיך נאָכפרעגן ביי אבו חושי אויף מיין פריינט איסחאַק און אויב דו וועסט אים נישט געפונען, זאָלסטו אַנאָנסירן אין ציימונג דאוואר".

איז סעיד געקומען קיין חיפה און איז פאַרמאַטערט געוואָרן זוכנדיק, אָבער ער האָט קיין שפּור פון זיין טאַטנס פריינט איסחאַק נישט געקענט געפינען.

— אַזוי פיל איסחאַקס זיינען פאַראַן ביי יידן, כמעט יעדער צווייטער פון זיי הייסט איסחאַק — האָט זיך סעיד פאַרוואונדערט.

צום סוף האָט ער אָנאָנסירט אין „דבר", איינמאָל, צוויי מאָל, דריי און פיר מאָל. און ווי זאָגט אַן אַראַביש פאָלקסוואָרט: „וואַרף, וואַרף ליים אויף דער וואַנט. אָדער עס וועט זיך צוקלעפּן, אָדער עס וועט לאָזן אַ צייכן".

דער סוף איז געווען, אַז יצחק מיט זיין שטאַב האָבן אָפּגעשטאַט אַ וויזיט אין הויז ביי אַכמעד אבו סעיד דורזי.

און מאָדנע — און אפשר גאָרנישט אַזוי מאָדנע, ווייל אַזוי איז דער שטייגער פון מענטשן מיט כאַראַקטער — איז געווען דאָס שווייגן פון די צוויי אַלטע פריינט, ביי אַ באַגעגעניש נאָך אַכצן יאָר; אַ שווייגן פון עפּעס איינגעפּרעסט און איינגעהאַלטן אין זיך. בלויז נאָר אַ געמיינזאַמער פעסטער האַנט־דרוק, אָנגעקלאַפּט זיך אויף די פּלייצעס און די סקאַרבאַווע פראַגעס: „קיף אל חאל? קיף אל חאל? אחלאן, סאחלאן", נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל.

ערשט ווען עס איז אַריבער דער ערשטער מאָמענט פון „שטומער, איינגעהאַלטן פריידיקער, שטוינענדער איבעררראַשונג" האָט אַכמעד איבערגעריסן די איינגעהאַלטנקייט מיט אַ פראַגע:

— ווי האָסטו זיך נישט געשעמט, יאַ איסחאַק, צוויי מאָל ביסטו פאַרבייגעפאָרן נעבן אונדזער דאָרף און דו האָסט זיך נישט פאַרטראַכט „אַה, איך וועל אַראָפּגיין זען אַ נאָענטן פריינט"?

און אַכמעד האָט אָנגעהויבן צו דערציילן, ווי ער האָט אַלע יאָרן אַרומגעזוכט זיין פריינט איסחאַקן און ווי ער האָט זיך שטענדיק געוואונדערט אויף זיין פּלוצלונגען פאַרשוואונדן ווערן פון עתלית.

אויף דעם האָט יצחק אים געענטפערט, מיט זיין ברייטן שמייכל:

— אַלץ האָט געמוזט זיין „סאָרי" (אַ געהיימניש).

און יצחק האָט שוין נישט געהאַלטן פאַר נייטיק צוצוגעבן, אַז דער דאָזיקער סודותפולער צושטאַנד פון אַמאָל איז שוין אינגאַנצן

געענדערט. יצחק האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין מיליטערישע קליידונג און זיין ראַנגצייכן דערציילן שוין גענוג, פאַר זיין פריינט אַכמעד, אַלצדינג ס״איבעריקע.

⁂

איך וויל נאָר צוגעבן:

יאָ, אַזוי געשעט עס, אַז גאָר אומגעריכט און צופעליק דערגרייכט אַמאָל אַ פריידיקער און שיינענדיקער גרוס פון אַן אַמאָליקן נאָענטן אינטימען חבר, וועמען צייט און שטח קענען נישט אַרויסשטופן פון זכרון.

ביי אַ צווייטער געלעגנהייט וועל איך איבערגעבן אינטע־רעסאַנטע עפּיזאָדן מיט חבר יצחק לאַנדענבערג, היינט — אלוף יצחק שדה, עפּיזאָדן פון וועלכע עס שטראַלט אַרויס די צאַרטע און איידעלע נשמה פונם דאָזיקן יידישן גענעראַל.

# די ראָל פון „נעכטן“ אין דעם „מאָרגן“

יעדעס פאָלק אין דער וועלט, וואָס קומט אין באַציאונגען און באַרירונגען מיט אַנדערע פעלקער. אויף וועלכן געביט עס זאָל נישט זיין, מוז זיך מיט דער צייט אָנשטעקן און זיך אָננעמען מיט אייגנשאַפטן, קולטור-באַגריפן, פירונגען און כאַראַקטער-שטריכן פון יענע פעלקער מיט וועמען ער קומט אין באַרירונג. דאָס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך און נאַטירלעך. אַזוי זיינען מענטשן. עס איז פאַראַן אָבער אַן אונטערשייד צווישן פאָלק און פאָלק. דאָס פאָלק וואָס פאַרמאָגט אַ שטאַרקן גלויבן אין זיך און אין די אייגענע כוחות; וואָס פאַרמאָגט גרויסע שאַפונגס-פּאָטענצן און אַ פעסטן פאַרוואָרצלטן באַזיס פאַר די אייגענע כאַראַקטער-יסודות, דאָס פאָלק ווען עס נעמט אויף דעם פרעמדן עלעמענט ווערט ער כמעט ווי פאַרלוירן אין דעם אייגנטימלעכן פאָלקסוועזן. ביי אַזאַ פאָלק ווערט דאָס פרעמדע איבערגענומען כמעט ווי נישט קענטיק אַלס פרעמדס. ווייל באַלד ווערט דאָס פרעמדע אַזוי איבערגעקאָכט און פאַרדייעט אינעם פאָלקס מאָגן, ווערט אַזוי איינגעשלאָסן אין דעם אייגענעם פאָלקס אוצר, אַז דער אור-פרעמדער פרצוף ווערט ווי אָפּגעמעקט און עס ווערט אינעם פאָלק אָנגענומען ווי אַ נאַטירלעך-געבוירענע אייגנס. דאַקעגן — ביי אַ פאָלק מיט שלאַבעריקע אייגנאַרטיקייטן, מיט טעמפּע שאַפונגס-פּאָטענצן און מיט אומפאַרוואָרצלטע כאַראַקטער-יסודות, ווערט באַלד דאָס פרעמדע-איבערגענומענע שטאַרק קענטיק. פאַרקערט גאָר — ביי אַזאַ פאָלק ווערט אַפילו דאָס ביסעלע אייגנס, וואָס עס פאַרמאָגט יאָ אין זיך, איינגיכן אויפגעפרעסן דורך די פרעמדע כוחות, דורך די פרעמדע אַנדערשקייטן, וואָס זיינען אינעם פאָלק אַריינגעפלאָסן; אַזאַ פאָלק פאַרלירט מיט דער צייט

זיין אייגענעם פּרצוף־פּנים און ווערט גייסטיק, קולטורעל און עטיש אַ מין וואָסאַל פון פרעמדן איינפלוס און פון פרעמדער גייסטיקער אויבערהערשאַפט. נאָך מער — אַזאַ פאָלק ווערט מיט דער צייט אין זיין כאַראַקטער אַזוי גייסטיק שקלאַפעריש, אַז עס הויבט שוין אָן צו זוכן און בענקען נאָך אַלץ וואָס קומט פון דער פרעמד, און גאַרט און ציט זיך צו פרעמדע שטראַלן, אַז זיי זאָלן קומען באַלייכטן און באַפרוכפּערן דעם אייגענעם איינגעדאַרטן און אויסגעצערטן גייסטיקן געשטעל.

איז די פראַגע, וואָס זיינען די סיבות וואָס האָבן צוגעפירט צום דאָזיקן קאַלאָסאַלן גרונט־אונטערשייד צווישן אָט די צוויי קעגנ־געזעצטע פאָלקס־כאַראַקטערן, ביי אָט די צוויי פעלקער ? וועלן מיר דעם ענטפער אויף דעם באַלד אויסגעפינען.

עס טרעפט אויך, אַז ביים זעלביקן פאָלק זיינען פאַראַן פאַר־שידענע תקופות: אַמאָל ווערט דאָס איבערגענומענע פון דער פרעמד אַזוי איינגעשלונגען ביים פאָלק, אין זיין אייגנאַרט, אַז „ולא נודע כי באָו אל קרבנה", אַז ס'איז אוממעגלעך צו דערקענען דעם פרעמדן אָפּשטאַם, און אַמאָל ווידער פאַרקערט, ווערט דאָס ביסל אייגנס אַזוי אויפגעפרעסן פון די פרעמד־אַריינגעקומענע עלעמענטן, אַז דער איי־גענער פּרצוף ווערט נעבעך אַזוי מטושטשדיק, צעיוירן, אַז אפשר נאָר דורך אַ מיקראָסקאָפּ וועט מען קענען אויפזוכן אַ סימן אָדער עפּעס אַן איבערבלייב פונעם אייגענעם מקור.

איז ווידער די פראַגע: „פאַרוואָס" ?

דעם קלאָרסטן און לאָגישסטן ענטפער וועלן מיר געפינען אין די ווערטער וואָס האָט אונדז אַמאָל אָנגעזאָגט דער מחוקק אונדזערער:

„זכור ימות עולם, בינו שנות דור ודור: שאל אָביך ויגדך, זקניך ויאמרו לך". אויף פּראָסט יידיש מיינט עס צו זאָגן אַזוי: — גע־דענקט עס אויף אייביק, אויף דור דורות זאָלט איר עס פאַרשטיין, אַז דער באַזיס פון אייער אייגענער פאָלקס־עקזיסטענץ איז אָפּהענגיק פון דעם אויף וויפל איר וועט זיך האַלטן ביים לאָזונג: „פרעג ביים טאַטן דיינעם וועט ער דיר זאָגן און צו די פאַרצייטיקע דיינע ווענד זיך וועלן זיי דיר אָנווייזן".

אָט אָ דאָ ליגט דער סוד פון גייסטיקער און מאָראַלישער שטאַר־קייט און שוואַכקייט ביי פאַרשידענע פעלקער און דאָס גלייכן פון

גייסטיקער און מאָראַלישער שטאַרקייט און שוואַכקייט ביים זעלביקן פאָלק גופא אין פאַרשידענע תקופות.

איצט לאָמיר זען און זיך אַריינטראַכטן אין אונדזער אייגענעם געשיכטלעכן גאַנג.

מיט וויסן גאַנץ גוט, אַז אַ סך פון אונדזער מנהגים, לעבנס־איינשטעלונגען, קולט־אויפפאַסונגען, קולטור־באַגריפן און אַפילו קליידונגס־פאָרמען האָבן מיר איבערגענומען ביי פרעמדע פעלקער, צווישן וועלכע מיר האָבן געלעבט. ווען דאָס וואָלט געשען ביי אַן אַנדער פאָלק אין אונדזער מצב — אָן אַן אייגן היימלאַנד, נאָר שטענדיק היימלאָזיק איינגעגלידערט צווישן פרעמדע פעלקער — וואָלט שוין לאַנג פון אַזאַ פאָלק קיין זכר נישט געווען געבליבן, ווייל דער פרעמדער קולט און די פרעמדע אייגנאַרטיקייט וואָלט אים גייסטיק געווען איינגעשלונגען; און נאָך דער גייסטיקער פאַרלענדונג מוז שוין ממילא קומען, ווי אַ נאַטירלעכער פועל יוצא, אויך די פיזישע אַסימילאַציע.

ווי איז עס אָבער מיט אונדז געשען ?

מיר האָבן טאַקע ביי פרעמדע נישט קיין קליין ביסל איבער־גענומען, אָבער — מיר האָבן דאָס פרעמדע אַזוי איינגעשלונגען און איבערגעקאָכט אין אונדזער אייגענעם פאָלקס מאָגן, אַז ס׳איז גאָר געוואָרן אין אונדז פאַראייגנט, און נישט נאָר האָט עס אונדז נישט פאַרשאַדט, נייערט פאַרקערט גאָר, עס האָט נאָך אונדז באַרייכערט און אין געוויסע הינזיכטן אונדז געגעבן אויפשוואונג. עס איז גאָר דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז יענע פעלקער, ביי וועמען מיר האָבן גענאַשט, זיינען שוין לאַנג אומגעקומען און דאָס וואָס מיר האָבן ביי זיי גענומען איז ביי אונדז געוואָרן פאַרהייליקט און יידיש־קאַנאָניזירט.

פאַרוואָס ? ווייל דער אייגענער, ירושהדיק־פאַרוואָרצלטער פאָלקס כוח, דאָס אַלטע ירושה־וואָרט, דער אייגענער הויכער גייסט אונדזערער און די שאַפונגס קראַפט אונדזערע, אַלץ מיט וואָס מיר האָבן נאָכגעפאָלגט די פאַרגאַנגענע פריערדיקע דורות, איז טיף אין אונדז איינגעקלאַמערט געווען אַזוי, אַז דאָס פרעמדע איז נישט אימשטאַנד געווען אונדז צו באַהערשן. אַריינגענומען — יאָ, אָבער

אַ שליטה איבער אונדז — נישט. דאַמאָלסט איז אונדזער אייגנאַרטי־קער ירושה־כאַראַקטער געבליבן אומבאַרירט.

ווען אָבער, אין אַ געוויסער צייט, דאָס שטאַרקע וואָרט פון אונדזערע פאַרגאַנגענע האָט גענומען שוואַך ווערן; דאָס טראַדי־ציאָנעלע ירושה־אייגנטום האָט אָנגעהויבן צעטרענצלט צו ווערן; דער אייגענער שאַפונגס־כוח איז אַטראָפירט געוואָרן און די בריק צו דער פאַרגאַנגענהייט האָט זיך גענומען טרייסלען פון שוואַכקייט דאַמאָלסט האָט שוין דאָס פרעמד־אַריינגעקומענע געכאַפּט די שליטה איבער אונדז און געמאַכט אונדז אונטערטעניק; אַזוי לאַנגזאַם, לאַנג־זאַם האָבן גרויסע טיילן פון אונדזער פאָלק זיך אָפּגעריסן פון שורש, ביז זיי זיינען אינגאַנצן אַסימילירט געוואָרן אין פרעמדע קערפּערם און אויף אייביק פון אונדז פאַרלוירן געגאַנגען.

און אָט דערשיינט פאַר אונדזערע אויגן אַזאַ מערקווירדיקער פאַקט:

עס קערט זיך אום אין אונדזער היימלאַנד אַ יידישער שבט — תימנים. הונדערטער און הונדערטער יאָרן זיינען זיי געווען אָפּ־געריסן פון וועלכן עס איז קאָנטאַקט מיטן גאַנצן פאָלק ישראל. זיי האָבן געלעבט, דורות אויף דורות, אונטער די שרעקלעכסטע און אומדערטרעגלעכסטע עינויים, פּיין, רדיפות, דערנידעריקונגען. איצט ווערן זיי געבראַכט צוריק אין אונדזער אַלט־נייעם היימלאַנד און צוריק ווערן זיי באַהאָפטן מיטן גאַנצן כלל ישראל. קערפּערלעך זיינען זיי צעבראָכענע, פאַרפּייניקטע, אויסגעמאַטערטע, אָפּגעצערטע, קראַנקע, בינטלעך הויט און ביינער; אָבער גייסטיק — ווייט נישט דערשלאָגענע. גייסטיק האָט זיי קיין שום באַרבאַרישער און ברו־טאַלער כוח נישט געקענט איינברעכן. פאַרוואָס ? ווייל זיי האָבן אויף קיין איין מאָמענט נישט איבערגעריסן מיט אונדזער טראַדי־ציאָנעלער ירושה; ווייל אין זיי האָט שטענדיק געטליעט דאָס גרויסע וואָרט פון אונדזער אוראַלטן אייביקן קוואַל; ווייל תמיד זיינען זיי באַשטראַלט געווען פון אונדזער אייביקן עמוד האש וואָס האָט זיי באַלויכטן דעם יידישן לעבנס־גאַנג, אין דער גרעסטער פינצטערניש.

דאָס האָט זיי געגעבן כוח איבערצוטראָגן דאָס ערגסטע און זיך נישט אונטערגעגעבן; דאָס האָט זיי געקרעפטיקט, געמוטיקט און איינגעפלאַנצט אין זיי יידישן אויסדויער און יידישע האָפענונג; דאָס

האָט דערהאַלטן אין זיי די יידישע עקשנות און דעם הויכן יידישן גייסט. דאָס האָט נישט דערלאָזט זיי זיך צו בויגן אַפילו פאַר די ערגסטע שטורם-ווינטן.

נאָך אַ געשעענער פאַקט, וואָס איז פאָרגעקומען פאַר אונדזערע אויגן, פון וועלכן מיר האָבן אַ סך וואָס צו לערנען:

מיט איבער דריי צענדליק יאָר צוריק האָט דאָס רוסישע פאָלק רעוואָלוציאָנירט; האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קייטן פון אַלדאָס אַלטע און צעפוילטע; האָט איינגעפירט ביי זיך אַ נייעם לעבנס סדר, אַ נייע פאָרעם פון רעגירונג, אַ נייעם סיסטעם אין זיין פירונג און לגמרי אַ נייע איינשטעלונג פאַר זיין ווייטערדיקן לעבנס-גאַנג.

אין אָנהייב, אין פאַרשיכורטקייט פון דער רעוואָלוציאָנערער איבערקערעניש, האָט דאָס רוסישע פאָלה, אָדער בעסער געזאָגט די פירער פון פאָלק געמיינט, אַז שוין איז געקומען די צייט זיך צו באַפרייען פון אַלץ און אַלעמען וואָס שמעקט מיט פאַרגאַנגענהייט, מיט טראַדיציע פון דורות, איבעררייסן מיט אַלץ וואָס דערציילט פון „אַמאָל איז געווען”, פאַרברענען הינטער זיך אַלע בריקן וואָס פאַר־בינדן מיטן פאָלקס עבר, אַז קיין זכר זאָל פון אים נישט בלייבן, נישט דאָס שלעכטע און נישט דאָס גוטע, — און מיט איין מאָל אָנהייבן אַלץ פון דאָס ניי.

ערשט שפּעטער מיט יאָרן האָבן זיי איינגעזען, אַז אַ פאָלק — ווי שטאַרק פיזיש עס זאָל נישט זיין — קען גייסטיק זיך איינברעכן און אָפּגעשוואַכט ווערן, ווען עס איז ניט פאַרבונדן מיט זיין נעכטן, מיט זיין טראַדיציאָנעלער אייגנאַרטיקייט, מיט זיין פאַרערונג פאַר זיינע אַמאָליקע פאָלקס העלדן, מיט זיינע גייסטיקע שאַפונגס כוחות פון נעכטן און מיט זיינע דורותדיק — איינגעוואָרצלטע שיינע פאָלקס מינהגים.

איז מען דעריבער געצוואונגען געווען אומצוקערן זיך צוריק מיטן פּנים צום נעכטן פון פאָלק (הגם אין אַ באַגרענעצטער מאָס), כדי נישט צו דערלאָזן דעם פאָלק צו גייסטיקער דעגענעראַציע און כדי צו דערמוטיקן און וועקן אין אים גייסטיקע כוחות פאַר זיין מאָרגן, וואָס דאָס מיינט אויך פיזישע פאַרשטאַרקונג.

ביי אונדז יידן האָבן זיך אויך געגומען ווייזן לעצטנס סימנים, גאָרנישט קיין דערפרייענדיקע: סימנים וואָס מערקן זיך צוליב

דער פאַרשיכורטקייט פון אונדזער אייגענער רעוואָלוציע, וואָס איז פאָרגעקומען אין אונדזער לעבן. עס האָבן זיך גענומען באַווייזן שטרעבונגען אָנצוהייבן אַלץ פון דאָס ניי, אַז מיר זאָלן אָנהייבן ווי אַ ניי־געבוירן פאָלק, אַז מיר זאָלן מיט איין מאָל איבעררייסן מיטן נעכטן, ווייל דער נעכטן שמעקט מיט גלות און אַלץ וואָס איז גלות דאַרף זיין חס מלהזכיר, וואָס גלותדיק דאַרף אויסגעריסן ווערן מיטן וואָרצל.

אָבער, מוז מען וואָרנען באַצייטנס, עס וועט בלייבן אַ חרפה און אַ ווייטיק לדורות, אַז אַזאַ עם חכם ונבון, ווי מיר זיינען, זאָל חלילה מאַכן אַזאַ אומפאַרגעבלעכן פאַטאַלן טעות.

מיר טאָרן נישט פאַרגעסן אויף קיין איין מינוט אַז נאָר אַ דאַנק דעם נעכטן, נאָר אַ דאַנק דעם הויכן גייסטיקן ניוואָ אונדזערן פון נעכטן, נאָר אַ דאַנק די שיינע אין אונדז איינגעוואָרצלטע טראַדי־ציעס פון נעכטן, נאָר אַ דאַנק דעם געזונטן שאַפונגס־כוח אונדזערן פון נעכטן, נאָר אַ דאַנק אונדזערע ליכטיקע גייסטער פון נעכטן, זיינען מיר געווען ביכולת צו דערגרייכן צום היינט. און נאָר אַ דאַנק דעם ירושהדיקן נעכטן וועלן אונדז דינען די כוחות צו שפּאַנען צום ליכטיקן מאָרגן.

# אַ פײַנער ריח

.1

דאָ אין מעקסיקע װערט דערצײלט:

אין אַ פרומער קאַטױלישער פאַמיליע איז אַ מײדל אַנטלאָפן פון דער הײם און מ'האָט נישט געװאוסט װאו זי איז אַהינגעקומען. מיט אַ סך יאָרן שפּעטער איז די טאָכטער אַהײם געקומען, אין אַ מאָדערנעם קאַדילאַק, אױסגעפּוצט אין טײַערע לוקסוסדיקע מלבושים, באַהאַנגען מיט קאָסטבאַרער צירונג און בריליאַנטן. דער פאָטער האָט זיך מיט איר אַרומגעכאַפּט און זיך צעקושט און מיט איבערראַשנדיקער פרײד האָט ער איר געפרעגט:

— װאו ביסטו עס געװען אַזױ לאַנג מײַן טײַערע טאָכטער? פון װאַנען האָסטו עס גענומען אַזאַ רײַכקײט? און מיט װאָס באַשעפטיקסטו זיך?

גאַנץ רואיק האָט די טאָכטער געענטפערט:

—איך בין אַ פראָסטיטוטקע.

װי דער פרומער פאָטער האָט דאָס דערהערט, איז ער אָנגעצונדן געװאָרן פון שאַנדע און מיט רציחהדיקן כעס זיך צעשריגן:

— אַרױס פון מײַן שטוב, דו... אַזױנע און אַזעלכע, דו ביסט נישט מער מײַן קינד. איך װיל דיך נישט קענען. פאַרשמוץ ניט מײַן הױז. אַרױס פון דאַנען!

די טאָכטער אָבער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, מיט רואי־קייט האָט זי געעפנט איר האַנט־בייטל, אַרויסגענומען פון דאָרט צען באַנקנאָטן צו טויזנט פעזעס און געזאָגט צום פאָטער:

— זעסט טאַטע, איך האָב געבראַכט פאַר דיר אַ מתנה פון צען טויזנט פעזעס.

באַלד איז דעם פאָטערס פנים געענדערט געוואָרן; די רציחה האָט זיך איינגעשטילט, דער כעס האָט נאָכגעלאָזט און ער האָט זיך גע־ווענדעט צו דער טאָכטער, שוין אין אַ באַרואיקטן טאָן:

— וואָס האָסטו געזאָגט ביסטו?
— איך בין אַ פּראָסטיטוטקע.

— אויב אַזוי אַנשולדיק מיר, מיין קינד, איך האָב געהאַט אַ טעות, איך האָב געמיינט אַז דו האָסט געזאָגט, ביסט אַ פּראָטעס־טאַנטקע.

קודם האָט דער פאָטער צוגענומען די צען טויזנט פעזעס, האָט זיך ווידער אַרומגעכאַפּט מיט דער טאָכטער און ווידער האָבן זיי זיך צעקושט.

אַך, סאַרא פיינעם ריח געלט האָט ווי נאָר מען דערשמעקט עס!

כאָטש דאָס ווערט דערציילט ווי אַ וויץ, אָבער עס איז פאַראַן אין דעם אַ גרויסער אמת.

נישט נאָר איז דער ריח פון געלט איינגענעם און באַקוועם פאַר די וואָס באַזיצן דאָס געלט, נאָר אויך אפילו די וואָס שטייען דערנעבן שמעקן צו אָט דעם פיינעם ריח, ציען אים אין זיך אַריין און קוויקן זיך מיט אים.

אַמשטאַרקסטן איז דער דאָזיקער חוש הריח אַנטוויקלט ביי כלי־קודש און ביי שרייבערס.

.2

דאָס איז געשען מיט אַ סך, אַ סך יאָרן צוריק. אַן אמתע מעשה.

משה האָט אַרויסגעפירט די בני ישראל פון מצרים, אַרויסגע־שלעפּט זיי פון פיזישער און גייסטיקער פאַרשקלאַפונג און קנעכט־

שאַפט. משה האָט זיי געפירט, די בני ישראל, דורך ים און מדבר אויפן וועג צו באַפרייאונג, צו זעלבסטשטענדיקייט און צו אַן אייגן לאַנד.

באַלד אָבער ווי די נעכטיקע שקלאַפן האָבן דערפילט, אַז מען שטייט שוין נישט איבער זיי מיט דער בייטש האָבן זיך אָנגעהויבן צווישן זיי אַליין אינערלעכע רייסערייען, צוליב גנבות, שווינדלערייען און אָפּנאַרערייען (פון דער ביזת מצרים) פון איינעם קעגן צווייטן. זענען זיי אַלע געקומען צו משהן מיט טענות, סיכסוכים און דין־תורות. זענען זיי אַזוי געשטאַנען איבער משהן פון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט, און זיי האָבן משהן שרעקלעך פאַרמאַטערט.

איינמאָל איז צו משהן געקומען צוגאַסט זיין שווער יתרו, דער פּרעזידענט פון לאַנד מדין. ווי יתרו האָט דערזען ווי משה ווערט פאַרמאַטערט פון די אַלע סיכסוכים, וואָס ער דאַרף אויסגלייכן איינער אַליין, צווישן הונדערטער טויזנטער מענטשן, האָט ער געזאָגט צו משהן:

— הער זיך איין, מיין איידעם, ביסט טאַקע אַ גרויסער פירער, אָבער נישט קיין פּראַקטישער מענטש. עס טויג נישט ווי דו פירסט זיך. עס קען נישט איין מענטש נעמען אויף זיך אַלץ אַליין. דו וועסט אינגיכן פאַרמאַטערט ווערן פון אַזאַ שווערן יאָך וואָס דו נעמסט אויף זיך. דו דאַרפסט זען אויסצוקלייבן פון פאָלק ערלעכע מענטשן, נישט קיין געלט־גייציקע, מענטשן פון אמת און מוטיקע מענטשן. זיי זאָלן דערליידיקן אַלס ריכטער, אַלע סיכסוכים, וואָס די מענטשן האָבן צווישן זיך, און דו משה זאָלסט נאָר זיך אָפּגעבן צו לערנען און דער־ציען דעם פאָלק, אַז ער זאָל פעאיק זיין אויפצונעמען פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט, אין אייגענעם לאַנד.

משה האָט מיט דער פולער ערנסטקייט זיך צוגעהערט צום שווערס קלוגער און פּראַקטישער עצה, ער האָט זיך פאַרטראַכט וועגן דעם און זיך אָפּגערופן צו יתרון:

— איך צווייפל, צי איך וועל געפינען צווישן מיין פאָלק אַזעלכע מענטשן ווי דו זאָגסט, ערלעכע לייט, ניט קיין געלט־גייציקע, מענטשן פון אמת און מוטיקע מענטשן.

— זיי ניט נאַאיוו מיין איידעם — האָט יתרו געענטפערט — גלייב מיר, אַז פאַר געלט וועסטו קענען איינהאַנדלען די אַלע לייט

וואָס דו דאַרפסט: „ערלעכע מענטשן", „שונאי בצע — אַזעלכע וואָס האָבן פיינט געלט", „מענטשן פון בלויז אמת", אַלץ וועסטו קריגן פאַר געלט. איך וויים עס פון פראַקטיק, נאָך אַזוי פיל יאָרן ווי איך בין פרעזידענט אין לאַנד מדין. און ווי אַזוי, מיינסטו, בין איך געוואָרן פרעזידענט פון מדין? — אויפן זעלביקן וועג! ס'איז אַן אויסגעפּרובירט מיטל! נאָך מער — פאַר געלט וועסטו אפילו קריגן מגידים, דרשנים און שרייבער וואָס וועלן פאַר די פּרעדיקן אַלץ וואָס נאָר דו פאַרלאַנגסט, אַפילו „דעם ריינעם אמת", ווייל געלט פאַרמאָגט אין זיך אַזאַ פיינעם ריח, וואָס פאַרשיכורט. ווער עס גיט נאָר אַ שמעק צו דעם, אפילו פון דערווייטנס, ווערט ווי פאַרהיפּנאָטיזירט און דו קענסט שוין טאָן מיט אים וואָס דו ווילסט נאָר אַליין:

נו, וואָס זשע איז געוואָרן?

זאָגט אויף דעם דער פּסוק (שמות י"ח — כ"ד) „וישמע משה לקול חותנו ויעש כל אשר אמר", אויף יידיש מיינט עס — משה האָט געפאָלגט דעם שווער זיינעם און געטאָן אַלצדינג וואָס ער האָט אים געהייסן. און טאַקע געהאָט דערפאָלג.

# פראָבלעם „יוגנט“

אויף וויפל איך געדענק פון מיין אייגענער יוגנט-צייט, און אויף וויפל איך ווייס פון די יוגנט-יאָרן פון מיין זיידן און מיין טאַטן ז״ל, זע איך אַז שטענדיק — אין אַלע צייטן און אין אַלע דורות — זייען געווען די זעלביקע טענות צום יוגנטלעכן, אַז ער גייט אַוועק אויף אַ שלעכן וועג; אַן אייביקער פּחד האָט געלויערט איבער די עלטערן, טאָמער וועט זייער זון אַרויס לתרבות רעה, רחמנא ליצלן.

⁂

מיין זיידע ז״ל (אַ פרומער און ערלעכער ייד, מיט אידעלע מידות און באַרימט אַלס גרויסער למדן) האָט מיר דערציילט, ווען ער איז אַלט געווען צוועלף יאָר איז דער באַרימטער גאון ר׳ יהושעלע קוטנער געווען אין שעדלעץ. האָט מיין עלטער-זיידע געשיקט מיין זיידן צו אים זיך פאַרהערן. דער קוטנער האָט אויסגעהערט דעם צוועלעפיאָריקן בחור, געשמועסט מיט אים אין לערנען און אַזוי גערעדט מיט אים מעניני דעלמא. דענאָך האָט ער זיך אויסגעדריקט צו מיין זיידן: „דאָס יינגל וואַקסט אַ גאון, נאָר עפּעס געפעלט ער מיר נישט, איך האָב זייער מורא פאַר אים, מיר דאַכט אַז ער האַלט שוין ביי „הקדיח תבשילו“ (אויף פּראָסטע יידיש וואָלט עס געמיינט, אַז ער איז שוין געכאַפּט אויף דער מעשה) ער דאַרף האָבן רחמים, אַז ער זאָל בלייבן אַן ערלעכער ייד“. ווי מיין עלטער-זיידע האָט דאָס דערהערט האָט ער פאַר שרעק שנעל-כאַפּנדיק געמאַכט מיין זיידן פאַר אַ חתן און צו פערצן-יאָריקן עלטער האָט מען אים החתונה געמאַכט, אָנגעטאָן אים אַ „ריחיים על צוואָרו“ און אַזוי אַרום זיך באַוואָרענט קעגן אַן אומגליק.



אין די פּעק כתבים וואָס כ׳האָב געירשנט פון מיין טאַטן ז״ל (די איינציקע ירושה וואָס ער האָט געלאָזט) האָב איך — צווישן די אַלע חידושי תורה (און גראָד זייער וויכטיקע) און די אַלע שאלות ותשובות וואָס ער האָט געפירט מיט אַ סך פוילישע און ליטווישע רבנים — געפונען אַ בריוו, געשריבן פון איינעם ישראל ברוך ב״ר יוסף חיים טענענבוים. דאָס איז אַ גרויסער בויגן פּאַפּיר, אָנגעפּי־קעוועט אויף ביידע זייטן מיט תורה. ער פרעגט ביי מיין טאַטן אַ מיינונג וועגן זיינע חידושים. צום סוף פונעם בריוו שרייבט ער, אַז פון מיין טאַטנס בריוו צו אים פילט זיך אַ „ריח מינות״. ד״ה — פּראָסט און פּשוט — עס שמעקט מיט אפּיקורסות. און ער שרייבט, אַז ער שרעקט זיך זייער פאַר מיין טאַטן, ער זאָל נישט ווערן חלילה, אַן „אלישע בן אבויה״.

וויפל איך האָב געקענט מיין טאַטן האָט ער געדאַוונט אין צוויי פּאָר תפילין, האָט געשמט פאַר אַ גדול בתורה און דערצו אויך געווען אַ חסיד, אָבער נישט קיין חסיד שוטה. זיין אַפּיקורסות איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט זייער ליב געהאַט די העב־רעאישע שפּראַך און ער האָט געהאַט שטאַרקע טענות צו די רבנים פון זיין צייט, פאַרוואָס זיי שרייבן אַזוי קוידעריש, צעבראָכן לשון. און אין גאַנצן איז מיין טאַטע אַלט געווען אַכט און צוואַנציק יאָר ביי זיין פּטירה. וויפל ס׳איז היינט אַלט אַ דורכשניטלעכער יונגט־לעכער. פאַר אים האָט מען עס זיך געשראָקן, טאָמער וועט ער חלילה נישט אויסהאַלטן קיין יידישקייט.



מיינער אַן אייגענער, אַ גאָר נאָענטער, וועמען איר, מיינע לייענער, קענט אויך, היינט שוין אַ זיידע, ער איז — מיין איך — אַ גאַנץ גוטער און איבערגעגעבענער ייד, האָט אין זיינע יוגנט־יאָרן געהאַט אַ נאָמען פאַר „אבי אבות הטומאה״, אין וועמענס דלד אמות מ׳טאָר נישט שטיין. אַ סך האָבן נאָך נביאות געזאָגט, אַז סוף כל סוף וועט ער זיך שמדן. און דאָס אַלץ דערפאַר, ווייל ער האָט געשאַפן אַ יוגנט־קרייז פון זיינע חברים, בית המדרש בחורים, וואו מען האָט געלייענט בציבור ספרים החצונים, ר״ל.

אַזוי, מסתמא, האָבן אַ סך היינטיקע זיידעס צו דערציילן פֿון זייערע אייגענע יוגנט־יאָרן און פֿון די יוגנט־יאָרן פֿון זייערע עלטערן.

יעדער קלענסטער אָפּנויג דורך דער יוגנט, פֿונעם גלייכן אויסגעטראָטענעם וועג, האָט אָנגעוואָרפֿן אַ בהלהדיקע שרעק, און באַלד האָט דער עלטערער דור געקלאַפּט טרעוואָגע און געזוכט צו לעשן דאָס פֿייער, וואָס קען זיך נאָך חלילה צעשפּרייטן, ווער ווייסט ביז וואַנען.



אָט די דאָזיקע מורא פֿאַרן יוגנטלעכן, טאָמער גייט ער אַוועק אויף אַ שלעכטן וועג, ציט זיך שוין מסתמא דורות. און די דאָזיקע מורא הערשט, נישט נאָר ביי יידן, נאָר אויך ביי אַנדערע פֿעלקער.

אין אַלע צייטן, און ביי יעדן פֿאָלק איז „יוגנט" זייער אַן ערנסטע און שווערע פּראָבלעם. די טאַטעס האָט זיך שטענדיק געדאַכט, אַז די קינדער גייען נישט אויף דעם וועג, וועלכן זיי, די עלטערע, האָבן אויסגעטראָטן. שטענדיק האָט איבער די עלטערע געשוועבט די דאגה, טאָמער וועט די יוגנט אַראָפּ פֿון די רעלסן, אַראָפּ פֿון דער ליניע, וואָס זיי, די עלטערע, האָבן אָנגעצייכנט אַלס די גראַדיקע, זיכערסטע ליניע פֿאַרן גאַנצן לעבנס שטייגער. מען האָט זיך באַמיט, מיט אַלע מעגלעכקייטן, אַז די דערציאונג פֿון קינד, פֿון גאַנץ פֿרי אָן, זאָל גיין אין אַזאַ ריכטונג, וואָס זאָל פֿון קינד מאַכן אַ געטריַע קאָפּיע פֿונעם טאַטן. און דווקא דעריבער זיינען די עלטערן שטענדיק געבליבן אומצופֿרידן.

מיר געפֿינען אין דער ליטעראַטור פֿון יעדן פֿאָלק גרויסע ווערק, געבויט אויף דער פֿאַרביטערטקייט פֿונעם עלטערן דור קעגן יונגערן; ווי ווייט די קאָנסערוואַטיווע עלטער פֿאַראורזאַכט ביים פֿריערדיקן דור אַ קעגנערשאַפֿט צו אַלץ וואָס איז ניי, שפּראָדלדיק און פּראָגרעסיוו, וואָס ווערט דורך דעם יונגן דור געשאַפֿן און אַרויסגעבראַכט.

עס איז די אייביקע מורא פֿאַרן נייעם, טאָמער וועט עס צעברעכן דאָס אַלטע, דאָס פֿון דורות דערוואָרבענע, איבער וועלכן דער אַלטער דור ציטערט אַזוי שטאַרק. און ער האָט גאָר פֿאַרגעסן ווי ער אַליין האָט אַמאָל, אין זיין יוגנט, צעבראָכן טיילווייז דאָס, וואָס ער האָט געירשנט פֿונעם פֿריערדיקן דור.

און אויב ביי אַנדערע פעלקער איז „יוגנט" אַן ערנסט פּראָבלעם, איז עס ביי אונדז יידן זייער אַן אַנגעווייטיקט פּראָבלעם. ביי אונדז קומט נאָך צו די מורא פאַר אָפּגעפרעמדטקייט פונעם שטאַם. אין דער צייט, ווען ביי יעדן אַנדער פאָלק איז דער „דרויסן" און „היים" אין דער זעלביקער סביבה, אונטער איין אַטמאָספער און ביי די זעלביקע קולטורעלע און גייסטיקע באַדינגונגען, אַזוי אַז די זאָרג פאַר „אָפּגעפרעמדט ווערן" קען גאָרנישט עקזיסטירן, איז עס ביי אונדז לגמרי אַנדערש: מיר לעבן שטענדיק אין צוויי וועלטן, איין וועלט — אַ דרויסנדיקע, אַ פרעמדע, אַ גוישקע. און איין וועלט — אַן אינערלעכע, אַן אייגענע, אינגאַנצן יידישע. און די דרויסנדיקע וועלט, ווייל אַ פרעמדע, ווינקט אַזוי פאַרפירעריש, לאָקט און רייצט די יוגנט־פאַנטאַזיע, רופט אַזוי צוזאָגנדיק און זי פאַרנאַרט. האָבן די פריערדיקע דורות זיך געראַנגלט מיט אַלע כוחות און זיך באַפעסטיקט מיט אַלערליי חומרות, כדי צו באַוואָרענען, אַז די דרויסנדיקע געפאַר זאָל קיין שליטה נישט האָבן, נישט דורכברעכן אונדזער דאַמבע און נישט דערטרינקען אין וועלטלעכקייט אונדזער יידישקייט.

האָט דעריבער דער עלטערער יידישער דור, געהאַט פאַר זיך, אויסער די דאגה פון „אַראָפּ פונעם אויסגעטראָטענעם וועג", נאָך געהאַט די מורא פון „אָפּגעפרעמדט ווערן", פון אָפּגעריסן ווערן אינ־גאַנצן פונעם שטאַם, וואָס עס האָט שטענדיק געדראָט, דורך דער נאָענט־פרעמדער אויסערלעכער וועלט.

דאָס איז געווען נאָך אין די אַלטע, איינגעזעסענע יידישע ישובים, וואו יידן האָבן געלעבט אין קאָמפּאַקטע מאַסן און וואו זיי האָבן געהאַט אַן אייגענע, גענוג־שטאַרקע יידישע אַטמאָספער, דורכגענו־מען מיטן טיפן גייסט פון דורותדיקער טראַדיציע. פונדעסטוועגן איז מען שטענדיק געשטאַנען אויף דער וואַך, צו פאַרהיטן די יוגנט קעגן דעם געפערלעכן דרויסן, פאַר וועלכן מ'האָט זיך געהאַלטן אין איין שרעקן, אַז אָט אָט פאַרשלינגט ער אונדז חלילה. און מ'האָט זיך געהאַלטן אין איין באַוואָרענען.

איצט לאָמיר זען, ווי האָט עס באַדאַרפט זיין אין די נייע לענדער, וואוהין מיר האָבן איינגעוואַנדערט.

קיין איינגעוואָרצלטע יידישע אייגנאַרטיקייט — ווי אין די אַלטע היימען — איז נישטאָ; קיין יידישע איינגעפונדעוועטע טראַ־דיציע איז נישטאָ; דעם גרויסן און שווערן יידישקייט־באַגאַזש

אונדזערן האָט מען אַריינגעוואָרפן אין ים אַריין, נאָך פאָרנדיק אויפן וועג; וואָס ווייטער, אַלץ גרינגער ווערדט די ירושה, וואָס מיר האָבן איבערגענומען פון אונדזערע עלטערן, אַזוי אַז ס׳איז שוין כמעט ניט געבליבן וואָס מיר זאָלן האָבן איבערצוגעבן אונדזערע קינדער. און דער פרעמדער דרויסן לאָקט מיט זיין אויסערלעכן גלאַנץ און אין גרייט צו פאַרשלינגען דעם גאַנצן יונגן דור אונדזערן.

לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן האָט מען, מיט אַ טרויעריק געמיט, געקענט אויסרעכענען, אַז אונדזער יוגנט וועט לייכט זיך לאָזן אויפן פרייען וועג...

אָבער, ווייזט אויס, אַז פון אונדזער פשוטן מענשלעכן פאַרשטאַנד זיינען פאַרהוילן די געהיימע כוחות וואָס פירן אונדזער געשיכטע.

צו אונדזער גרויסער פרייד און איבעראַשנדיקער צופרידנקייט זעען מיר גאָר עפּעס אַנדערש.

מיר זעען, אַז קינדער — און אין גאָר גרויסע צאָלן — געבוירן און דערצויגן שוין אין די נייע ישובים — אין מעקסיקע אַריינגערעכנט — רייסן זיך צו יידיש אייגנאַרטיק לעבן, צו יידישער קולטור, צו יידיש וויסן, צום יידישן מקור און צו יידישער טראַדיציע. (לײדער זיינען אונדזערע געשוואוירענע מקוננים בלינד אויף ביידע אויגן און זיי זעען דאָס נישט).

אָט איין פאַקט פון אַ סך: די ציוניסטישע יוגנט־פעדעראַציע אין מעקסיקע האָט געעפנט אַ מין „פאָלקס אוניווערזיטעט” פאַר יידיש וויסן, האָבן זיך צו דער דערעפענונג געמאָלדן דריי הונדערט יוגנטלעכע. נו, דאַרף מען אַ בעסערן באַוויז ?

ווילט זיך אַמאָל אַריינטראַכטן און זוכן די סיבות, פאַרוואָס עס טרייבט די יוגנט אומבאַוווּסטזיניק, צוריק צום מקור, צוריק צום אייגענעם אַלטן קוואַל. קומט באַלד אַ פאַרבאָרגענע האַנט, אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ און זאָגט אַזוי:

— טראַכט נישט צופיל, דו נאַרישער בן־אָדם, וועסט זיך סיי ווי צו גאָרנישט זיך דערטראַכטן. עס איז פאַראַן דער שר האומה וואָס ער וועט, אָן דיין טראַכטן, פירן דאָס יידישע פאָלק לויט זיין ווילן און לויט זיין אָנגעצייכנטער ליניע. אָבער מיין נישט דו בן־אָדם, אַז

דו דאַרפסט זיצן פאַרלייגט די הענט און וואַרטן בלויז אויפן שר האומה. לערן זיך ביי דיינע פריערדיקע דורות, ווי זיי האָבן עס איינגעלייגט וועלטן, האָבן געטאָן איבער זייערע כוחות, כדי צו דערהאַלטן די יוגנט אין המשך פון יידישן קיום. זיי זיינען געשטאַנען אויף דער וואַך אז קיין איין נפש מישראל זאָל חלילה פון פאָלק נישט פאַרלירן ווערן. דו, בן אָדם, זעץ פאָר זייער אַרבעט, לויט דיינע מעגלעכקייטן, לויט דיינע אומשטענדן און לויט די נייע באַדינגונגען. דאָס איבעריקע וועט שוין דער שר האומה זאָרגן און שטיין דיר צו הילף. וואַרן וויסן זיי, אַז נצח ישראל לא ישקר!

# ווי ווערטער פאָרן זיך נישט

אין די יידישע שטעטלעך פון דער אַלטער היים זיינען געווען יידן באַרימטע תהילים-זאָגער. דאָס זיינען געווען יידן האָרעפּאַש-ניקעס, פּראָסטע, קוים וואָס זיי האָבן געקענט דאָס ביסל עברי, אָבער ערלעכע און פרומע יידן זיינען זיי געווען. דורך די קאַפּיט-לעך תהילים, וואָס זיי פלעגן האַלטן אין איין זאָגן, שוין אַפילו אויף אויסנווייניק — האָבן זיי אויסגעגאָסן זייער האַרץ פאַרן בורא עולם. קיין פירוש המלות (באַדייט פון די ווערטער) האָבן די דאָזיקע יידן ניט געקענט. פלעגן זיי דעריבער זעצן די ווערטער פון תהילים צו פאַרוויין. זיי האָבן געהאַלטן, אַז ווערטער, ווי מענטשן, דאַרפן זיך פאָרן. צי די ווערטער האָבן אַזוי אַרום זיך געפּאַסט איינס צום צווייטן לויט זייער באַדייט, דאָס איז זיי נישט אָנגעגאַנגען. אַלע ווערטער פון תהילים — האָבן זיי געוואוסט — זיינען אַלצאיינס גלייך הייליק, איז דעריבער נישט וויכטיק ווי אַזוי מען פּאַסט זיי צונויף, אַבי — פאַרוויין.

יידן וואָס האָבן יאָ פאַרשטאַנען פירוש המלות פלעגן אַפילו אונטערשמייכלען הערנדיק ווי אַזוי די תהילים-זאָגער פאָרן צונויף די ווערטער פון תהילים, דאָך האָבן אַלע געהאַט פאַר זיי דרך ארץ, וואָרן נישט געקוקט אויף דעם וואָס אַט די פּראָסטע יידן האָבן נישט געפּאַסט די ווערטער אין דער געהעריקער אָרדנונג, לויט זייער באַדייט, האָט מען אָבער געוואוסט, אַז זייערע תהילים-ווערטער האָבן זיך אין בעסטן אופן יאָ געפּאָרט מיט האַרץ און נשמה, האָבן זיך געפּאָרט מיט אויפריכטיקער יראת שמים און מיט עכטן געפיל וואָס איז געקומען פון טיפער אמונה. אַפילו ווען זיי, די תהילים-זאָגער, האָבן אינמיטן די תהילים-ווערטער אַריינגעקרעכצט אַ פאָר

איינפאַכע יידישע ווערטער, ווי אַ שטייגער „אוי טאַטע זיסער" !, „אוי פאָטער אין הימל" ! אאַז"וו. האָבן זיך די דאָזיקע יידישע ווערטער גאַנץ גוט געפּאָרט מיט די לשון קודשדיקע תהילים-ווער־טער, וויילביידע זיינען גלייך געהייליקט געוועזן דורך זייערע האַר־ציקע עכט יידישע קרעכצן, און זיי האָבן געהאַט צווישן זיך אַ גאָר-נאָענטע, טיף-יידישע שייכות.

היינט — אין אונדזער „מאָדערנער" און „ציוויליזירטער" צייט — שטויסן מיר זיך אויך אָן אויף אַזעלכע טיפּן, יידן עם הארצים, נאָר זיי זיינען שוין לגמרי פון אַן אַנדער טייג געקנאָטן. נו, דערפאַר לעבן מיר דאָך שוין אין אַ נייער „ציוויליזירטער" צייט.

די היינטיקע עם הארצים, פונקט ווי אַמאָליקע תהילים-זאָגער, פאָרן אויך אַזוי ווערטער וואָס קלעבן זיך איינס צום צווייטן ווי אַ שטריימל מיט אַ לאָקשן-ברעט. און שוין ניט קיין תהילים-ווערטער זיינען זיי, נאָר פּראָסט פּשוטע פלוידער-ווערטער, וואָס די היינטיקע עם הארצים רעדן אַרויס אויף איינפאַכן מאַמע-לשון און דאָך ווייסן זיי נישט וואָס זיי פּלאַפּלען. די צוהערער זייערע קענען באַין אופן נישט פאַרשטיין ווי אַזוי די ווערטער קלעבן זיך באַנאַנדער. פונ־דעסטוועגן הערן זיך מענטשן צו צו זייערע ווערטער מיט גרויס דרך ארץ און מיט שטאַרקער אויפמערקזאַמקייט.

ווייסט איר פאַרוואָס ?

ווייל די ווערטער פון די היינטיקע עם הארצים, כאָטש זיי אַליין צווישן זיך פאָרן זיך טאַקע נישט, די קלאַנגען אָבער פון די ווערטער פאָרן זיך שוין יאָ מיט גאָר-גאָר געהויבענע אַנדערע קלאַנגען, נעמ־לעך — מיט די „צאַרטע און איידעלע" קלאַנגען פון זייערע קעשענע־קלינגערס . . . און פאַר אַזעלכע ווערטער-קלאַנגען האָט מען שוין גאָר שטאַרק דרך ארץ און — צי מ'וויל יאָ, צי מ'וויל נישט — מוז מען זיך מיט אַזעלכע ווערטער רעכענען.

נאָך איז פאַראַן אַן אונטערשייד פון יענע פּראָסטע, אָבער ער־לעכע און פרומע, תהילים-זאָגער ביז להבדיל די היינטיקע עם הארצים יענע האָבן געוואוסט פון זייער פּראָסטקייט, האָבן זיי זיך געהאַלטן מיט דרך ארצדיקער הכנעה אַנטקעגן יידן יודעי ספר. זיי האָבן זיך נישט געשטופּט אין געדרטנער וואָס ליגן נישט אויף זייער שליאַך. זיי האָבן זיך פאַרנומען בלויז אין זייער ווינקל, און אויף

זייער אופן און מיט די מעגלעכקייטן וואָס זיינען געלעגן אין זייערע כוחות האָבן זיי זיך אַרויסגערעדט פאַרן אָבינו שבשמים.

היינטיקע עם הארצים אָבער זיינען נאָך גאָר פאַרריסן ביי זיך, זיי האַלטן זיך גאָר פאַרן אויבערשטן פון שטויסל, און אפשר האָבן זיי רעכט אויף דעם, והא ראיה — זיי פירן עס דאָך די גרענדע ביי יידן, זיי זיינען עס דאָך די יידישע מנהיגים, זיי זיינען עס דאָך די וואָרט-זאָגער און רעדל-פירער ביי יידן.

עס דערמאָנט זיך מיר אין אַן אַלטער פאָלקס-מעשה:

עס ווערט דערציילט, אַז אין אַ דאָרפישער אכסניה זיינען געבליבן נעכטיקן, אין איין צימער, אַ גלח און איינער אַ בעטלער, אַ דאָרפס-גייער. באַגינען, עס איז נאָך געווען פינצטער אין דרויסן, האָט דער בעטלער זיך געאיילט אָנצוטאָן זיך, כדי וואָס פריער זיך צו לאָזן אין ווייטערדיקן וועג אַריין. אין גרוים איילעניש און אין דער פינצטער האָט דער בעטלער על פי טעות אויף זיך אַרויפגעכאַפּט דעם גלחס מלבושים. ער קומט אָן אין ערשטן דאָרף אַריין, אין דרויסן איז שוין געווען ליכטיק, דער בעטלער שטוינט און פאַרשטייט נישט וואָס איז דאָ מיט אים געשען: אַלע מענטשן, וואָס ער באַגעגנט, נויגן זיך און בויגן זיך פאַר אים, און אַנדערע קושן אים אין די הענט. דער בעטלער קען אויף קיין פאַל נישט באַגרייפן וואָס דאָ איז געשען, ביז ער שפּיגלט זיך איין אין אַ שפּיגל און צו זיין גרוים דער-שטוינונג דערזעט ער, אַז ער איז גאָר פלוצלונג איבער נאַכט, גע-וואָרן אַ גלח.

— אָבער ווי איז עס מעגלעך — פרעגט זיך אַליין דער דאָרפי-שער בעטלער — אַז איך זאָל זיין אַ גלח, אַז איך קען אַפילו נישט קיין צורת האות?

טראַכט ער, דער בעטלער, און טראַכט ביז ער האָט זיך דער-טראַכט.

— איך וועל עפענען — זאָגט ער — אַ בוך, וועל איך זען, אויב איך וועל קענען לייענען איז אַ סימן אַז כ׳בין טאַקע יאָ אַ גלח, טאָמער אָבער וועל איך נישט קענען לייענען איז אַ סימן, אַז מיט מיר איז עפּעס פאָרגעקומען אַ מיספאַרשטענדעניש, אַז דער שטן האָט מיר אָפּגעטאָן עפּעס אַ מיאוס שפּיצל.

דער בעטלער עפנט אַ בוך און — ער יכולט נישט.

אָבער דעם בעטלער איז שוין געווען אַ שאָד זיך אָפּצוזאָגן פון זיין באַקוועמען און אָנגענעמענעם צושטאַנד אַלס גלח, ווען אַלע מענטשן בויגן זיך און בויגן זיך פאַר אים און קושן אים די הענט.

האָט זיך אין בעטלערס פּויערשן קאָפּ אַריינגעכאַפּט אַ וואונ דערבאַרער געדאַנק:

— לעולם בין איך טאַקע יאָ אַ גלח. מענטשן זיינען נישט משוגע. מסתם ווייסן זיי דאָס בעסער פאַר מיר. איי פאַר וואָס איך קען נישט לייענען, קען גאָר זיין אַז קיין גלח קען נישט און מ׳דאַרף עס גאָר נישט קענען . . .

כך אַזוי איז געשען מיט אונדזער היימישע היינטיקע עם הארצים, אַז זיי האָבן דערזען ווי דער עולם-גולם נויגט זיך און בויגט זיך פאַר זיי און קושט זיי די הענט, האָבן זיי אויף אַן אמתן זיך איינגערעדט אַז זיי זיינען טאַקע . . . און זיי האָבן אָנגעהויבן רעדן, מיט חוצפּהדיקער פאַרריסנקייט, איבער אַלץ אין דער וועלט: איבער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, איבער דערציאונגס-פּראָבלעמען, איבער געשיכטלעכע פראַגן, איבער עטיק, איבער אַלגעמיינע יידישקייט-פּראָבלעמען. זיי האָבן אויך גענומען פּסקענען שאלות אין דינים פון איסור והיתר, וואָס מען מעג יאָ און וואָס מען טאָר נישט. און אין יעדן ווינקעלע פון יידישן לעבן זיינען זיי דאָ מיט זייערע פּערלדיקע, חכמהדיקע און עם הארצישע עצות און אָנווייזונגען.

איי וואָס זייערע ווערטער קלעבן זיך אַזוי ווי אַ פּאַטש צו גוט שבת, דאָס מאַכט נישט. דער בעסטער באַווייז איז, אַז מענטשן הערן זיך צו צו זייערע ווערטער מיט גרויס דרך ארץ און מיט שטאַרקער אויפמערקזאַמקייט „מסתם פאַרשטייען די מענטשן בעסער ווער עס ווייסט יאָ וואָס ער רעדט און ווער עס ווייסט נישט״...

דאָ, ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט, אַז ס׳איז שוין יאָ געקומען צו רייד, וועל איך פאַר אייך דעמאָנסטרירן עטלעכע פאַקטן, וואָס וועלן באַלייכטן דעם הויכן קולטור-ניוואָ, די גרויסע לומדות, טיפן וויסן, עקאָנאָמישע אויפפאַסונגען און געשיכטע קענטשאַפט פון אונדזערע היינטיקע זייער חשובע עם הארצים.

אין איינעם אַן אָוונט בין איך אַריינגעקומען אין אַ שטוב אַריין, האָב איך דאָרטן געטראָפן עטלעכע זייער חשובע יידן, וועלכע האָבן געהאַלטן אינמיטן אַ הייסער דיסקוסיע וועגן יעזוס קריסטוס. די

יידן וואָס האָבן געפירט די דאָזיקע דיסקוסיע פאַרנעמען אַלע זייער חשובע פּאָזיציעס אין היגן יידיש-געזעלשאַפטלעכן לעבן. וואָס פאַר אַ סיבות עס האָבן צוגעפירט צו דער דיסקוסיע דאָס קען איך נישט וויסן, ווייל איך בין אָנגעקומען שוין אין סאַמען מיטן.

אַז די יידן, מיינע גוטע באַקאַנטע, האָבן מיך דערזען האָבן זיי זיך מיט מיר דערפרייט ווי מיט אַן אבן טוב. איך בין פּונקט אָנגעקומען אין דער ריכטיקער צייט, האָבן זיי מיט פרייד אויסגעשריגן. איך האָב געזאָלט, הייסט עס, זיין דער „אוטשאָני יעוורעי״, וואָס דאַרף אַנטשיידן ווער פון זיי איז גערעכט.

לויט די איבערדערציילטע רייד פון יעדן איינעם האָט זיך עס געהאַנדלט וועגן דער פראַגע:

— צי איז יעזוס קריסטוס געבוירן געוואָרן פאַר מתן תורה אָדער נאָך מתן תורה?

און איינער אַ ייד האָט געהאַלטן אין איין טענהן, אַז ער ווייסט אויף זיכער אַז יעזוס קריסטוס איז געבוירן געוואָרן ערשט אין אַכטן יאָרהונדערט (וואו דער ייד האָט געפּאַקט אַזאַ שיין וואָרט ווייס איך נישט).

אויסהערנדיק די אַלע רייד פון דער דאָזיקער ביז גאָר אינטערעסאַנטער דיסקוסיע, האָב איך פאַרשעמטערהייט געמוזט מודה זיין, אַז געשיכטע האָב איך נישט געלערנט און איך האָב וועגן דעם קיין שום אַנונג נישט.

האָבן די דיסקוטירנדע חשובע יידן, מיינע גוטע באַקאַנטע, אויף מיר זיך אָנגעצונדן, און אין זייער פאַרביטערטקייט, פון דעם וואָס זיי האָבן זיך אין מיר אַנטוישט, האָבן זיי מיט כעס אויסגעשריגן:

— וואָס זשע דען האָט איר יאָ געלערנט?!

— כ׳האָב זיך גאָר געלערנט — האָב איך מיט דערשלאָגנקייט געענטפערט — ווי אַזוי אַריינצומאַכן ציצית אין אַ טלית קטן.
נאָך אַ פּאַקט:

אַנומלטן האָב איך זיך געטראָפן מיט אַ רייכן און גאַנץ חשובן יידן, אַ גאַנצער פאַרנעם, אַ ייד וואָס איז שטאַרק באַזאָרגט, ווי ער זאָגט, וועגן דער שלעכטער עקאָנאָמישער לאַגע אין ישראל.

דערציילט מיר דער ייד אַז ער האָט גאָר אַ וואַזשנעם פּלאַן ווי צו מאַכן געשעפט אין ישראל.

פרעג איך אים קודם צי ער איז אַ ציוניסט און צו וועלכער ריכטונג אין ציוניזם ער איז אָנגעהעריק, אָדער אפשר ער געהערט צו אַן אַנדערער יידישער נישט-ציוניסטישער פּאַרטיי.

— איך בין נישט קיין פּאַרטיי-מענטש — האָט מיר דער ייד געענטפערט זייער פּשוט — איך בין גאָרנישט.

— אַליין איינס זענט איר גאָרניט — גיב איך דעם יידן צו פאַר-שטיין — קענט איר דאָך זיין אַ ציוניסט.

— אַז איך וויל נישט זיין קיין פּאַרטיי-מענטש — האַלט זיך דער ייד ביי זיינס — מ'קומט צו מיר פאַר ארץ ישראל גיב איך, אָבער צו אַ פּאַרטיי וויל איך נישט געהערן.

— זייער פיין. איז אין וואָס באַשטייט אייער פּלאַן וועגן מאַכן געשעפט אין ישראל?

און דער ייד דערציילט מיר, אַז זיין ווייב האָט געלייענט אין די יידישע צייטונגען, אַז מען האָט אַרויסגעשיקט פון ארץ ישראל צען טויזנט זעקלעך ארץ-ישראל-ערד פאַר דער חברה קדישא אין אַמעריקע, איז ביי אים געבוירן געוואָרן אַ פּלאַן, אַז ער זאָל פאַרן קיין ישראל און כסדר פון דאָרטן אַרויסשיקן ארצישראל-ערד צו די יידן אין דער גאַנצער וועלט. פרעגט ער מיר, ווי איז מיין מיי-נונג, צי דאָס קען זיין אַ גוט געשעפט.

— ס'טייטש ר' ייד — פרעג איך אים אין שפּאַס — אַז איר וועט אַרויסשיקן די גאַנצע ארץ-ישראל-ערד, וואָס זשע וועלן די דאָר-טיקע יידן טאָן אָן ערד, און ווי קען עקזיסטירן אַ מלוכה אָן ערד?

— איי איך זע שוין, איר רעדט ווי אַ מפּאַיניק, אָט די פון דער הסתדרות. מסתם האָט שוין די הסתדרות געזען, אַז ס'איז אַ גוט געשעפט האָט זי עס שוין מאָנאָפּאָליזירט פאַר זיך. איצט זע איך שוין טאַקע, אַז די רעוויזיאָניסטן זיינען גערעכט. מיין ווייב האָט מיר דערציילט, אַז זי האָט געלייענט אין אַ רעוויזיאָניסטישער צייטונג, אַז די הסתדרות מיט דער מפּא"י מאָנאָפּאָליזירן אַלצדינג אין ארץ ישראל און זיי לאָזן נישט האַנדלען מיט גאָרנישט. איצט זע

איך, אַז אַפּילו די ארצישראל־ערד וועלן זיי שוין אויך פאַרכאַפּן, נו, טאָ ווי אַזוי וועט קענען עקזיסטירן אַ יידישע מלוכה אין ארץ ישראל, אַז מען וועט נישט לאָזן קיינעם מיט גאַרנישט האַנדלען?

איך האָב לסוף געעצהט דעם יידן, אַז ער זאָל זיך באַראַטן וועגן זיין פּלאַן מיט דער היגער ציוניסטישער פעדעראַציע, ווייל זי איז מער באַקאַנט אין די דאָזיקע ענינים . . .

# יידן אָן געלט

## JUDIOS SIN DINERO

דאָס בוך אין אָריגינאַל איז אין ענגליש. דער מחבר איז אַ ייד, אַן ענגליש־שרייבער, מייקל גאָלד, און עס איז איבערגעזעצט אין שפּאַניש מיטן נאָמען „כודיאָס סין דינעראָ". דאָס דאָזיקע בוך האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם. אויסער דעם וואָס עס איז באמת שיין אָנגעשריבן און אויף אַ וואונדערבאַרן אופן געשילדערט דאָס אָרעמע יידישע לעבן אין אַ טייל פון דער ריזיקער שטאָט, וואָס הייסט ניו־יאָרק; אויסער דעם וואָס דער מחבר ברענגט גלענצענדיק און לעבעדיק אַרויס, ווי יידן קלאַמערן זיך אויף אַלערליי אופנים, מיט ציין און נעגל אין אַלע מעגלעכקייטן, כדי צו דערהאַלטן די עקזיסטענץ פון זייערע פאַמיליעס; אָבער אויסער דעם אַלעם איז דער ווערט פון בוך גרויס מיט דעם, וואָס עס נעמט אַראָפּ דעם סודותדיקן שלייער, ווי עס איז ביי גויים אין די אויגן איינגעהילט דאָס יידישע לעבן און עס דעקט אויף פאַר דער וועלט (איבערהויפּט אין די שפּאַניש־רעדנדיקע לענדער) דעם איינגערעדטן טעות, אַז אַלע יידן זיינען רייך און אַז מיט זייער רייכקייט פירן זיי דעם רודער פון דער גאַנצער וועלט.

מיר דאַרפן נישט זוכן ווייט, אָט דאָ ביי אונדז אין מעקסיקע, קענט איר הערן אויף טריט און שריט ווי מ׳רעדט צו יידן: „אוסטעדעס סאָן מוי ריקאָס". (איר זיינט זייער רייך). אַנדערע זאָגן נאָך „אוסטע־טעס פועדען פּאַגאַר" — וואָס עס מיינט צו זאָגן, איר יידן קענט זיך דערלויבן צו צאָלן גוטע פּרייזן, ווייל געלט שפּילט ביי אייך, יידן, קיין ראָל נישט. אַזוי הערן מיר דאָס ביי יעדער געלעגנהייט.

מ׳זאל דערציילן אַ היגן, אַז אין מעקסיקע זיינען פאַראַן אויך אַזעלכע יידן, וואָס מאַטערן זיך, אויף דעם טאָג דורכצולעבן; אַז עס זיינען פאַראַן אַזעלכע יידן וואָס אַפילו דאָס מאַטערן זיך העלפט שוין אויך נישט; אַז עס זיינען פאַראַן אַזעלכע יידישע פאַמיליעס וואָס אויפן טעגלעכן לעבן שלאָגט מען זיך נאָך ווי עס איז אַדורך, אָבער אַז עס ווערט חלילה איינער פון דער פאַמיליע קראַנק, קען מען שוין, באין אופן, נישט האָבן קיין מאַטעריעלע מעגלעכקייט אויף צו היילן דעם קראַנקן. אַז איר וועט דאָס דערציילן אַ היגן, אַ מעקסיקאַנער, וועט ער עס אייך אויף קיין פאַל נישט גלייבן, און אויב איר וועט שוין אָנטרעפן אויף איינעם וואָס האָט צו אייך צוטרוי און ער וועט אייך יאָ גלויבן, אַז איר זאָגט אים אמת, וועט עס ביי אים אויסזען ווי מאָדנע וואונדערלעכע און אומנאַטירלעכע אַנטדעקונג, פונקט ווי צוועלף ביינאַכט זאָל פּלוצלונג זיך באַווייזן די זון און עס זאָל מיטאַמאָל ווערן ליכטיק ווי צוועלף בייטאָג. אַ זאַך וואָס עס איז אומגלויבלעך און אומפאַרשטענדלעך וואָרן „די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז קיין אָרעמע יידן זיינען גאָר אויף דער וועלט נישטאָ״.

מיינט איר, אַז נאָר גויים טראַכטן אַזוי וועגן אונדז יידן פון מעקסיקע, קען איך אייך זאָגן, אַז אַפילו יידן אין דער וועלט טראַכטן אויך אַזוי וועגן מעקסיקאַנער יידן.

אָט אַ קליינעם פאַקט:

דאָ אַנומלטן האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו פון אַ פריינט, אַ גוט באַקאַנטער ייד פון ניו־יאָרק, אַ ייד וואָס איז דאָ נישט לאַנג צוריק געווען ביי אונדז, אין מעקסיקע, גאָר אַ חשובער און זייער אָנגעלייגטער גאַסט און איז אָוועקגעפאָרן פון אונדז מיט גאָר אַ גאַנץ פיינער סומע געלט, אין דאָלאַרן, לטובת . . .

שרייבט מיר מיין פריינט: „ווער קען זיך עס פאַרגלייכן צו אייער יידישן ישוב פון מעקסיקע! ביי אייך זיינען דאָך אַלע יידן גבירים־אדירים. ביי אייך איז נאָר אַ פראַגע, פון רייך און גאָר שטאַרק רייך, אָבער נישט־רייכע יידן זיינען דאָך ביי אייך גאָרנישט בנמצא״.

דעריבער טאַקע — ווייל זיי דענקען אַזוי וועגן אונדז — אַז עס קומט צו אונדז איינער, אַ יידישער „גדול״ פון „דאָרטן״, און ער

פירט נישט אַרויס פון דאָנען אַזאַ גרויסע סומע דאָלאַרן, ווי ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, פאָרט ער אַוועק אַ ברוגזער, מיט באַליידיקונגען, שענדונגען און זידלערייען פאַרן גאַנצן „גראָביונגישן" ישוב אונדזערן.

ווען איך בין געווען אויף אַ פאַרזאַמלונג פון אונדזער „הילפס-פאַראיין" און כ'האָב געהערט די באַריכטן פון דער קאָלאָסאַלער הילפס-אַרבעט וואָס עס איז געטאָן געוואָרן דורכן „הילפס-פאַראיין", אויף צו לינדערן די נויטן פון אונדזערע היגע, אָרעמע יידישע מענטשן און אויף צו דערמעגלעכן אונדזערע אָרעמע יידישע קראַנקע (וועלכע זיינען נישט אומשטאַנד אַליין זיך צו העלפן) אַז זיי זאָלן באַקומען די געהעריקע מעדיצינישע הילף, אויסגעבנדיק אויף דעם אַ סומע פון איבער הונדערטער טויזנט פּעזעס, אין לויף פון איין יאָר, האָבן איך געהערט, אַז ווען עס וואָלטן געווען די מאַטעריעלע מעגלעכקייטן וואָלט מען געקענט די הילף פאַרטאָפּלען און עס וואָלט ניט געווען איבעריק.

הערנדיק דעם דאָזיקן באַריכט פון דער פאַרוואַלטונג פון „הילפס-פאַראיין" (וויסנדיק אויך די ריזיק-גרויסע הילפס-אַרבעט, וואָס „נדחי-ישראל" טוט פאַר היגע אומפאַרמעגלעכע יידן) האָב איך זיך בעת מעשה געטראַכט, ווי נעמט מען אַהער אונדזערע „געסט אויף אַ ווייל", וועלכע כאַפּן נאָר אויף דאָס גאָלד וואָס בליאַסקעט ביי אונדז און זעען נישט די אָרעמקייט (אָפענע און באַפּוצטע) וועלכע שטיקט זיך אין איר פינצטערער ענגשאַפט און מוז אָנקומען נאָך הילף פון וואויל-טעטיקע אינסטיטוציעס!

צו דער דאָזיקער געלעגנהייט איז כדאי צו דערמאָנען, די אונדזעריקע פון די אויבערשטע שיכטן, אין דער אַלטער פרעכטיק-שיינער יידישער מידה פון צדקה.

ביי אונדז יידן ווערט אָנגערופן געבן שטיצע פאַר נויטבאַדערפטיקע, נישט נדבה, נישט רחמנות, נישט טובה, נישט מתנה — נייערט צדקה. דאָס מיינט — גערעכטיקייט. גערעכטיקייט צוטיילן צו די יעניקע, וואָס צוליב געוויסע אומשטענדן (אָדער גאָר צוליבן שלעכטן סדר העולם) האָבן זיי נישט געקענט זיך דערהויבן מאַטעריעליש צו דער מדרגה פון אַנדערע זייערע „פעאיקע" ברידער. מוז דעריבער ווערן געטאָן צו זיי צדקה-גערעכטיקייט-פאַרגיטיקונג.

און גערעכטיקייט, זעט איר, איז שוין נישט אָן ענין פון בעטן. גערעכטיקייט מעג מען (אָדער מוז מען) פאָדערן, מען האָט רעכט צו פאָדערן. די מענטשן וואָס גיבן אַוועק זייער מי און צייט און ווידמען זייער אָנגעשטרענגטע טעטיקייט אויף צו אָרגאַניזירן און ווי געהעריק איינאָרדענען די צדקה־הילף פאַר באַדערפטיקע, זיי האָבן דאָס רעכט צו פאָדערן פון אַנדערע, גוטשטייענדיקע יידן, אַז זיי זאָלן מיט זייער געלט־שטיצע טאָן צדקה־גערעכטיקייט צו זייערע אומפאַרמעגלעכע ברידער.

דעריבער זאָגט די גמרא (בבא בתרא ט׳־י׳) „שקולה מצוות צדקה כנגד כל המצוות״ — בלויז דאָס טאָן צדקה האָט פונקט אַזאַ ווערט ווי מקיים זיין אַלע מצוות פון דער תורה. „גדולה צדקה שמקרבת את הגאולה״ — אַזוי גרויס איז די מצווה פון טאָן צדקה, אַז דורך דעם ווערט דערנענטערט די פולשטענדיקע יידישע דער־לייזונג, נאָך וועלכער מיר אַלע לעכצן אַזוי שטאַרק. „אם עושין צדקה מוטב ואם לאוו באין הגויים ונוטלין בזרוע״ — דאָס מיינט, אַז אויב מטוט נישט קיין צדקה־גערעכטיקייט, צום נויטבאַדערפטיקן ברודער, קומען גויים און רויבן אַוועק בגוואַלט דאָס פאַרמעגן פון די פאַרמעגלעכע.

עס ווערט דערציילט פון הלל הזקן, אַז עס איז צו אים אַמאָל געקומען אַן אָרעמאַן נאָך שטיצע, האָט הלל הזקן זיך דערוואוסט, אַז דער דאָזיקער מאַן איז אַמאָל געווען אַ פאַרמעגלעכער מענטש, וואָס איז געוואָרן אַ יורד, האָט הלל — אויסער דער שטיצע וואָס ער האָט דערלאַנגט בכבוד — אים נאָך צוגעגעבן אַ פערד אויף צום רייטן, כדי ער, דער אָרעמאַן, זאָל נישט דאַרפן זיך אַרומשלעפן צופוס, צו וועלכן ער איז נישט צוגעוואוינט (גמרא כתובות ס״ז).

וואָלט גאָרנישט געשאַדט, ווען מיר „מאָדערנע מענטשן״ לערנען זיך אָפּ אַ ביסל פון די דאָזיקע שיינע מידות, ביי יענע לייט פון דער אַלטער וועלט. און מיר הערן זיך צו, צו די ווערטער פון יענע אַלטע לערערס אונדזערע.

און דער עיקר — זאָלן מיר אַליין, כאָש נישט לעבן מיט דער פאַלשער איינבילדונג פון די גויים און פון אונדזערע אייגענע געסט פון „דאָרטן״, אַז אַלע היגע יידן זיינען רייך; נייערט מיר זאָלן גע־דענקען דעם ביטערן אמת, אַז עס זיינען נאָך פאַראַן, לניידער, גענוג

„כודיאָם סין דינעראַ" און עס איז אונדזער אומבאַדינגטער חוב זיי צו שטיצן, אין זייער באַדערפטיקייט; און טאָן צו זיי צדקה־גערעכ־טיקייט, אין זייער שלעכטער צייט; ווען מען דורך אַ הלוואה העלפן צוריק זיך שטעלן אויף די פיס; ווען מען דורך דער געהעריקער מעדי־צינישער הילף, אין צייט, אַרויסראַטעווען פון די נעגל פון מלאך המוות; ווען מען דערמעגלעכן, דורך געהעריקער אַרבעט, צו דערנערן בכבוד זיך און זיין פאַמיליע; ווען מען צייטווייליק אונטערשטיצן ביז צום מאָמענט ווען יענער וועט זיך שוין אין דעם נישט נייטיקן; און בכלל — אויסשטרעקן אַ ברידערלעכע האַנט צום יעניקן, וואָס איז ניט אימשטאַנד אליין זיך צו העלפן.

אונדזער „הילפס־פאַראיין" האָט באַוויזן מיט מעשים, אַז ער איז ראוי און פּאַסיק צו זיין דער געהעריקער פאַרמיטלער צווישן ברידער, צווישן די פאַרמעגלעכע און די באַדערפטיקע.

# אַקטיוויסטן

בײַ יעדער געזעלשאַפטלעכער טעטיטקייט — צי איז אַ וואוויל־טעטיקע, פּאַרטייאישע, כּלל־פּאָלקישע אָדער אַן אַנדערע פון דעם מין — זיינען פאַראַן פינף סאָרטן אַקטיוויסטן. דאָס הייסט, אַז פינף פאַרשידענע סיבות זיינען זיי, וואָס רופן אַרויס מענטשן צו טעטיקייט און טרייבט זיי אַריינצוװאַרפן זיך מיט לייב און לעבן אין דער פאַר זיי אָנגעצייכנטער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

אַקטיוויסט נומער איינס איז אַ פּערזענלעכער. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז די סיבות וואָס זיינען גורם צו זיין געזעלשאַפטלעכער אַק־טיוויקייט זיינען פּערזענלעכע: איינער זוכט דורך זיין געזעלשאַפט־לעכער אַרבעט צו דערגרייכן כּבוד, פּרעסטיזש, דערוואַרבן אַ גוטן נאָמען דורך זיין טעטיקייט זיך אַרויסצוהייבן, זיך וואַרפן אין די אויגן און נישט בלייבן מער אַן אומגעזעען שטויבעלע־יחיד, איינער פון די טויזנטער וואָס בילדן די געדיכטע מאַסע: אַן אַנדערער ווידער זוכט, אין זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, זיך אויסצולעבן אין זיין פרייער צייט, וועלכע ער האָט נישט וואו אַהין צו טאָן. וואַרפט ער זיך אַריין אין קהלישער טעטיקייט, כּדי צו געפינען פאַר זיך, פאַר זיין פערזאָן אַן אָפּרו פון זיין טאָג־טעגלעכער נודנער באַשעפ־טיקונג. בײַ איינעם איז די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט גאָר אַ מקום מקלט, צוליב אַ נישט־געהעריקן שלום בית איז ער געצוואונגען צו זוכן אַ פּאַסיק אָרט וואוהין צו אַנטלויפן פון זיין „נישט־אידילי־שער" היים, געפינט ער אַ פּאַסיקן אַנטלויף פּלאַץ אין געזעלשאַפט־לעכער אַרבעט.

אַקטיוויסט נומער צוויי איז דער גלויביקער: ביי אים איז די טעטיקייט זיינע אַ מין „עבודת הבורא". דאָס קומט ביי אים פון שטאַרקער אמונה; ער גלויבט באמת אין זיין אידעע, וועלכע ער שטרעבט צו פאַרווירקלעכן; ער גלויבט באמונה שלמה אַז זיין אידעע איז קודש הקדשים, וואָס נאָר זי מוז ווערן דער צענטראַלער אידעאַל פון דער וועלט אָדער פון זיין פאָלק; דעריבער אַפילו ווען די טעטי־קייט נייטיקט זיך גאָר נישט אין אים, קען ער אָבער ביי זיך נישט פועלן צו זיצן מיט פאַרלייגטע הענט, אַז אַנדערע זאָלן יאָ זיין טעטיק אין דער דאָזיקער אַרבעט און ער נישט. פונקט ווי אַ פרומער מענטש ווייסט גאַנץ גוט אַז דער רבונו של עולם נייטיקט זיך אַבסאָ־לוט נישט אין זיינע שירות ותשבחות, פונדעסטוועגן פילט ער פאַר זיך אַ חוב צו לויבן זיין גאָט דריי מאָל אַ טאָג, אין וועמען ער גלויבט און איז איבערגעגעבן בלב ונפש, וואָרן פון אים און נאָר פון אים איז דאָך אָפּהענגיק זיין גאַנץ לעבן אין יעדן קער און ווענד.

אַקטיוויסט נומער דריי איז דער פאַרהיפּנאָטיזירטער: אַזעלכער וואָס איז מיטגעריסן און פאַרכאַפּט געוואָרן, דורך אַ מאַסן פּסיכאָז: אַלע לויפן דאַרף מען אויך לויפן, אַלע שרייען דאַרף מען אויך שרייען, אַלע טומלען דאַרף מען אויך טומלען, אַלע באַוועגן זיך דאַרף מען זיך אויך באַוועגן. דער דאָזיקער גיט זיך גאַנץ אָפט אַפילו נישט אָפּ קיין קלאָרן חשבון צו וואָס ער טוט, פאַרוואָס ער טוט און צוליב וואָס ער טוט. עס איז בלויז ביי אים אַזאַ מין אינערציע טעטיקייט, מיטגע־ריסן דורך אַ מאַסן באַוועגונג, ווען אַלע שפּרינגען שפּרינגט מען מיט, געטריבן דורך אַן אומזעבאַרן ריזיקן כוח וואָס רייסט מיט.

אַקטיוויסט נומער פיר איז דער איבערפולטער מיט ענערגיע: איינער וואָס פאַרמאָגט אין זיך אַן איבערפלוס פון ענערגיע און האָט עס נישט וואו אַרויסצוברענגען, זוכט ער אַ פּלאַץ, וואו די ענערגיע זיינע אויסצולאָדן. אַזעלכן איז לגמרי נישט וויכטיק וואוהין זיין ענערגיע גייט. ער מוז זיין טעטיק, ער מוז זיין אַקטיוו אין עפּעס, אָן אונטערשייד וואו זיין טעטיקייט ווערט איינגענומען, אַבי ער האָט אַ געלעגנהייט זיך אויסצולאָדן, אַבי ער האָט אַן אָרט וואו זיין טעטיקייט ווערט דערוואַרט, וואו זיין אַרבעט ברענגט נוצן.

אַקטיוויסט נומער פינף איז — מיר וועלן אים רופן מאָמענט־אַקטיוויסט: אַזעלכע ביי וועמען דער הייסער מאָמענט רופט אַרויס אַקטיוויטעט, דער תלמוד וואָלט אים אָנגערופן אַקטיוויסט „שהזמן

גרמאַ״; די צייט, דער מאָמענט ברענגט אים צו דעם. אַט למשל לאָמיר זאָגן, אין אַ מאָמענט ווי איינער זעט אַז לעבן אים אין גאַס פאַלט אַ מענטש, דערוועקט זיך דאַמאָלסט ביים ביישטייענדיקן אַ כוח וואָס מאָנט ביי אים, אַז ער זאָל ווערן אַקטיוו און העלפן דעם פאַלנדיקן אויפשטיין; אָדער ביי אַ שריפה, וואו מ׳מוז שנעל אַרויסראַטעווען מענטשן און זאַכן פון פייער אָדער העלפן איינלעשן דאָס פייער, רופט דער מאָמענט אַרויס אַ כוח ביי די ביישטייענדיקע צו ווערן אַקטיוו און העלפן ראַטעווען. צי גאָר ווען מ׳זעט ווי איינער בויגט זיך אין דרייען אונטער אַ שווערער משא וואָס ער שלעפט אויף זיך, איבער זיינע כוחות, און ער קען צו יעדער מינוט פאַלן אונטער דער שווערקייט פון דער משא, דאַמאָלסט קומט אַ שטילע און נאַטירלעכע אויפפאָדערונג צו דעם וואָס זעט עס, אַז ער זאָל צולייגן אַ האַנט אָדער אַ פּלייצע און נישט לאָזן יענעם פאַלן אונטערן שווערן לאַסט וועלכן ער איז נישט בכוח אַליין צו דערטראָגן. צי נאָך אין אַזעלכע ענלעכע פאַלן, וואָס דער מאָמענט מאַכט דעם מענטש געזעלשאַפטלעך אַקטיוו, אפילו אַזעלכן וואָס איין מאָמענט פריער וואָלט ער גאָרנישט געווען געטראַכט וועגן זיינע מיטמענטש־לעכע אָדער געזעלשאַפטלעכע פליכטן און אַקטיוויטעטן.

איך וויל דאָ אַבסאָלוט נישט מינימיזירן קיין איינעם פון די פינף סאָרטן אַקטיוויסטן וואָס כ׳האָב אויסגערעכנט, וואָרן אין גרונט גענומען זיינען דאָך סוף כל סוף נישט וויכטיק די סיבות, וויכטיק איז דאָך אין דער אמתן דער פאַקט, וואָס דער מענטש איז געזעל־שאַפטלעך אַקטיוו און ער ברענגט נוצן דעם כלל מיט זיינע אַק־טיוויטעטן.

⁂

מיר באַגעגענען לעצטנס, ביי דער איבערנאַטירלעכער אָנגע־שטרענגטער אַרבעט פון עם ישראל איבער דער גאָרער וועלט אין דער באַנייאונג פון מדינת ישראל, אַט די אַלע פינף מינים אויסגע־רעכנטע אַקטיוויסטן.

וואָלטן מיר דאַכט זיך, על פי שכל הישר, אָדער ווי חיים וואָלט־נעם זאָגט — על פי שכל היושר, באַדאַרפט אויפנעמען אַט די אַלע אַקטיוויסטן מיט אָפענע אָרעמס, אַבי נאָר זיי זיינען וויליק צו אונדזער גרויסן בנין וועלכן מיר שטרעבן אַוועקצושטעלן ווי אַ בנין של קימא לעדי עד.

קומט אָבער אַ קאַפּיטל פון אונדזער געשיכטע און רוקט אריין אַ פלאָקן אין די רעדער. דאָס דאָזיקע קאַפּיטל געשיכטע שרייט בקול רם: האַלט! נאָר נישט פאַרכליניען זיך! וואָרן נישט יעדע מיטהילף איז כשר!

דאָס קאַפּיטל געשיכטע דערציילט אונדז אַזוי:

אין יאָר 528 פאַר דער היינטיקער צייט רעכענונג האָט כורש, דער פּערסישער קעניג, אונטער וועמענס הערשאַפט בבל איז דאַמאָלסט געווען אונטערגעוואָרפן, דערלויבט די פאַרטריבענע יידן פון יהודה, וואָס האָבן זיך געפונען אין בבל, זיך אומצוקערן צוריק אין זייער היימלאַנד יהודה און ווידער אויפצובויען דעם בית המקדש.

אַ גרויסע צאָל יידן האָבן גלייך עולה געווען קיין ארץ-ישראל. די פאַרבליבענע אין בבל, וועלכע האָבן בעיקר געהערט צו די פאַרמעגלעכע שיכטן... האָבן מיט גרויסע געלט-מיטלען געשטיצט די צוריקוואַנדערער. אויך די פּערסישע רעגירונג האָט געגעבן אַלערליי הנחות, כדי צו פאַרגרינגערן די לאַגע פון די עולים.

די צוריקגעקומענע יידן האָבן אין יהודה אָנגעהויבן ווידער צו באַנייען דאָס יידישע אייגנאַרטיקע לעבן און ביסלעכווייז זיך באַפרייען פון די פרעמדע השפעות, וואָס האָבן שוין, ווי געפּערלעכע מיקראָבן זיך געהאַט איינגעפרעסן אין יידישן קערפּער, אין לויף פון די גלות-יאָרן, און די יידן האָבן זיך גענומען צו באַפעסטיקן ירושלים און ווידער אויפצובויען דעם בית המקדש.

די איינוווינער פון דער פּראָווינץ שומרון (שומרונים), וועלכע האָבן זיך געהאַלטן פאַר יידן, זיינען דאַמאָלסט געקומען מיט אַ פאָרשלאַג צו די צוריקגעקומענע יידן, אַז זיי ווילן בויען דעם בית המקדש צוזאַמען מיט אַלע יידן. אָבער די יידישע פאָרשטייער און די יידישע עלטסטע האָבן זיי אָפּגעזאָגט זייער מיטהילף.

— פאַרוואָס אייגנטלעך האָבן טאַקע די יידישע פאָרשטייער אָפּגעזאָגט די שומרונים זייער מיטהילף?

— ווייל עס איז געזאָגט געוואָרן אויף די שומרונים, אַז זיי האָבן זיך טאַקע געהאַלטן ביים יידישן גאָט, אָבער זיי האָבן גלייכצייטיק אויך געדינט צו פרעמדע געטער.

**איז דאָס אַ פאַרזאָג און אַ וואָרנונג לדורות:**

די יידישע אמונה, די יידישע פאָלקסטימלעכקייט, דער יידישער נאַציאָנאַליזם, דער יידישער אייגנאַרטיקער כאַראַקטער און דאָס יידישע פאָלק בכלל דולדן נישט קיין דואַליזם. עס קען נישט פאַר־טראָגן ווערן אין יידישע רייען קיין גלויבן אין צוויי געטער.

די יידישע אמונה איז אין איר גרונט אַ שטאַרק אייפערזיכטיקע, זי האָט פיינט אַז די באַהעפטע אין איר זאָלן אָפּגעבן אפילו איין טראָפּן ליבע צו אַ צווייטער געליבטער. זי פאָדערט געטרייקייט, פולשטענדיקע איבערגעגעבנקייט נאָר צו איר אַליין.

און אַז די יידן, די עולי בבל, זיינען געדעכנט געווען מיט זייער קאַטעגאָרישן אָפּזאָג צו די שומרונים און אַז זייער אומצוטרוי צו די שומרונים איז געווען אַ באַרעכטיקער באַווייזט דער סוף:

די שומרונים האָבן לסוף געשטעלט זייערע אייגענע אַמביציעס העכער פון די אינטערעסן פון פאָלק ישראל (און אפשר האָבן זיי באַלד לכתחילה געהאַט גאָר אַנדערע זייטיקע כוונות), זיי האָבן פאַרמסרט די עולי בבל פאַר דער פּערסישער רעגירונג און אויף זיי אויסגעטראַכט אַלערליי בילבולים. דורך זייערע מסירות און דורך זייערע אָפענע שטערונגען איז אויף אַ לאַנגער צייט אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער אויפבוי פון לאַנד און פונעם בית המקדש.

איז כדאי זיך צו פאַרטראַכטן:

— אפשר קענען מיר היינט פון יענעם קאַפּיטל געשיכטע עפּעס לערנען ?

# אָן גלויבן

אין אַן אַמעריקאַנער יידישער צייטונג קומט אַרויס ד״ר מאַרגאַ-שעס מיט אַן אַרטיקל, וואָס הייסט „אָן וועגווייזער״. קודם ווייזט ער דאָרטן אויף, מיט ציפערן און פאַקטן, אַז די אַמעריקאַנער-יידי-שע שטודירנדיקע יוגנט ווייזט נישט אַרויס קיין שום אינטערעס אין דער יידישער קולטור און שפּראַך, און ד״ר מאַרגאַשעס דער-קלערט„ אַז די סיבה פון דעם איז נישט, ווי אַנדערע מיינען, ווייל די אַמעריקאַנער יידישע יוגנט איז צו שטאַרק מאַטעריאַליזירט און האָט בכלל נישט קיין אינטערעס אין זאַכן וואָס קענען נישט ברענ-גען גוטן מאַטעריעלן נוצן.

עס איז אַבסאָלוט נישט ריכטיק, זאָגט ד״ר מאַרגאַשעס, וואָרן אַ פאַקט איז, אַז גאָר אַ גרויסע איבערוועגנדיקע מערהייט פון דער אַמעריקאַנער יידישער יוגנט קלייבט פאַר זיך אויס וויסנשאַפטלעכע קאַריערעס, וואָס כאָטש זיי באַצאָלן זיך ווינציק זענען זיי אָבער פון גרויסן קולטורעלן באַדייט. קען מען דעריבער שוין נישט צושרייבן צו דער יידישער יוגנט, כלומרשט גייסטיקע אָפּגעטעמטקייט, אָדער צופיל פאַרטוענקייט אין עולם הזה.

דער ריינער אמת איז, דערקלערט ד״ר מאַרגאַשעס, אַז די קול-טור-ווערטן פון דער יידישער מינדערהייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן אַ קנאַפּע צוציאונגס קראַפט פאַר דער אַמעריקאַנער יידישער יוגנט. און מאַרגאַשעס שרייבט:

„ס'האָט קיין זין נישט צו שימפן און רעדן האַרבע רייד קעגן די עלטערן און קינדער, למאי אונדזער יונגער יידישער דור ווייזט אַרויס ווינציק אינטערעס פאַרן יידישן לעבן בכלל און יידישער קולטור-

ווערטן בפרט. מיט מאַזאָכיזם און סאַדיזם הײלט מען נישט די ייִדישע נשמה; פאַרשטײן איז בעסער ווי פאַרשטײנען. לאָמיר בעסער פּרובירן פאַרשטײן די סיבות און זוכן די וועגן און מיטלען וואָס קענען פירן צו אַ קוראַציע״.

„די פראַגע איז: ווי אַזוי אַנטוויקלט מען די ייִדישע קולטור־פּאָטענצן אין אונדזער יוגנט אין אַמעריקע?

„סאיז קלאָר, אַז מיר קענען נישט אָנבאָטן וועלכע עס איז הויכע מאַטעריעלע באַלוינונגען. די מינדערהײט קען קײנמאָל נישט קאָנקורירן מיט דער מערהײט, ווען ס׳קומט צו פינאַנציעלע ענינים, וואָס מיר קענען יאָ אָנבאָטן איז געזעלשאַפטלעכע אָנערקענונג. אין דעם פּרט קען די מינדערהײט אַמאָל קאָנקורירן מיט דער מערהײט, און מ׳דאַרף נישט אונטערשאַצן די מאַכט פון געזעלשאַפטלעכער אָנערקענונג. זי איז אַ סך שטאַרקער פון מאַטעריעלער באַלוינונג. מען זעט, אַז אַ מענטש וועט ריזיקירן מיט זײן לעבן צוליב העלדישקײט און געזעלשאַפטלעכער אָנערקענונג, און ער וועט דאָס ניט טאָן צוליב געלט־באַלוינונג״.

„די ייִדישע מינדערהײט־גרופּע, ווען זי האָט שׂכל, קען גאַנץ גוט אויסנוצן דעם באַגער נאָך געזעלשאַפטלעכער אָנערקענונג, כּדי צוציִען צו זיך די בעסטע און שעפערישסטע קינדער אירע. זי קען געבן אָנערקענונג אי פריער אי אין אַ גרעסערער מאָס אײדער די מערהײט גרופּע, וואָס וואַרט געוויינלעך, אַז מען זאָל קומען צו איר, און וואָס לאָזט זיך על פּי רוב זײער שטאַרק בעטן אײדער זי באַשענקט עמיצן מיט איר לאָרבער־קראַנץ״.

און ד״ר מאַרגאָשעס ברענגט, אַלס בײשפּיל, די אַמאָליקע צײטן, ווען אין שפּיץ פון געזעלשאַפטלעכן פּיראַמיד איז געשטאַנען דער רבֿ, דער לומדן און תּורה־קענער. דעמאָלסט האָט דער שעפערישסטער טײל פון דער ייִדישער אינטעליגענץ און טאַלאַנט אָוועקגעגעבן זײן גאַנצע גײסטיקע ענערגיע און שאַפונגס כּוח אויף דער רבנישער ליטעראַטור, ווײל די העכסטע געזעלשאַפטלעכע אָנערקענונג איז דערגרײכט געוואָרן דורך דעם אופן פון תּורה־קענטשאַפט.

דאָס מײנט צו זאָגן, אַז דער אײגנטימלעכער כאַראַקטער און צונויפשטעלונג פון דער עליטע, וואָס שטײט אין שפּיץ פון אונדזער געזעלשאַפט, גיט דעם טאָן און רעגט אָן דער יוגנט אונדזערער צו

וועלן זיך פאַרגלייכן צום שפּיץ, און פאַר דעם איז די יוגנט גרייט, כדי צו קריגן די אָנערקענונג וואָס די געזעלשאַפט שאַצט אָפּ צו ווידמענען אירע גייסטיקע כוחות. אָבער אַזוי ווי אין דער עליטע פון דער היינטיקער יידישער געזעלשאַפט, פירט אויס ד״ר מאַרגאָ־שעס, שטייען מענטשן אָן וועלכן ס׳איז יידישן ווי סן (עם הארצים בלע״ז), מענטשן, וואָס פאַרמאָגן זייער ווייניק הארץ און נאָך וויני־ציקער מוח, מענטשן געשעפטסלייט, וואָס האָבן אָנגעזאַמלט גרויסע מאַטעריעלע פאַרמעגנס, וואָס צוליב דעם האָבן זיי זיך אַרויפגע־כאַפּט אויפן בענקל, געוואָרן תקיפים וואָס האַלטן די מאַכט מיט אייזערנע צוואַנגען און לאָזן זי נישט אַרויס פון די הענט און זיי ריכטן אונדזער קהליש לעבן, איז וואָס פאַרא פּנים עס האָט די עליטע אונדזערע אַזאַ פּנים, מער אָדער ווייניקער, קען מען דערוואַרטן וועט האָבן דער קומענדיקער דור.

לכן איז די עצה פון ד״ר מאַרגאָשעס, אַז מען קען נאָך ראַטעווען דעם יידישן אויסזען פון אונדזער יוגנט ווען מ׳וועט אַראָפּזעצן פון טראָן דעם גאָלדענעם קאַלב און אים פאַרבייטן מיט מענטשן פון הויכן יידישן ווי סן, מענטשן פון הויכן יידישן גייסט, דאַמאָלסט ווען די יוגנט אונדזערע וועט זען ווער עס איז אונדזער עליטע, וואָס שטייט אין אונדזער שפּיץ, וועט דאָס — נאָך זיין מיינונג נאָך — וועקן און מונטערן דער יידישער יוגנט, בכדי צו דערגרייכן צו געזעלשאַפט־לעכער אָנערקענונג, צו ווידמענען זיך צו יידישער וויסנשאַפט און צו יידישער גייסטיקער אייגנאַרטיקייט. דאַמאָלסט וועלן די דאָזיקע גייסטיקע כוחות, אויב זיי וועלן שטיין אין שפּיץ פון אונדזער גע־זעלשאַפט, זיין די וועג־ווייזערס פאַר אונדזער יוגנט, טאָמער אָבער ניט, ווי לאַנג דאָס וועט נישט געשען, בלייבט אונדזער יוגנט אָן וועג־ווייזער, און ס׳איז שלעכט.

עד כאן ד״ר ש. מאַרגאָשעס.

**איצט מיין מיינונג**

מ׳קען נאָך אפשר מסכים זיין (און דאָס אויך נישט אינגאַנצן) מיטן לעצטן אויספיר פון ד״ר ש. מאַרגאָשעס, אַז עס איז שלעכט. מ׳קען אָבער אויף קיין פאַל נישט מסכים זיין מיט די סיבות, וואָס ד״ר מאַרגאָשעס גיט אָן, אַלס די וואָס זענען גורם צו דער שלעכט־

קיים פון דער יידישקייט מערכה, וואָרן זיינע סיבות, וואָס ער גיט אָן, ווייל אין שפּיץ פון דער אַמעריקאַנער יידישער געזעלשאַפט שטייען נישט קיין פּערזאָנען פון דער געהעריקער יידיש־גייסטיקער הויך, דאָס אַליין דאַרף האָבן אַ סיבה. פאַרוואָס אייגנטלעך איז טאַקע געקומען צו דעם, אַז מענטשן האָבן, בלויז דורך זייערע הויכע מאַטעריעלע פאַרמעגנס, אָן אַנדערע גייסטיקע אייגנשאַפטן, זיך אַרויפגעדראַפּעט צום שפּיץ פון אונדזער יידישער געזעלשאַפט, אַז זיי זאָלן ווערן די עליטע פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן? און אַפילו ווען דאָס איז שוין יאָ געשען. פאַר וואָס זאָל זייער השפּעה דערגרייכן אויך אויף אונדזער אייגנאַרטיקן גייסטיק־יידישן לעבן?

וועלן מיר דעריבער אָננעמען, אַז די אמתע סיבה איז גאָר אַן אַנדערע:

ווייל יידישקייט איז אַן אידעאַל אין וועלכן מען מוז האָבן שטאַרקן גלויבן, און גלויבן הייסט נישט בלויז מיטן מויל, צו זאָגן מן השפה ולחוץ, אַז מען גלויבט, נייערט — טאַקע גלויבן באמונה שלימה. בכל לבבך ובכל נפשך, צו זיין גרייט פאַרן דאָזיקן גלויבן זיך מוסר נפש צו זיין. אַזאַ גלויבן דערקענט מען דורך צוויי וויכטיקסטע סימנים: ערשטנס — ווען דער גלויביקער איז אַליין מקיים די אַלע מצוות וואָס דער גלויבן פאָדערט. פאַר אַזאַ גלויביקן עקזיסטירט נישט קיין שום שטערונג. וואָס זאָל קענען אים אָפּהאַלטן פון מקיים זיין און אָפּהיטן דאָס וואָס דער גלויבן פאָדערט...

און אַ צווייטער סימן איז ווען דער גלויביקער איז בכוח אָנצושטעקן אַנדערע מיט זיין גלויבן. די פלאַמיקייט פון זיין אמונה איז פעאיק אָנצוצינדן די הערצער פון אַנדערע און זיי צוציען צו זיך.

לאָמיר זען. ווי האָט באמת אויסגעזען דער אַמאָל אויף וועלכן ד"ר מאַרגאָשעס פאַררופט זיך. אויך דאַמאָלסט זענען די בעלי טאַקסע, די געלט־זעק, געווען די תקיפים און געפירט דאָס רעדל ביי יידן, נישט די בני תורה. די לומדים און רבנים, נאָר וואָס דען, דער טיפער און פעסטער גלויבן פון די לומדים, פון די גייסט־מענטשן, איז געווען אַזוי שטאַרק, אַזוי פלאַמיק (און דאָס האָבן זיי באַוויזן דורך אייגענער פאַרקערפּערונג), אַז די אמתע השפּעה אויפן יידישן עולם האָבן זיי אויסגעאיבט, נישט די תקיפים, די געלט־זעק... און אָפּשיטאַ שוין — אויף דעם יונגן דור. די דאַמאָלסדיקע יוגנט

האָט נאָר געשטערעבט און געגאַרט צו דערגרייכן צו דער מדרגה פון די גדולי התורה און נישט צו דער מדרגה פון די תקיפים, די עמי הארצים.

שוין אין אונדזער צייט האָבן מיר געזען, ווי שטאַרק עס איז דער כוח פון אמתן און טיפן גלויבן. עס איז אויפגעשטאַנען אַ פלאַמיקער גלויבן אין דער אויפלעבונג פון אונדזער אַלט-נײַ היימ-לאַנד. האָבן יידישע יונגעלייט זיך אַוועקגעלאָזט אינעם דאַמאָלסט-דיקן מדבר-לאַנד און מיט מסירת נפש און קרבנות האָבן זיי זיך גענומען צו דער פּשוטער און שווערער פיזישער אַרבעט אויפצולעבן דאָס לאַנד, און — נישט געקוקט אויף אַלע שטערונגען און אָפּלאַכער — האָבן די גלויביקע סוף כל סוף צוגעפירט צום הײַנטיקן יידישן שטאַט, צו מדינת ישראל.

עס זענען אויך געווען אַנדערע גלויביקער „פאַנאַטיקער", וועלכע האָבן געגלויבט באמונה שלימה, אַז העברעאיש וועט ווידער ווערן די לעבעדיקע שפּראַך פון יידישן פאָלק. זענען זיי די „פאַנאַטיקער" געגאַנגען אויף מסירת נפש און קרבנות-גרייטקייט כדי זייער גלויבנס ציל צו דערגרייכן. זיי האָבן מיטאַמאָל אויסגעשניטן די צונג פון דער אַלטער געוווינהייט און האָבן זיך מקריב געווען פאַר דער אויפ-לעבונג פון העברעאיש. מיט זיך אַליין האָבן זיי געמוסטערט פאַר אַנדערע אַזוי לאַנג ביז זיי האָבן מיט זייער פלאַמיקן גלויבן אָנגע-שטעקט אַנדערע צענער טויזנטער, ביז סוף כל סוף איז העברעאיש געוואָרן די נאַטירלעכע און לעבעדיקע שפּראַך פון גאַנצן יונגן דור אין אונדזער באַנייטן היימלאַנד.



וואָלטן אויך אונדזערע יידיש-גייסטיקע גדולים, אין די אַמערי-קאַנער לענדער, טאַקע געגלויבט באמונה שלימה אין דעם וואָס זיי פּרעדיקן, וואָלטן אונדזערע יידישע שרייבער מכל המינים און די יידישע קולטור-טוער פון אַלע ריכטונגען פאַרמאָגט אין זיך טאַקע אָט דעם טיפן און פלאַמיקן גלויבן אין דעם המשך פון יידישער שפּראַך און יידישער קולטור, אַלס די געזונטסטע באַזע פאַרן יידישן קיום, פּונקט ווי עס האָבן געהאַט די אַמאָליקע גדולי התורה און די הײַנטיקע לאַנד-חלוצים און העברעאיש-חלוצים, וואָלט דאַמאָלסט

דאָס יידיש גייסטיקע פּנים פון אונדזער יוגנט אין די אַמעריקעס געהאַט גאָר אַן אַדער אויסזען.

דאַמאָלסט וואָלט דאָך די השפּעה פון אונדזערע יידיש-גייסטיקע גדולים זיכער געווען דערגרייכט דעם געוואונטשענעם ציל, און עס וואָלט גאָרנישט געקענט קומען צו דעם, אַז די עם הארצישע „עליטע" זאָל הערשן איבערן יידישן לעבן.

אָבער כדי דאָס זאָל אַזוי זיין, האָבן דאָך אונדזערע גדולים קודם באַדאַרפט, מיט זיך אַליין און דורך זיך, מוסטערן די אויפריכטיקייט פון זייער פּרעדיקן פאַר אַנדערע. ווי איז עס אָבער אין דער אמתן? — ביי גאָר גאָר געציילטע און איינציקע יידישע שרייבער, קולטור-טוער און קולטור-פּרעדיקער, אין די אַמעריקעס איז די יידישע שפּראַך די שפּראַך פון זייער הויז און פון זייערע קינדער און ביי נאָך וויניקע פון זיי פאַרנעמט די יידישע ליטעראַטור און די יידישע קולטור די געהעריקע חשיבות אין זייערע היימען. פון מסירת נפש און קרבנות-גרייטקייט צוליב דעם — איז דאָך שוין אָפּגערעדט.

היינט ווי זשע קען מען מיט אַזאַ גלייכגילטיקער באַציאונג, אַן אַ טראָפּן אויפריכטיקער אמונה, אין דעם וואָס מען פּרעדיקט מיט שיינע ווערטער, בלויז, קומען און משפּיע זיין אויף אַנדערע, ווען אַליין איז מען גאָר גאָר מקטני אמונה און מען איז נישט פעאיק אַליין מקיים צו זיין אַפילו אַ מינימום מצוות פונעם גלויבן, וואָס איז אין דער אמתן גאָר קיין גלויבן נישט?!

איז דעריבער דאַרף מען נישט אויפזוכן פאַלשע סיבות פאַר אונדזער שלעכטער יידיש-מערכה, אַז אונדזער נישט קולטורעלע „עליטע" איז שולדיק. ניין, נישט „אַן וועגווייזער" איז געבליבן אונזער יוגנט, נאָר אַן גלויבן זענען געבליבן אונדזערע גייסטיקע פירער, שרייבער און קולטור-טוער.

איז דאָך קלאָר: אויב אונדזערע גדולי הדור האָבן קיין גלויבן נישט, פון וואַנען זשע זאָל עס אונדזער יוגנט נעמען?! און אָן גלויבן קען מען אַפילו נישט האָפן אַז מען זאָל צו עפּעס דערגרייכן!

# קאַראַימער און יידן

אַן אַלטע געשיכטע, כמעט שוין אַ פאַרגעסענע.

אין דער צווייטער העלפט פון אַכטן יאָרהונדערט איז אַנטשטאַ־נען, ביי די יידן אין בבל, אַ פּאַרטיי אונטערן נאָמען קראָים, אָדער קאַראַימער, מיט ענן בן דוד אין שפּיץ. האָבן באַקעמפט דעם תלמוד. זיי האָבן זיך געהאַלטן שטרענג ביים בוכשטאַב פון תורת משה און זיי האָבן זיך אָפּגעזונדערט פון פאָלק און פון זיינע מנהגים. זיי האָבן נישט אָנערקענט די אויסטייטשונגען פון דער תורה וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן דורך די תנאים, אמוראים, גאונים. זיי האָבן נישט געוואָלט זיך רעכענען מיטן זינען פון דער תורה, נאָר זיי האָבן בלויז אָנערקענט דאָס וואָרט בוכשטעבלעך און אַזוי האָבן זיי געפירט זייער לעבן. זיי זיינען געזעסן אַ גאַנצן שבת אין דער פינצטער, ווייל אַזוי שטייט אין דער תורה „לא תבערו אש בכל מושבותיכם ביום השבת" (איר זאָלט נישט אָנצינדן קיין פייער אין אַלע אייערע זיץ־פּלעצער אין שבתדיקן טאָג). מיינט דאָס אַז מ'טאָר אַפילו פון פּרייטיק נישט אָנצינדן קיין ליכט. און נאָך אַזוי ווייטער געלעבט און געפירט זיך שטרענג אין אַלץ וואָס שטימט בלויז מיטן בוכשטאַב פון דער תורה. זיי, די קראָים, האָט נישט אינטערעסירט דאָס לעבעדיקע יידישע לעבן וואָס דאַרף רעגולירט ווערן, אין אַלע זיינע פאַזן, צוגעגלעך און אויסגעהאַלטן — באַזירט אויפן סמך פון דער תורה, אַז די תורה מוז אַריינגעטייטשט ווערן אין לעבן אַריין, כדי צו מאַכן דאָס לעבן פון יידישן מענטש פאַר אַ יידיש לעבן. ניין, זיי איז דאָס נישט אָנגעגאַנגען. זיי איז נאָר געגאַנגען אין דעם, אָפּצוהיטן בוכשטעבלעך דאָס וואָרט פון דער תורה. זיי האָבן געשטעלט דאָס וואָרט העכער פון מענטש,

העכער פון לעבן, העכער פון אַלע יידישע נויטווענדיקייטן, אבי דאָס וואָרט זאָל חלילה נישט געענדערט ווערן. דער סוף איז געווען אַז זיי, די קראָים, האָבן נישט געקענט צופּאַסן די אַלטע ביבלישע געזעצן צום לעבעדיקן לעבן פון יידישן מענטש און נאָך ווינציקער — צום לעבן פון גאַנצן פאָלק. אָפּטיילנדיק זיך פון פאָלק און פאָלקס לעבן האָבן זיי געבילדעט אַ פאַרשלאָסענע סעקטע און אַזוי בּיסלעכווייז האָבן זיי אָנגעהויבן איינדאַרן און איינשרימפּן. און דער סוף זייערער איז דאָך אַלעמען גוט באַקאַנט.

אונדזערע יידן, אָבער, האָבן נישט מורא געהאַט פאַרן בוכשטאַב, פאַרן וואָרט. מען האָט די תורה געהאַלטן אין איין טייטשן און טייטשן, אַרייַנטייטשן, אַזוי אַז זי זאָל זיין צוגעפּאַסט צום רעאַלן לעבן און צו די באַדערפעניש פון לעבן, כדי זי זאָל זיין באמת אַ תורת חיים. דור נאָך דור האָט געהאַלטן אין איין טייטשן, אַנטוויקלען און לעבעדיק מאַכן די תורה, ביז דאָס יידישע לעבן איז געוואָרן, אַ דאַנק דער תורה, אייזן־פעסט און דאָס יידישע פאָלק — שטאָליק אומבויגזאַם, אַזוי אַז עס איז אימשטאַנד געוואָרן בייצוקומען די שטורמדיקסטע ווינטן, די שווערסטע צרות, די ביטערסטע ליידן, די ערגסטע שונאים און פון אַלעמען אַרויס גאַנץ, אַלץ אַ דאַנק דעם וואָס אונדזערע גדולי התורה האָבן געשטעלט דאָס יידישע לעבן און קיום פון פאָלק העכער פון טויטן בוכשטאַב פון דער תורה.

נאָר אין עטלעכע פסוקים האָבן מיר זיך געהאַלטן פעסט ביים וואָרט פון דער תורה, ווי למשל אין פסוק „ושמרתם את חוקתי ואת משפטי אשר יעשה אותם האדם וחי בהם” (איר זאָלט אָפּהיטן מיינע געזעצן און מיינע באַפעלן, וואָס דער מענטש זאָל זיי טאָן און לעבן מיט זיי) (ויקרא י”ח); דעם פסוק „למען תחיון וטוב לכם” (כדי איר זאָלט קענען לעבן און עס זאָל אייך גוט זיין) (דברים ה’); דעם פסוק „החיים והמות נתתי לפניך — ובחרת בחיים” (לעבן און טויט האָב איך דיר פאָרגעלייגט, זאָלסטו אויסוויילן דאָס לעבן) (דברים ל’). יידיש לעבן, יידישער אויפהאַלט — דאָס איז דער עיקר. און אַלץ אין דער תורה איז אויסגעטייטשט געוואָרן אינעם דאָזיקן זינען. נישטאָ קיין הייליקייט פון געשריבענעם וואָרט, ווען עס האָט נישט קיין אחיזה אין לעבן.

קומען איצט מענטשן, היינט — נישט אין אַכטן יאָרהונדערט, נאָר אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט — און ווילן דווקא נאָכמאַכן

יענע קאַראַימער, צו פאַרהייליקן דאָס טויטע אָנגעשריבענע וואָרט. נישט צו רעכענען זיך מיטן לעבעדיקן יידישן לעבן, מיט די לעבע־דיקע רעאַליטעטן, מיט די לעבעדיקע יידישע נויטבאַדערפטיקייטן, נאָר מיטן אָנגעשריבענעם וואָרט.

און ווער זיינען די מענטשן. גראַד די וואָס האָבן אויפגעשריבן אויף דער פאָן פון זייער — אונדזער באַוועגונג „דערוואַכונג פון יידישן פאָלק". דאָס זיינען אייגענע חברים, מענטשן פון דער ציו־ניסטישער באַוועגונג. זיי ווילן דאָס, באַנייען דעם אַלטן קאַראַימען־קולט. נישט יידישע דערוואַכונג, נישט שיבת ציון, נישט בנין הארץ, נישט קיום העם. ניין — נישט דאָס איז דער עיקר. נאָר דאָס טויטע וואָרט וואָס איז איינמאָל אָנגעשריבן געוואָרן און עס מוז בלייבן הייליק לדורות.

עס איז איינמאָל אָנגעשריבן געוואָרן אין דער ציוניסטישער תורה, אַז נאָר צוויי פאָנדן זיינען פאַראַן אין ציוניזם: קרן קימת און קרן היסוד. איז יקוב הדין את ההר. זאָל ארץ ישראל חלילה אונ־טערגיין אַבי דאָס וואָרט זאָל בלייבן גאַנץ.

דער עיקר איז דאָך בויען דאָס לאַנד פון אונדזער צוקונפט און ביים בויען איז דאָך אַמוויכטיקסטן דער לעבעדיקער עלעמענט וואָס בויט, די מענטשן וואָס האָבן אויפגעשריבן אויף זייער פאָן — נישט מיט טינט און נישט מיט פוסטע ווערטער, נאָר מיט בלוט פון האַרצן — „לא נזוז מכאן" (מיר ווילן פון דאַנען נישט אַוועק) אַפילו ווען מ'וועט דאַרפן באַצאָלן מיטן לעבן. אָט די וואָס זיינען די ווירקלעכע רעאַליזירער פון בנין הארץ, אָט די וואָס שטייען, פונקט ווי אין נחמיהס צייטן, „באחת ידו עושה במלאכה ואחת מחזקת בשלח" (מיט איין האַנט ביי דער אַרבעט און די צווייטע מיט געווער).. פאַר ווער מען טוען זיי דאָס, נישט פאַר זיך פריוואַט נאָר מיט אַ באַוווסטזיניקן ציל אויפן צובויען, צו שיצן און באַפעסטיקן אונדזער צוקונפט — אונדזער היימלאַנד כדי אויפצוהאַלטן אונדזער לעבן ווי אַ געזונט, נאָרמאַל, געזיכערט יידיש פאָלק.

נו, צי איז דען דער פאָנד פאַר די דאָזיקע בויער אונדזערע, נישט קיין נאַציאָנאַלער פאָנד, וואָס מוז געהייליקט ווערן דורכן גאַנצן יידישן פאָלק בכל תפוצותיו, אַפילו ווען דער דאָזיקער פאָנד איז נישט אויפגעשריבן בפירוש אין דער תורה?

אָבער גיי רעד מיט מענטשן, ביי וועמען דאָס אָנגעשריבענע טויטע וואָרט, פּונקט ווי ביי די קאַראַימער אין זייער צייט, איז טייערער און הייליקער פון אַלע הייליקסטע און לעבנס רעאַלע אידעאַלן. און בפרט נאָך, ווען דאָס אָנגעשריבענע וואָרט איז דערצו נאָך איינגעהילט אין הויך־פּאָליטיק רחמנא ליצלן... און דאָרט וואו פּאָליטיק, דאָרט איז אוים לאָגיק, אוים פאַרשטאַנד, אוים מיט אַלעמען.

סטייטש, איר זעט דאָך...

# כבוד — דורך קרומע וועגן

דער פארלאנג צו ווערן געשעצט פון די ארומיקע און אפילו נאך ווייטער, איז א נאטירלעכע מענטשלעכע אייגנשאפט.

צו קריגן כבוד איז פארן מענטש א נויטווענדיקייט. פונקט ווי די נויטווענדיקייט פון מענטש אויפצוהאלטן די עקזיסטענץ פון זיין קערפער און זיין גייסט.

אין דער אמעריקאנער קאנסטיטוציע זאגט זיך, אז מ'דארף אויפהייבן די חשיבות פון מענטש אזוי, אז ער זאל זיין פעאיק צו קעמפן פאר זיין כבוד.

מען דארף גארנישט זוכן קיין באווייזן ביי זיי. אויך ביי אונדז, אין אונדזער תנ"ך און ביי אונדזערע חז"ל געפינט מען הונדערטער אויסדרוקן, וואו עס ווערט באוויזן די גרויסקייט און די וויכטיקייט פון כבוד. אט זאגט גאט אליין: „כי מכבדי אכבד" — די וואס וועלן מיר אפגעבן כבוד וועל איך אפגעבן כבוד. (שמואל א' — ב). שאול המלך האט זיך געבעטן ביי שמואל הנביא: „כבדני נא נגד זקני עמי ונגד ישראל" — כאטש איך האב געזינדיקט, פונדעסטוועגן גיב מיר אפ כבוד אין דער קעגנווארט פון די עלטסטע פון מיין פאלק און אין דער קעגנווארט פון אלע יידן. (שמואל א' — ט"ו). אין משלי ג' זאגט זיך: „כבוד חכמים ינחלו" — קלוגע דערווערבן זיך כבוד.

אין מסכתא ברכות דף י"ט ע"ב ווערט געזאגט: „גדול כבוד הבריות שדוחה לא תעשה שבתורה" ד. ה. דער כבוד פון מענטש איז אזוי גרויס, שטארקער ווי א פארבאט פון דער תורה. רבי אליעזר בן שמוע האט געזאגט, אז דער כבוד פון דיין תלמיד זאל

זיין ביי דיר אַזוי חשוב ווי דיין אייגענער כבוד און דער כבוד פון דיין חבר — אַזוי חשוב ווי דער כבוד פון גאָט. (אבות דר נתן פרק כ״ז). נאָך אַזעלכע זייער און זייער אַ סך פּסוקים אין תנ״ך און מאמרי חז״ל זענען פאַראַן, וואו עס ווערט באַטאָנט די וויכטיקייט און דער גרויסער באַדייט פון כבוד.

כאָטש עס גייט אַרום אַ פאָלקס וואָרט אַז „הרודף אחר הכבוד, הכבוד בורח ממנו״ וואָס דאָס מיינט אַז ווער עס יאָגט זיך נאָך כבוד אַנטלויפט פון אים דער כבוד. איז ערשטנס איז אַזאַ מאמר אין ערגעץ נישט פאַראַן, און לאָמיר אַפילו זאָגן, אַז אַ פאָלקס וואָרט איז אַזוי וויכטיק ווי אַ מאמר חז״ל, ווערט דאָס געמיינט אויף דעם וואָס יאָגט זיך נאָך אומפאַרדינטן כבוד, ווייל אין דער ווירקלעכקייט — כבוד דאַרף מען זיך פאַרדינען.

זענען פאַראַן פאַרשידענע וועגן דורך וועלכע עס קומט דער פאַרדינטער כבוד.

איינער דערגרייכט דאָס דורך צדקה, דורך אַ ברייט האַרץ און אַ ברייטער האַנט, פאַר נויטבאַדערפטיקע און געזעלשאַפטלעכע צוועקן; איינער דערגרייכט כבוד דורך געזעלשאַפטלעכע און ווילטעטיקע אַקטיוויטעטן; איינער באַקומט כבוד דורך תורה און וויסן (פאַרשטענדלעך — ביי די מענטשן וואָס פאַרשטייען דעם ווערט פון תורה. די חשיבות פון אַ תלמיד חכם און דעם אָפּשאַץ פון כבוד התורה.) איינער פאַרדינט כבוד דורך מוסר נפש זיין זיך פאַרן פאָלק און פאַר פאָלקס אינטערעסן; אַנדערע — דורך דערפינדונגען, אָדער טאַלאַנט; און נאָך אַזוי ווייטער.

דאָס זענען אַלץ וועגן — גלייכע, נאַטירלעכע און אָנשטענדיקע.

עס זענען אָבער אויך פאַראַן וועגן קרומע, דורך וועלכע מען רייסט זיך צו דערגריין אַ כבוד. אַ סך זענען זיי פאַראַן, אָבער דער קרימסטער וועג איז, ווען מ׳וויל זיך אויפהייבן דורך דעם וואָס מען דערנידעריקט יענעם. אַזוי מיינען זיי, אַז אויב מען וועט יענעם אַראָפּנידערן, באַליידיקן, מבזה מאַכן און באַשמוצן, וועלן זיי דורך דעם זיך שטעלן אויף אַן העכערער מדרגה, ממילא וועט זיי קומען דער געהעריקער כבוד, נאָך וועלכן זיי לעכצן אַזוי שטאַרק. זיי וועלן זיך צוליב דעם נישט אָפּשטעלן מבזה צו מאַכן אַפילו אַזעלכן וואָס איז אַן אָנגעזעענער אָנערקענטער תלמיד חכם און אַפילו נישט

ווען דער דאָזיקער תלמיד חכם איז שוין נישטאָ צווישן די לעבעדיקע. און אפשר טאַקע נאָר דערפאַר, וואָרן זיי ווייסן גוט, פון דער פראַקטיק שוין, אַז אָנהייבן זיך מיט לעבעדיקע דערשלאָגט מען זיך צו גרויסע צרות . . .

פאַר אָט די דאָזיקע לייט דאַרף מען אַרויסברענגען עטלעכע שטעלן וואָס אונדזערע חכמים זאָגן וועגן זיי:

1) „המתכבד בקלון חברו אין לו חלק לעולם הבא" — ווער עס דערהייבט זיך דורך יענעמס שאַנד, דער האָט נישט צו דערוואַרטן אַ בכבודיקע צוקונפט.

2) „תלמיד חכם שסרח אין מבזין אותו בפרהסיא" — אַ תלמיד חכם אַפילו ווען ער האָט געגרייזט טאָר מען אים נישט פאַרשעמען עפנטלעך.

3) ר' יהודה זאָגט אין רב'ס נאָמען „המבזה תלמיד חכם אין רפואה למכתו" — ווער ס'איז מבזה אַ תלמיד חכם איז שוין נישט פאַראַן קיין היילונג צו זיין קרענק.

4) ר' יהודה זאָגט: „לא חרבה ירושלים אלא בשביל שבזו בה תלמידי חכמים" — ירושלים איז חרוב געוואָרן ווייל מען האָט מבזה געווען תלמידי חכמים.

5) בן זומא זאָגט: „איזהו מכובד המכבד את הבריות" — ווער קען דערוואַרטן כבוד, דער וואָס גיט יענעם אָפּ כבוד.

6) די תלמידים האָבן געפרעגט זייער רבין, נהוניא בן הקנה, מיט וואָס האָסטו זוכה געווען צו אַזאַ טיפער עלטער, האָט ער געענט־פערט: ‚מימי לא נתכבדתי בקלון חברי" — אין מיין לעבן האָב איך נישט געוואָלט דערגרייכן צו כבוד דורך דעם וואָס איך וועל יענעם דערנידעריקן.

7) דער רמב"ם אין הלכות דעות. פרק ז' זאָגט, אַז די מיאוסטע מדה און דער געמיינסטער פאַרברעך איז ווען איינער דערציילט פון יענעמס שאַנד, אַפילו ווען ער זאָגט אמת.

8) „גולל אבן אליו תשוב" (משלי כ"ו) דער שטיין פאַלט צוריק אויפן וואַרפער.

צום סוף וויל איך ברענגען די ווערטער (להבדיל אלף הבדלות) פון יעזוס קריסטוס: „ווער עס איז ריין פון געמיינהייט דער זאָל וואַרפן אויף מיר דעם ערשטן שטיין"...

# קאַליע געמאַכט אַ געשעפט

עס איז מיר אנומעלטן אויסגעקומען בייצווזיין ביי אַ פאַרהאַנדלונג, צווישן צוויי יידן סוחרים, וועגן אַ שפּאָגל-נייע, אולטרא-מאָדערנע ביזנעס.

כ׳בין אַריין צו אַ באַקאַנטן סוחר מאַנען אַ חוב. טרעף איך דאָרטן נאָך אַ יידן, מיינעם אַ באַקאַנטן. ווי די צוויי האָבן מיך דערזען זיינען זיי אויפגעשפּרונגען פון פרייד און מיך מקבל פנים געווען, ווי משיח זאָל זיי האָבן אַנטקעגן געקומען. און ביידע מיט איין מאָל האָבן אין עקסטאַז אויסגערופן:

— גאָט אַליין האָט אייך איצט געבראַכט אַהער, ר׳ מאיר, און פונקט אין אַ געוואונטשענעם מאָמענט האָט איר צו אונדז אַריינגע-טראָפן. מיר דאַרפן אייך זייער נייטיק האָבן. מיר ווילן זען וואָס איר וועט זאָגן. מיר אַליין קענען נישט דורכקומען צווישן זיך. מיר מוזן האָבן אַ דריטן מענטשן, אַ קלוגן מענטשן, ווי איר זענט, וואָס זאָל צווישן אונדז אויסגלייכן די פאַרהאַנדלונג אונדזערע און אונדז זאָגן די גערעכטיקייט.

איך וועל פאַר אייך, מיינע לייענער, איבערגעבן געניו אין וואָס די פאַרהאַנדלונג איז באַשטאַנען. נאָר כדי די זאַך מאַכן קלאָר און דייטלעך וועל איך פאַר אייך אַרויסברענגען דריי פּערזאָנען. איך וועל זיי אָנרופן „דער ערשטער״, „דער צווייטער״ און „איך״.

דער ערשטער (אָנווייַנדיק אויפן צווייטן): — איך וויל ביי אים אָפּקויפן אַ העלפט פון זיין עולם הבא און גיב אים דערפאַר פינף טויזנט פעזעס.

איך: — וואָס איז, אַזאַ גוט אַרטיקל איז עס? מען קען דערביי מאַכן געשעפט און עפּעס פאַרדינען?

דער ערשטער: — לאָזט אָפּ מיט אייער איראָניע. איך מיין עס גאַנץ ערנסט. איך זוך צו קויפן עולם הבא.

איך: — וואָס איז, ווינציק איז אייך די איבערגעפּרעסענע עולם הזה, מיט וועלכער איר זענט אָנגעשטאָפּט, דאַרפט איר נאָך האָבן עולם הבא און נאָך זוכן אָפּקויפן פרעמדע חלקים?!

דער ערשטער: — אוודאי איז מיר ווינציק. וואָס איז, איך וועל אייביק לעבן? מיינע עלטערן און אַלע מיינע אייגענע זיינען אומגע־קומען אין פּוילן על קידוש השם. זיי זיינען אַלע אין גן־עדן דאָרטן, ווי קדושים וטהורים, אויף גאָר אַ דערהויבענעם פּלאַץ; איבער הונ־דערט און צוואַנציק יאָר וועל איך אפילו נישט קענען צוקומען צו זייער מחיצה. געננוג בין איך געווען ביים לעבן דערווייטערט פון זיי, וויל איך כאָטש שפּעטער זיין מיט זיי צוזאַמען. וויל איך דעריבער זיך אָנקויפן אַזוי פיל עולם הבא, אַז איך זאָל זיכער זיין אַז מ׳וועט מיך צולאָזן צו זיי, כדי צו זיין צוזאַמען מיט זיי אין גן־עדן.

דער צווייטער: — דאָס זאָג איך דאָך, אויב דו דאַרפסט עס האָבן, באַצאָל גוטער ברודער; וויל איך נישט ווינציקער ווי פינף און צוואַנ־ציק טויזנט פּעזעס.

איך (צום ערשטן): — איר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגן מיין פריינט, איר מאַכט אַ מקח טעות. איר — אַ ייד אַ באַרימטער סוחר — זאָלט אַזוי שלעכט האַנדלען. איר מיינט דאָך אוודאי אַז איר קויפט ראַיעלע, ווערטפולע סחורה, אָבער זייט ווייסן אַז איר קויפט ביי אים אַ בינטל צעפּוילטע שמאַטעס, ווייל ער האָט אַליין נישט וואָס צו פאַרקויפן. מיר זיינען דאָך היימישע מענטשן. וואָס איז, די מצוות און מעשים טובים וואָס ער פאַרמאָגט, סיידן פון די קאָרטן אפשר. פּונקט ווי איר פאַרמאָגט עס.

דער צווייטער: — פע, נישט שיין פון אייך, ר׳ מאיר, איר מאַכט דאָך מיר קאַליע אַ געשעפט.

איך: — אוודאי מאַך איך קאַליע. איך וויל נישט אַז מיינער אַ פריינט זאָל אַזוי מיאוס אַריינפאַלן. אויב ער דאַרף האָבן עולם הבא איז ער נישט קליין אַליין צו אַרבעטן אויף דעם, וועט ער כאָטש וויסן

וויניקסטנס וואָס ער פאַרמאָגט, אָבער נישט וועלן קומען צום גרייטן זוכן איינצוהאַנדלען ביי אייך דאָס וואָס איר אַליין פאַרמאָגט נישט.

דער ערשטער: — עס שטייט דאָך „כל ישראל יש להם חלק" יעדער ייד האָט אַ חלק עולם הבא, ווייל איך ביי אים אָפּקויפן אַ העלפט פון זיין חלק. וויפל עס זאָל מיר נישט אָנקומען האָט עס ביי מיר אַ ווערט.

איך (צוביידע): — פאָלגט מיר, יידן, מאַכט אייך נישט... מיין איך לעקישעוואַטע. עס פאַסט אייך ביידע נישט צום פנים. כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך גלויב נישט אין אַ לעבן נאָכן טויט. איך גלויב נישט אין עולם הבא אויף יענער וועלט. איך גלויב אין עולם הבא אויף דער וועלט.

דער ערשטער: — אויב אַזוי, ווי איר זאָגט, צו וואָס זשע לוינט צו זיין אַ ייד?

איך: — איר זענט דען אַ ייד צי עס לוינט יאָ, אָדער נישט? איר זענט אַ ייד ווייל איר מוזט זיין אַ ייד, צי איר ווילט צי איר ווילט נישט. אָבער אַ באַוואוסטזיניקער יידישער מענטש איז אַ ייד ווייל עס איז אַ שטאָלץ צו זיין אַ ייד. ווער עס איז זיכער אין זיין אמת, איז שטאָלץ מיט דעם. וויפל האָבן עס מענטשן געקעמפט פאַר זייער איבערצייגטן אמת, אַפילו ווען מ'האָט זיי גערודפט און געפּייניקט. זיי האָבן מקריב געווען זייער לעבן פאַר זייער אמת און זיי האָבן גאַרנישט געוואָרט אַז מ'זאָל זיי ערגעץ אָפּצאָלן מיט עולם הבא נאָכן טויט. דאָס זעלביקע איז אויך אַ ייד צו זיין.

דער צווייטער: — איך זע נישט איין, אַז צוליב דעם אַליין, ווי איר זאָגט, צוליבן אמת, זאָל זיך לוינען אַזוי פיל צו ליידן אַלס ייד.

איך: — זאָגט מיר נאָר, איך בעט אייך, וואָס ליידט איר עס אַזוי אַלס ייד? איז עס אייך אין אייער פּאַלאַץ חלילה אומבאַקוועם? איז אייך חלילה אין אייער קאַטש אומבאַקוועם? פילט איר זיך, באַהיט גאָט, אין אייערע דאַטשע־פּלעצער עפּעס געקוועלט? איז אייך חלילה ביים קאָרטן־טיש אַפילו ווען איר פאַרשפּילט, נישט אין אָרדענונג? וואָס איז אייך אַזוי שלעכט אַלס ייד! וואָס רעדט איר פון ליידן. וואָס!

דער ערשטער: — גייט שוין גייט, מיר רעדן צו אייך ערנסט און איר פאָרט אַריין מיט אייערע שטעך־ווערטלעך.

דער צווייטער: — איך האָב אָבער פריער געזאָגט און געוואָרנט, אַז מיט די שרייבער אין די בלעטער איז זיך בעסער נישט אָנצוהויבן. זיי ווילן שטענדיק אַזוי אויסדרייען, אַז זיי זיינען די חכמים און מיר זיינען ווער ווייסט וואָס.

בקיצור הדבר — איך האָב דערנאָך זיך אַרומגעזען, אַז כ׳בין אַ שלימזל אַ סוחר. נישט נאָר האָב איך קאַליע געמאַכט אַ גוט גע־שעפט, נאָר כ׳האָב בידים צעשטערט אַ שפּאָגל־נייע ביזנעס אין מעק־סיקע וואָס האָט ערשט געקענט זיך אַנטוויקלען און איך וואָלט אויך נישט געווען דערלייגט דערצו.

# רײדיאָלאָגיע

רײד, רײד און רײד!

מען האָט געפרעגט, מיט עטלעכע יאָר צוריק, אַ ייִנגל פון אַ יאָר אַכט; אַזוי ווי מ׳זאָגט, אַז רעדן איז זילבער און שווייגן איז גאָלד, איז וואָס זשע וואָלט ער בעסער געוואָלט, רעדן אָדער שווייגן.

האָט דאָס ייִנגל גלייך געענטפערט:

— וויל איך בעסער רעדן.

— ס׳טײַטש פאַרוואָס?

— ווײַל שווייגן קען איך נאָר איין מאָל, אָבער רעדן קען איך דאָך אַ סך מאָל.

איר זאָלט אַפילו ניט וויסן ווער דאָס ייִנגל איז געווען וועט איר אַליין טרעפן אַז דאָס איז געווען אַ ייִדיש ייִנגל . . . וואָס איז היינט שוין קיין עין־הרע אַ גרויסער בחור נאָך בר־מצוה.

לייען איך, אַז עס איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן אַ באַנקעט, דורך דער לייטונג פון דער קאַטוילישער קירכע אין מעקסיקע, פאַר דעם דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס, אַלס דאַנק פאַר דער פרײַנטשאַפט, וואָס די אויסלענדישע רעפּרעזענטאַנטן דאָהי האָבן אַרויסגעוויזן צו מאָנ־סעניאָר מיגעל דאַריאַ מיראַנדאַ, דעם ערצבישאָף פון די קאַטאָליקן אין מעקסיקע. האָט דאָרט, אויפן באַנקעט, גערעדט בלויז איינער, אין נאָמען פון אַלע זײַנע קאָלעגן: דער דעקאַן פון דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס אין מעקסיקע סעוויאַ סאַקאַסאַ, דער אַמבאַסאַדאָר פון ניקאַראַגואַ.

אַזוי איז ביי זיי, ביי די גויים. אָבער וואָס ווייסן זיי פון אַזעלכע זאַכן ? זיי האָבן באַדאַרפט קומען צו אונדזערס אַ באַנקעט וואָלטן זיי געזען, אַז וויפל מענטשן עס זענען פאַראַן אויף דעם באַנקעט מוזן אַלע רעדן; צי מ׳ווייסט וואָס מען רעדט צי ניט דאָס איז ניט וויכטיק; צי די געהאַלטענע דרשות פאַסטן זיך צום ענין צי ניט, דאָס איז ניט וויכטיק, אבי מ׳האָט אַ געלעגנהייט צו ווייזן די רעדנער-קונסט, דאַרף מען דאָס אויסנוצן.

קומט צו אונדז אַ חשובער גאַסט פון אויסלאַנד אָרדנט מען איין אַ פרעסע-קאָנפערענץ, עס איז שוין געוואָרן אַ מין טראַדיציע אַזאַ. איז אָנשטאָט אויסצוהערן דעם גאַסט און פון אים זיך דערוויסן, וואָס איז דער ציל פון זיין קומען צו אונדז, וואָס וויל ער דאָ דערגרייכן און וואָס פאַרלאַנגט ער, אָנשטאָט דעם קומען נאָר אַרויס אַלע פרעסע-מענטשן און סתם אַזוי יידן-גבאים, וואָס נעמען אָן אָנטייל אין דער פרעסע-קאָנפערענץ, קומען אַרויס מיט גאַנצע דרשות וועגן היסטאָריש-פילאָזאָפיש-פּאָליטישע טראַקטאַטן, אַזוי אַז דער גאַסט גייט אַוועק פון אַזאַ פרעסע-קאָנפערענץ מיט אַ פולן בויך מיט תורה, חכמה און וויסנשאַפט. אין תלמוד איז פאַראַן אויף דעם אַן אויסדרוק: „בא ללמד ונמצא למד״ דאָס מיינט — ער איז געקומען יענעם לערנען און ער ווערט גאָר פון אַנדערע אַן אויסגעלערנטער.

צי נעמט ביי וועלכער געלעגנהייט איר ווילט, ביי געזעלשאַפטלעכע שלחות, צי ביי גאַנץ פּריוואַטע פייערונגען, איז אָן רעדעס גייט עס נישט. נו. אַז אויב דער ערשטער, דער צווייטער, דער דריטער רעדט, איז פאַרשטענדלעך אַז אויך דער פערטער, דער פינפטער, דער זעקסטער און אַזוי ווייטער און ווייטער מוזן אויך רעדן. אַפילו חתונות ווערן שוין איינגעאָרדנט מיט רעדעס. עס גייט שוין אַריין אין „מעניו״: פיש, פלייש, קישקע, גילדענע יויך, קאָמפּאָט, משקה און רעדעס. און אַז מען הייבט אָן ביי אונדז צו רעדן, זאָל מען שוין געזונט זיין, פאַרגעסט מען ווען אויפצוהערן.

צי זענט איר אַמאָל געווען ביי אַ פאַרוואַלטונגס זיצונג פון אַן אָרגאַניזאַציע ? די געשעפטלעכע ענינים וואָס דאַרפן באַהאַנדלט ווערן קענען דערליידיקט ווערן אין איין האַלבער שעה, אָבער אַוועקגיין פון דער זיצונג גייט מען אַוועק שוין ווייט נאָך אַ האַלבער

נאַכט. אַלץ צוליב די רעדעס, וואָס פאַרגודען שעהען און שעהען לאַנג.

ווער שמועסט נאָך אויף אַ מאַסן־מיטינג, אָדער אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, דאַמאָלסט ווערן שוין אויסגעפּאַקט די אמתע דרשות. ווער עס האָט נאָר אַ מויל (אפילו אַן אַ מוח) מוז קומען צום וואָרט און מוז אַרויסברעכנגען אַלץ וואָס קומט אים אין מויל אַריין, ווייל ניט יעדן טאָג מאַכט זיך אַזאַ גלענצנדיקע געלעגנהייט צו לאָזן זיך הערן. און ווייל אַזאַ מעגלעכקייט איז אַ שאָד דורכצולאָזן באַמיט מען זיך צו פאַרציען דאָס וואָס לענגער און לענגער, וואָרן ווער ווייסט ווי לאַנג מ׳קען נאָך וואַרטן אויף אַזאַ גינסטיקער מעגלעכ־קייט צו ווייזן פאַר דער וועלט די געהויבענע רעדנער־קונסט; און אַ געלעגנהייט, זאָגט מען, דאַרף מען קענען אויסנוצן . . .

זענען פאַראַן ביי אונדז פאַרשידענע מינים רעדנערס:

איינער — כאָטש ער רעדט לאַנג און געפּליגלט, אָבער מ׳קען אים נאָך פיל־ווייניק פאַרשטיין וואָס ער האָט געמיינט צו זאָגן.

אַ צווייטער — זאָגט דאָס זעלביקע ווי דער ערשטער, אָבער ער קען זיך ניט העלפן. זיין דרשה איז שוין אַ צוגעגרייטע און ער האָט דאָך נישט געקענט וויסן פריער וואָס דער ערשטער וועט רעדן: ווידער זיך צוריקציען פון רעדן איז אַ ביטערער נסיון, ער קען דאָך ניט פאַרלירן אַ שאַנס, אַז די וועלט זאָל אין אים אויסגעפינען אַ „קינסטלער־רעדנער״.

אַ דריטער — איז אַ פּאַטענטירטער רעדנער, דאָס הייסט ער האָט אַ פּאַטענט אויף רעדן נאַרישקייטן און פּלוידערייען, מיט ווער־טער וואָס קלעפּן זיך ניט איינס צום צווייטן.

אַ פערטער — אַ רעדנער וואָס קרענקט ניט פאַר קיין מענטש געדאַכט אויף פּראַזעאָלאָגיע. ער רעדט מיט אַזעלכע שיינע פּראַ־זעס, מיט אַזאַ בלומען־שפּראַך, מיט אַזעלכע הויך־קלינגנדיקע ווער־טער, מיט אַזויפיל באַמבאַסטישער מליצה און מיט אַזוי פיל פּאַטאָס, אַז עס אַליין ווערט מיטגעריסן און פאַרשיכורט פון זיין רעטאָריק אַזוי, אַז ער ווייסט שוין לגמרי ניט וואָס ער רעדט. אַזעלכער הייסט באמת אַ קינסטלער־רעדנער, וואָרן עס איז אַ גרויסע קונסט צו רעדן דריי שעה נאָכאַנאַנד און מער, און גאָרניט זאָגן, ממש גאָרניט...

אַ פּינפּטער — אַ ציטאַט־רעדנער. אַזעלכער פּילט אויס זיין גאַנצע דרשה מיט ציטאַטן, פון גרויסע וועלט־פּערזענלעכקייטן, פון באַרימטע דיכטער, פון באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע פילאָזאָפן, פון גרויסע פּעדאַגאָגן און פון וועלט־פּאָליטיקער. וואָס דער זאָגט אַזוי און יענער זאָגט אַזוי, אָבער וואָס ער אַליין זאָגט קען מען קיינמאָל נישט דערגיין.

אַ זעקסטער — אַ דעמאַגאָגישער רעדנער. אַזעלכער וויל מיט זיין הויכער, קלינגעדיקער שטימע פאַרשרייען זיינע צוהערער מיט אויפגעבלאָזענע שקרים, וואָס ער אַליין ווייסט גוט אַז אין זיינע ווערטער איז נישטאָ קיין איין טראָפּן אמת, אָבער ער מיינט אַז מ׳קען נעמען דעם עולם־גולם אויף זיכער . . .

מיט איינס זענען אָט די אַלע רעדנערס גלייך, וואָס זיי גיסן וואַסער און פאַרנודען דעם עולם. מען האַלט זיי פאַר אַן אָנשיקעניש, רחמנא ליצלן, און מ׳טראַכט ווי אַזוי ווערט מען פון זיי פּטור. ווי אַזוי ווערט מען באַפרייט פון אַזוי פיל רייד, רייד און רייד . . .

אַ טייערן האַרציקן דאַנק די פאָלגנדיקע פריינט, פאַר העלפן מיר ארויסגעבן דאָס בוך:

ד"ר איגנאַסיאָ אָרענשטיין

הערשל און שרה יונגסטער

לעאָן ביאַליק

הערשל גרינשטיין

מאיר קורטשאַנסקי

יעקב ברוסילאָווסקי

עקיבא קלעצעל

בנימין צמח

יעקב פלאַשנער

מאַקס האַס

הערשל גאָלדבאַרד

ברידער געריזאָן

סוני סיגאַל

משה אַלבין

מרים טכאָרניצקי־ווייס (קאַנאַדע)

דער מחבר

## ביכער דערשינען פון מאיר קאָראָנאַ:

„היימישע מענטשן" (דערציילונגען) אין יאָר 1939.

„ציירן" (דערציילונגען) אין יאָר 1943.

„אין שטראָם פון לעבן" (דערציילונגען) אין יאָר 1951.

„פאַרלוירענע וועגן" (ראָמאַן) אין יאָר 1953.

„דער רמב"ם" (באַלייכטונגען וועגן זיין דענקען, זיין לערע און זיין ווירקן) אין יאָר 1955.

„קאַמינאָס פערדידאָס" (ראָמאַן) אין שפּאַניש אין יאָר 1962.

גענעצט און געדרוקט אין דער
דרוקעריי פון **מאַנועל פינטעל**
דר. גאַרסיאַ דיעגאָ 28
מעקסיקע, ד. פ.

